ל. פײַנבערג

# דער געבענטשטער דור

(ראָמאַן אין פערזן וועגן דעם דור,
וואָס האָט געלייגט די יסודות
פון מדינת ישראל)

ערשטער טייל: די טרוימער
צווייטער טייל: די זוכער
דריטער טייל: די שטערער
פערטער טייל: די בויער

אַרויסגעגעבן פון דעם
„ל. פיינבערג יובל־קאָמיטעט"
נויאָרק, 1962

# THE BLESSED GENERATION

(A Novel in Verse)


1319 Sheridan Ave.,
Bronx 56, N. Y.

## ביכער פון ל. פיינבערג:

ערב־שטורעם, 1926.
גרויס שטאָט, 1928.
ליכט און ברויט, 1931.
דוד בלאַנק (ראָמאַן אין פערזן), 1934.
חבר־לעבן, 1938.
אין קיינעמ'ס לאַנד, 1940.
די יורשים פון דער ערד, 1941.
בן־עזאַי אין פרדס, 1948.
יידישע פּאָעזיע (אַנטאָלאָגיע אויף רוסיש), 1947.
רוסישע פּאָעזיע (אַנטאָלאָגיע אויף יידיש), 1950.
יידיש, 1950.
דער פאַר'משפט'ער דור (ראָמאַן אין פערזן), 1954.
גאָט פון צאָרן (היסטאָרישער ראָמאַן), 1957.

איך דריק־אויס מיין האַרציקן דאַנק צו דר. שלמה ביקל, פאָרזיצער, און ש. אַפּטער, סעקרעטאַר פון דעם ל. פיינבערג יובל־קאָמיטעט, ווי אויך צו דער צאָל פריינט, וועלכע האָבן מיט זייערע פאָראויס־ביישטייערונגען מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען. אַ דאַנק אויך פּנחס שטיינוואַקס'ן פאַר סוגעסטירן דעם נאָמען פון בוך.

ל. פיינבערג

Printed in the U. S. A.
by
KNIGHT PRINTING CORP., 382 LAFAYETTE STREET,
NEW YORK 3, N. Y.
96

# אינהאַלט:

## אַריינפיר:

אין משך פון די לעצטע אַכציק יאָר זענען אין דער מאַרטער־געשיכטע פון דעם רוסישן יידנטום פאָרגעקומען דריי וויכטיקע עליות, וועלכע זענען געגאַנגען פּאַראַלעל: איינע — קיין אַמעריקע, די צווייטע — קיין ארץ־ישראל.

די „ערשטע עליה" איז פאָרגעקומען נאָך די פּאָגראָמען פון יאָר 1881, ווען די גרופּע „עם־עולם" האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע — און דאָ געשאַפן דעם וואונדערלעכן פינף־מיליאָניקן יידישן ישוב, וואָס איז היינט־צו־טאָג דער רוקנביין פון וועלט־יידנטום. און די גרופּע „בילואים" איז דעמאָלט אַוועק קיין ארץ־ישראל און דאָרט אויפגעבויט די ערשטע יידישע קאָלאָניעס, ווי ראשון־לציון, פּתח־תקוה, חדרה, און רחובות.

די „צווייטע עליה" איז פאָרגעקומען נאָך די פּאָגראָמען פון 1905, ווען גרויסע מאַסן רוסישע יידן זענען פון איין זייט געלאָפן קיין אַמעריקע און אַ צווייטע מאַסע רוסישע יידן האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישראל און דאָרט געגרינדעט די ערשטע יידישע קיבוצים און מושבים.

די „דריטע עליה" איז פאָרגעקומען נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1917 און נאָך די פּאָגראָמען אויף אוקראַינע אין 1918—1919, ווען גרויסע מאַסן רוסישע יידן האָבן ווידער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און פיל רוסישע יידן האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, וואָס איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אונטערן בריטישן מאַנדאַט, און די דאָזיקע יידן פון דער „דריטער עליה" האָבן עס פאַרפלאַנצט דעם וויסטן „עמק".

* * *

אין אַ קאַלטן, כמורנעם, ווינטערדיקן טאָג, ה' כסלו, התר"פ, איז פון אָדעסער האַפן, וואָס איז דעמאָלט געווען אונטער דער ציטוויייליקער ממשלה פון דעם ווייס־גוואַר־דייאישן גענעראַל דעניקין, אָפּגעשוואומען קיין ארץ־ישראל די שיף „רוסלאַן" מיט יידן פון כל פּינות רוסלאַנד.

דריי וואָכן האָט געדויערט די נסיעה פון דער שיף „רוסלאַן" ביז זי האָט געלאַנדעט אין יפו כ"ה כסלו (דעם דריטן טאָג חנוכה), התר"פ.

צווישן די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף „רוסלאַן" זענען געווען: ד"ר יוסף קלויזנער, די העברעאישע דיכטערין רחל בלאָושטיין, ע"ה, די שריפטשטעלערין זינאַ ראַבי־נאָוויטש און דער מחבר פון דעם ראָמאַן, דעמאָלט אַ יונגער רוסישער דיכטער לעאָניד גרעבניאָוו (פיינבערג).

דער ראָמאַן „דער געבענטשטער דור", וואָס איך ברענג דאָ פאַר די לייענער, איז אַזוי אַרום די עפּאָפּייע, וואָס שילדערט דעם גאַנג פון דער יידישער יוגנט אין רוסלאַנד פאַר און נאָך דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געפירט פון אַנטוישונג אין פרעמדע געטער — צו דער נאַציאָנאַלער און פערזענלעכער גאולה אין ארץ-ישראל. דער ראָמאַן איז אַ פּנקס פון אַ דור יידן, וואָס האָט מיט בלוט און שוויים אויפגעבויט און פאַרפלאַנצט דעם עמק און צוגע־גרייט דעם אויפקום פון מדינת-ישראל.

ל. פיינבערג

---

פּערזאָנען:

ליוליק אַדלער (יוליאַן אָרלאָוו) — אַ דיקטער. אין ארץ-ישראל ענדערט זיין נאָמען אויף יואל נשר.

ראַיאַ בליקער, שפּעטער די באַלערינע מאַדאַם ד'אָרמעט.

יאַנקאָ ציגאַן (יאַנקל פּאַסטערנאַק) — אַ יידיש יינגל, וועמען ציגיינער האָבן צוגע'גנב'עט פון אַ יידיש הויז, שפּעטער — אַ העלד אין ארץ-ישראל.

דינה פּאַסטערנאַק — יאַנקאָ'ס שוועסטער-קינד.

גוניאַ — אַ ציגיינערין, יאַנקאָס ערשטע ווייב.

פּעטער איציק (איסאַק אַבראַמאָוויטש שאַפּיראָ) — אַ רייכער מילך-הענדלער אין אָדעס.

יאָסל טאָקער — אַ פּועל-ציון פון פּראָסקוראָוו, שפּע־טער יוסף חרט (יאָסעף כאַראַט), אַ פירער אין קיבוץ „אוריה".

בליומע — יאָסל'ס ווייב.

ליאָווקאַ פייער — אַן אָדעסער „נאַליאָטשיק" (רוי־בער), אַדיוטאַנט פון „מישקאַ יאַפּאָנטשיק".

מאַניאַ — זיין ווייב.

גאַליצין — דער הויפּט פון בילדונג-וועזן אין אָדעס, אַ פּאַגראָמשטשיק.

פּיוסי שמאַטעלייניק — אַ ייד פון פּילשטין.

מאַכאַרקין (מאַרק אילאַיטש) — אַ מוזיקער.

שמעון ניר — ערשטער פירער פון קיבוץ „אוריה".

נחשון — אַ תימנ'ער, מיטגליד פון קיבוץ „אוריה".

מיסטער סיבעל — אַן אַמעריקאַנער מיליאָנער, וואָס האַלט-אויס ראַיאַ'ס באַלעט-טעאַטער אין פּאַריז.

יעווגעניאַ גאַגארינאַ (זשאַנעט) — געוועזענע רוסישע פירשטין,

שאַרמעי פואַד — אַן אַראַבישע מאַלערין.

## דער געבענטשטער דור

אַ לויב דעם דור פון מי און וואונדער,
וואָס די השגחה האָט געבענטשט:
ער זאָל אין אייזערנעם יאָרהונדערט
פאַרהיטן ווערדע פון דעם מענטש.

פון אַלע תפוצות אַלע גבולן,
פון בייזער, שיקלדיקער וואָר.
דורך זינד און תשובה — צו גאולה
געקומען איז „געבענטשטער דור".

מיט קעפּ דערהויבן צו די הימלען
מיט פיס, פאַרוואָרצלט אין דער ערד,
ער האָט מיט טרוים פון אָדלער־פליגלען
געהאַקט טראַסן אין די בערג.

געטריקנט זומפּן מיט געזאַנגען,
פון שטיין אַרויסגעהאַקט אַ קוואַל,
געקעמפט מיט עקדישן און שלאַנגען,
אין וויסט פאַרטריבן דעם שאַקאַל.

געוואוינט אין ביידלעך און באַראַקן,
געשניטן זאַנגען מיט אַ ליד:
ווי שווער געווען איז דער צעאַקער,
נאָר זיס, ווי האָניק, איז דער שניט!

פון קנעכשאַפט לעצטער דור אין גלות,
פון אויסלייזונג דער ערשטער דור:
די וואָר פאַרוואַנדלט האָט אין חלום,
פאַרוואַנדלט חלום האָט אין וואָר.

אַ לויב די בויער פון דעם לעבן,
צו דעם „געבענטשטן דור" אַ לויב:
דורך טייכן בלוט און שווייס און שוועבל
האָט ער פאַר׳עקשנ׳ט זיך: איך גלויב!

און אויסגעקריצט די עלפטע דיברה:
׳האָב ליב דיין לאַנד, ווי זיך אַליין!׳
און העכער נאָך: ׳דיין לאַנד האָב ליבער,
ווי ליבסט דאָס אייגענע געביין!׳

זאָל זיין געבענטשט יצירה־כוח,
דער גייסט דער יידישער, וואָס בויט:
מיט ליד, מיט טראַקטאָר און מיט מוח
אַן אייגן לאַנד — דורך פּיין און פרייד!

# א. ליוליק און ראַיאַ

## 1. בלעטער פון זכרון

מישט-אויף זיך, בלעטער פון זכרון,
און שטעלט-אַוועק זיך אין אַ ריי.
אַ, יוגנט-יאָרן, פרילינג-יאָרן.
ווי טירקל-טויבן, רוישט-פאַרביי.
אַ, טעג פון אויפשטאַנד און פון וואונדער,
אַ, נעכט פון טרוימען און ווילקיר,
ווען אונדזער גרויזאַמער יאָרהונדערט
האָט האַסטיק אָנגעקלאַפּט אָן טיר.

אין יונגן מוח ווירבלט תוהו,
דער סוד פון ליד אין האַרצן וואַכט.
זיין לעבן — אין אַ טאָג-בוך בלויען
פאַרשרייבט אַ יינגל יעדע נאַכט.
אין וואַכער, קינדישער נשמה —
אַ וואָרט — אַ גוואַלד-רים: ק י ש י נ י אָ ו ו .
באַסיאַקעס בושעווען מיט לאַמען —
און טעג — אָן רו, און נעכט — אָן שלאָף.

מיט טראַמפּ פון אייזערנע געשפּאַנען
אויף קעפּ פון זעלנער און רעקרוט
האָט דורכגעקלונגען קריג יאַפּאַנער
מיט רוף צו פרייהייט און צו בלוט.
ווי ראָבן — אויף פאַרוויינטע הימלען,
די נייעס קראַקן דורך צענזור:
— „די שלאַכט פאַרלוירן ביי צוסימאַ!" — 1)
— „געפאַלן איז שוין פּאָרט-אַרטור!" — 2)

מיט בלוט — אויף שניי, מיט האַס — ווי פינע,
דערפירט האָט ס'פּאָטערל גאַפּאָן 3)
צו אויפשטאַנד-טעג פון „ניינצן-פינעף",
מיט זאַלפּ פון צאַרישן באַלקאָן.
אַ, טעג פון אויפשטאַנד און פון וואונדער,
אַ, נעכט פון שנאה'שאַפט און מאָרד,
פון נייעס, צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
איז ל י ו ל י ק עלטער מיט פינף יאָר.

---

1־2) אין צוסימאַ און פּאָרט־אַרטור זענען פאָרגעקומען די צוויי גרעסטע ים־שלאַכטן אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג. 3) דער גלח, וואָס האָט אין יאַנואַר, 1905, געפירט די רוסישע אַרבעטער צום פּאַלאַץ פון צאַר אין פּעטערבורג, פון וואַנען מען האָט אויף זיי געשאָסן.

## 2. ליוליק אַדלער

אין קיעוו שמעקט מיט בעז און שנאה.
אויף ליפּן — פלוך, אין אויגן — מאָרד.
מיט ראַשע טריט שפּאַנט „ניינצן־פינעף".
ס'איז ליוליק אַדלער אַלט צען יאָר.
אַיינגל ליוליק איז אַ ספּריטנער,
צו אַלץ פאַרמאָגט אַ גוטן קאָפּ.
און ווינטער, ווען עס קומט צו שליטלען,
ר'יאָגט אַלעם איבער אין גאַלאָפּ.

ס'איז ליוליק'ס שלשלת־היוחסין —
געוועב פון ריינעם ליין און זייד.
ער שטאַמט פון יוסטע זיידעס: מוכסים,
תקיפים און פאָרנעמע לייט.
זיין טאַטנ'ס פאָטער — מרדכי אַדלער
געוועזן איז פרנס אין בענדער,
אַ איד — אַן איינרייסער, אַ גדלן,
געהאַנדלט גרוים מיט מיליטער.

ר' מרדכי'ס זון, דער יונגער ברוך,
איז שוין אַרוים לתרבות־רעה,
כאָטש פול געוועזן ז'ער, ווי אַ וואָרעך,
מיט תורה, פּוסקים און מהרש"א.
געוועזן אַן עילוי און אַ מוסמך,
געקלונגען האָט מיט אים בענדער,
נאָר ס'האָט פאַרלאָקט אים די חברותאָ,
וואָס ווילן קעמפן מיטן טערק,
ער איז מיט טאַטנ'ס קעסט נישט מסכים,
און אויך נישט מיט זיין פרומען וועג.
איז ברוכ'ל, דער יונגער משכיל,
קיין קיעוו לערנען דאַן אַוועק.

* * *

געטרוימט דעם טאַטנ'ס רייכע נחלה
אַמאָל אוועקגעבן צום כלל.
ביז ר'האָט באַשלאָסן: מ'דאַרף אַ תכלית,
געגומען דרוקן אַ זשורנאַל.
און דאָ באַגעגנט האָט ער פרומע'ן,
אַ מיידל — שיין, נאָר פרימיטיוו:
אַהער פאַרפלויגן פון „שוואַרץ־טומאה"
אויף קורסן לערנען זיך אין קיעוו.

פון מאַמע'ס צד איז ליוליק'ס יחוס
נישט קיין געהויבענער — פאַרקערט:
דער זיידע פרומע'ס — זיינוול מיכל'ס
געהאַנדלט האָט מיט פעל און פערד.
דער טאַטע אירער אין „שוואַרץ־טומאה"
ז'געווען אַ מעקלער ביי דער באַן.
נאָר נישט געהאַט קיין גרויסע תקומה,
געווען אַ ווייסטער אָרעמאַן.
זיין ייִנגל איציק — צו אַ קרוב
געלאָזט זיך לאַנג שוין קיין אָדעס —
און ער איז דאָרטן רייך געוואָרן,
געהאַט אַ „סקלאַד" פון מילך און קעז.
האָט ער קיין קיעוו די איינגסטע שוועסטער
אויף קורסן לערנען זיך געשיקט —
האָט זי — אויף צווייטן שוין סעמעסטער
מיט אַדלער'ן געפונען גליק.

## 3. מאַיאָווע טעג

אָ, קיעוו — שיינע בת־יחידה
פון אַ קאַלדון — אַ בייזן כאַן,
מיט שלאַנקע, לאַקנדיקע גלידער,
מיט שטאַלטנעם, וויגנדיקן שפּאַן!
וואו ס'האָט דער פרומער פירשט וולאַדימיר
מיט געסט געהוליעט פון ביזאַנץ,
„קרעשטשאַטיק" רוישט אין גרינעם גלימער,
באַזוימט מיט בלויען לאָמפּן־קראַנץ.
עס וואַשט דער אַלטער זיידע דניעפּער
די גרינע ברעגן טיף אין טאָל,
און ס'זינגט דער באַנדאַר און דער טעפּער
אין קויט פון אָרעמען „פּאָדאָל".

פאַר ליוליק אַדלער טעג מאַיאָווע
מיט האָניק טריפן און מיט גאָלד.
אין די פאַרנאַכטן בלוי־לילאָווע
די ייִנגלעך שפּילן אין „פוטבאָל".
ביי האַלב־צעעפנטע גאַרדינען
ער שטייט — דאָס האַרץ איז גרייט צום שפּרונג.
ער קוקט אויף זיי מיט הייסער קנאה —
די מאַמע זאָגט: ער איז צו־יונג.

אַ רבי'ן האָט באַשטעלט די מאַמע
פאַר ל י ו ל י ק ' ן — אַן אַלטן ייד.
און ס'קנעלט מיט יינגל דער מלמד:
אַ לעק תנ"ך, — אַ שמעק עברית.
די מאַמע קוועלט. עס שוויַיגט דער טאַטע,
ער איז פאַרנומען מיט זשורנאַל.
און ל י ו ל י ק ' ס הערצל צאַפּלט, פלאַטערט
פון יעדן ביבלישן געשטאַלט:
מיט אַ ב ר מ ' ן ער שמעטערט געצן,
מיט י ע ק ב ' ן באַזיגט ער גאָט,
מיט מ ש ה ' ן קריצט ער די געזעצן
אויף לוחות שטיינערנע — א ח ד.

### 4. פּ אַ ג ר אָ ם ־ ט ע ג

עס פלאַקערן, ווי משה'ס דאָרן,
ווי שייטערס סטעפּישע אין ווינט,
אין וואַכן קינדערשן זכרון
אָקטאָבער־טעג פון „נײַנצן־פינף":
דער עולם פרייט זיך מיט „סוואָבאָדאַ",
קאַרמינע פאָנען אויף באַלקאָן,
אין שטיבער צוגעמאַכט די לאָדנס —
עס שאָקלט זיך דעם קיסר'ס טראָן.

אין טונקלע הייף ביים הינטער־טויער
מע זאַמלט אָפּן ביקס און לאָם:
עס גרייט זיך טיכטיק „שוואַרצע מאה"
די פרייד דערשטיקן אין פּאָגראָם.
און אונטער קלאַנגען פון „האַרמאָשקע"
צערעוועט זיך אַ שיכור קול:
— „אַ טויט די לייבקעס און די מאָשקעס!
זאָל לעבן ס'פּראַוואָסלאַווּנע פאָלק!
עס גלוסט „סוואָבאָדאַ" זיך די זשידעס,
באַוואַשט זיי מיט דער רויטער יויך!" —
און ס'זינקען ווילעס, לאָמען, רידלען
אין יידישן, אין ווייכן בויך.
אויף גאַסן וואַלגערן זיך מתים.
עס שמעקט מיט מאַרליע און מיט יאָד.
אין הייפן — יידן אין טליתים
זיך קלאָגן צו אַ טויבן גאָט.
און ל י ו ל י ק זעט: דורך בלויע שויבן
די פאָנען פליעסקען, ווי די טויבן.

## 5. רעאַקציע

ס'האָט אָפּגעפּלאַקערט „נייַנצן-פינעף" —
אין אָסיען-ווינט — אַ סטערטע שטרוי:
מיט בלוט, פּאָגראָמען און מיט שנאָה,
מיט טויט, נאַגאַיקע און קאַסטראַי.
עס רוישן אַלץ נאָך „זאַבאַסטאָווקעס",
נישט איינגעשטילט ז'נאָך דער רעבעל,
נאָר ס'לעשן צאַרישע ווינטאָווקעס
דעם חלום פון דער נייער וועלט.
ווי שלענג, די „שוואַרצע מאָה" שיפּעט,
אויף גאַסן שאַלטעוועט זשאַנדאַר —
און דורך רעפּאָרמען זוכט סטאָליפּין
דעם טראָן צו ראַטעווען פון צאַר.

דאָס לאַנד אין ברויז. מע קלייבט די „דומאַ".
דעם טרוים צעשלאָגן האָט די וואָר.
ס'וואַוינט ליוליק אין אַ הויף מיט בלומען
ביי דעם „וולאַדימירסקי סאָבאָר".
עס פלייצט, עס בושעוועט רעאַקציע,
ווי אַ מגיפה, איבער שטעט.
אין קליינער, קרעמפּיקער רעדאַקציע
דער טאַטע האָרעוועט ביז שפּעט.
און יעדן טאָג — אויף וואונק אויף בייזן
פון אויפגעברויזטן פּעטערבורג —
די שריפט דערשיינט מיט ווייסע בלויזן,
אַרויסגעשניטן פון צענזור.
דער טאַטע קומט אַהיים פּאַרמאַטערט
און שלאָפט-אָפּ ביז אַ האַלבן טאָג —
און ס'וועקט זיך רוף צו הייסע טאַטן
אין יינגל-האַרץ — אַ שטורעם-גלאָק.

## 6. אין גימנאַזיע

אין שול אויף „גאָלע פינף" ער לערנט.
ס'איז ליוליק אַלט שוין פופצן יאָר.
ער האָט אַ הויך-געקאַרבטן שטערן
און ברוינע, קוטשעראַווע האָר.
פון יינגל-פרייד אין אים זיך פורעמט
דער מאַנצביל — שעמעוודיק, וויריל:
מיט האַרץ — אַ יונג-פויגל אין שטורעם,
מיט מוח, אויסגערעכנט, קיל.

אַ וועג צו׳ר וועלט פון לויטער יום־טוב
דורך לידער דורכברעכן ער זוכט,
נאָר אָפּט דאָס יונגע האַרץ זיך פּלאָנטערט
אין מוראָ׳דיקן ווידערשפּרוך:
דער חלום העלט — אַ ליכט אין רוימען,
אין גרין און רויט — אַ סעמאַפאָר,
נאָר ס׳זינקען נישט־דערפילטע טרוימען
אין גרויע זומפּן פון דער וואָר.
ריעבעלן שמאַכטן הינטער קראַטעס.
און מיטאַמאָל — דורך גרויל און פרייד:
עס האָט אין קיעווער טעאַטער
באַגראָוו סטאָליפּינ׳ען געטייט.
עס פּלייצט, עס בושעוועט רעאַקציע
מיט שרעק, אַרעסטן און מיט מאָרד.
ס׳האָט מאַכט געשלאָסן די רעדאַקציע,
אַוועק ז׳דער טאַטע קיין נויאָרק.
די וואָכן מיט די צייגער קריצן,
אין הערצער אייטערט ווילדע שרעק.
איז פרומע צו איר ברודער איציק
מיט יינגל קיין אָדעם אַוועק.

## 7. ערשטער וואַנדער

געענדיקט ליוליק די גימנאַזיע —
און איצט — וואו טוט מען זיך אַהין?
מ׳עט דאַרפן פאָרן פּרואוון ס׳מזל
אין היידעלסבערג, צי אין בערלין.
אין רוסלאַנד הערשט „נומערוס קלאָזוס״.
די יוגנט — ווי אין הינערפּלעט.
קאַסאָ וויל יידן נישט דערלאָזן
אויף שוועל פון אוניווערסיטעט.
פאַרפּאַקט האָט ליוליק קליינעם קלומעק,
אַוועק צום זיידן קיין בענדער,
דאָרט טויזנט ר״ך ביי אים באַקומען —
און זיך געלאָזט קיין היידעלסבערג.
נאָר אין בערלין האָט ער געטראָפן
אין עמיגראַנטישן האָטעל
אַ גרופּע אידישע נרדפים,
וואָס פאָרן אין דער „נייער וועלט״.
האָט ער דער גרופּע אָנגעבאָטן
אים מיטצונעמען אויף דער שיף.
(צו זען זיך ווידער מיטן פאָטער
געווען ביי אים די תשוקה טיף).

באַגעגנט אים מיט הענט שערשאַווע
האָט, ווי אַ שטיפמוטער, נויאָרק:
אין שאַפּ געפּראַצעוועט, געהאַוועט —
און קוים אַנטרונען נאָך אַ יאָר.
באַזוכט דעם טאַטן אין שיקאַגאָ —
און זיך אַנטווישט אין „אָנקל סעם".
אַ יאָר — אַ פינצטערער בראָדיאַגע —
אַרומגעשלעפּט זיך אין דער פרעמד.
עס פייערט גיריקע אייראָפּע
דעם אויסגאַנג פון באַלקאַנען־קריג:
אין רעסטאָראַנען פליען פּראָפּנס,
עס וואָיען פליטן, ס'וויינט דער סמיק.
נאָך טעג פון ביטערניש און וואַנדער,
נאָך נישט־געלונגענעם פּאַרמעסט,
אַ קראַנקער, ל י ו ל י ק האָט געלאַנדעט
אין פּאָרט פון ליכטיקער אָ ד ע ס.

## 8. ר אַ י אַ ב ל י ק ע ר

אָ, אָסיען־טעג פון ניינצן־דרייצן!
ס'איז ל י ו ל י ק צ'ריק שוין פון נויאָרק:
אַ האַלבע וועלט שוין דורכגעקרייציקט,
און אומעטום — דיזעלבע וואָר.
די מאַמע וואוינט אין נייער דירה,
ביים אַלעקסאַנדראָווסקי פּראָספּעקט.
און צווישן לאַנגוויל און יצירה
זוכט ל י ו ל י ק זיך אַ נייעם וועג.
אין ברוינעם אויגן־גלי, אין פיבער
עס רייפט אין אים אין דער איבערברוך:
אין האַרצן וועקט זיך ערשטע ליבע,
אויף ליפּן — ערשטער לידער־פוך.
אין זעלבן הויף וואוינט ר אַ י אַ ב ל י ק ע ר,
אַ מיידל — צאַרט, ווי פּושקינ'ס יאַמב:
מיט צעפּ, מיט גאָלדענע און דיקע,
מיט בלויע אויגן, ווי דער ים.
איר פאָטער שטאַמט פון גרויסן יחוס,
אַ שיינער און אַ שטאַלטנער מאַן,
אַמאָל געחלומט שרייבן ביכער,
נאָר איצט איז ער אַ פאַבריקאַנט.
די מאַמע רופט מען „שיינע מאַרטאַ":
זי זיצט ביים פענצטער אָפט פאַרווירט —
און באַרנעם שיילט מיט פינגער צאַרטע,
ווי סקריאַבין שפּילט אויפן קלאַוויר.

דער טאַטע ר אַ י אַ ׳ ן רופט „פסיכייע״ 1)
די מאַמע רעדט מיט איר פראַנצויז.
אויף העלדזל טראָגט זי אַ קמיע:
אַ האַרץ, אַ רינגל און אַ רויז.
ס׳טרעפט ל י ו ל י ק זי אין אָוונט יוליער
מיט קאָפּ — פאַר׳שיכור׳ט, ווי פון בראַי.
זי פרעגט אים: — „קאַק דיעלאַ, מאָי ל י ו ל י ק״ — 2)
— „טשודיעסנאָ, ר אַ י נ ק אַ, מאָי ראַי!״ — 3)
איר שטים — אַ קלינגעוודיקע, דינע:
— „גאָרדיטסיאַ מאָזשעש מנאָי, פּאָעט —
יאַ בודו סקאָראָ באַליערינאָי,
יאַ פּריניאַטאַ אוזשיע וו׳באַליעט״. — 4)
ער נעמט זי צערטלעך אונטער אָרעם,
ווי ר׳וואָלט געפירט זי צום קאַדריל.
זיי שפּאַנען ביידע, ווי די שררות,
צו טרינקען סעלצער „ראַם-וואַניל״.
דערנאָך — אין פּאַרכטיקייט און קדושה
מע זיצט אויף „טונקעלער אַליי״:
דער דיכטער וואָגט נאָך נישט צו קושן
זיין אויסדערוויילטע דולציניי.
מע קומט אַהיים, פון נאַכט פאַר׳שיכור׳ט,
מע שטייט נאָך לאַנג-לאַנג אויף די טרעפּ:
פאַרנעפּלט שטאַרן מאַמנע בליקן
און בגילופין זענען קעפּ.

## 9. דער ביילים-פּראָצעס

עס יובלט רוסלאַנד. ס׳רויכן פאַנען.
גלחים פּרעפּלען אין סאָבאָר.
מע פּראַוועט יובל פון ר אָ מ אַ נ אָ ו ו ס,
וואָס הערשן שוין דריי הונדערט יאָר.
דעם רוס איז שלעכט, דעם ייד איז ערגער,
נישטאָ קיין פרייהייט און קיין ברויט:
באַגלייך דער פינצטערער דערוועגער
אַ תליה-קנופּ פאַר ביידן גרייט.
עס צאַנקען וויינשלדיקע שקיעות
אויף רחבות סטעפּישער פון לאַנד.
און בשורות טראָגן זיך פון ק י ע ו ו,
מיט גרויל, מיט אומגליקן און וואַן.

1) געטין פון ליבע, כלה פון ערגאָט׳ן. 2) — „ווי גייט עס, מיין ליוליק?״ —
3) — „וואונדערבאַר, ראַיאַ, מיין גן־עדן!״ — 4) מעגסט מיט מיר שטאָלץ זיין, דיכטער, איך וועל אינגיכן שוין זיין אַ באַלערינע, מען האָט מיך אָנגענומען אין באַלעט־שולע.״ —

עס הילט דאָס לאַנד זיך אין אַבילות,
עס שפּרייט די „שוואַרצע מאָה" סם.
עס ווערט גע'משפּט מענדל בייליס
אויף קלאַגע פון עלילת-דם.
מע האָט אַ קינד אַ טויט געפונען
אויף זאַיצעוו'ס ציגעלנעם זאַוואָד —
און ס'האָט אַ קנאַל-געטאָן אַ דונער:
— „עס איז אַ יידישער קאָמפּלאָט!" —
עס שמעקט מיט מאָרד, פּאָגראָם און תליה —
פון קיעוו ביזקל פּעטערבורג.
און רוסלאַנד שטוינט. פּראָטעסטן פליען
צו ניקאָלאַי — דעם סאַמאָדור.
פּאָעטן, שטאַטסמענער און דענקער
פאַרדאַמען דעם עלילת-דם —
און וואָרענען מיט שטראָף די הענקער,
וואָס שפּרייטן העצע, גאַל און סם.

נאָר אַלץ אומזיסט. ס'האַלט שטשעגלאָוויטאָוו 1)
אין לאַפּעם אייזערנע דעם צאַר.
עס גרייטן זיך אויף יידן שחיטות —
ווער גאָט פאַרמיידן נייעם גזר?
עס וואַרפט די וועלט פאַרגאַפטע בליקן,
מיט האָפנונג אָנגעפילט און ליכט:
אויף די געשוואוירענע מוזשיקעס
אין הויכן קיעווער געריכט.
דאָרט שווערט דאָס גלח'ל פראַנאַיטיס: 2)
— „די יידן נוצן קריסטלעך בלוט!" —
די וואָכן ביטערן, ווי קרייטער,
נאָר ביי סניגורים שטייגט דער מוט.
שמאַקאָוו און ווייפער 3) שיטן פּראָזן,
סיקאָרסקי 4) שיסט מיט פייערווערק, —
נאָר ס'פּעכט זיי אָפּ ראַבינער מאַזע, 5)
זאַרודני, באַרסקי, גרוזענבערג. 6)

פינף וואָכן דויערט דער געראַנגל,
דער מיאוס'טער פלעק אויף יענעם דור —
און ס'האָט באַזיגט די שקר-שלאַנגען
די שווערד פון יושר און פון וואָר.

---

1) צאַרישער מיניסטער. 2) עדות קעגן בייליסן. 3-4) בייליס'עס אָנקלעגער.
5-6) בייליס'עס פאַרטיידיקער.

און מיטאמאָל — אַ קול־מבשר:
— „ס'איז ביילים פריי! ס'איז ב י י ל י ם  פ ר י י!" —
מע האַלדזט, מע קושט זיך אין די גאַסן,
אין הייף, אין הייזער, אין טראַמוואַי.
פון פרייד, ווי ווייַן, די הערצער שיכור:
געראַטעוועט פון שפּאָט און שאַנד
עס האָבן פשוט'ע מוזשיקעס
דעם כבוד פון דעם מערדער־לאַנד.

## 10. ע ר ש ט ע  ל י ב ע

ס'איז מאַי און פרילינג. ביימער בליען
און וואַרפן שאָטנס אויף די ווענט.
און ר אַ י אַ ' ס אויגן גליען, בריען,
ווי בלויע, רויכיקע סירען.1)
אין זון־ליכט בלענדן די קיאָסקן.
עס טוקט אין בעז זיך יעדער ראָג.
און ל י ו ל י ק קלייבט זיך שוין קיין מאָסקווע
צו לערנען דאָרט אויף פילאָלאָג.
עס שמעקט מיט יאַגאָדעס און פלעווע,
מיט טערפּקע־זיסן גרוך פון מאָן.
עס צירקלען סטאַיעס ווייסע מעוועס
אין בלויער לופט פון לאַנזשעראָן.2)

דער ים — אין גלי, ווי גרינע ליסקעס,
די כוואַליעס רוישן מיט אַ פּליעסק.
עס שפּאַנט מיט איר אַ גימנאַזיסטקע
מיט אויגן רויכיקע, ווי בעז.
איר קערפּער שלאַנק איז, ווי אַ וואַזע,
און בלאָנד, ווי רייפער ווייץ — איר קאָפּ.
זי ענדיקט היינטיקס יאָר גימנאַזיע
פאַר מיידלעך — „זשאַבאָטינסקי־קאָפּ".3)
עס קלינגען־אויף אין לופט אין בלויער,
ווי זילבער־גלעקלעך: — „כ'האָב דיך ליב!" —
ער קושט דאָס לעפל פון איר אויער —
און ליפּ באַגעגענט זיך מיט ליפּ.

ווי בעז, איז זים דער ערשטער צוריר
פון יינגל־פרייד צו מיידל־פרייד,
ווען הערצער טאַנצן, ווי שיכורים —
און ס'ווערן איבעריק די רייד.

---

1) בעז. 2) ים־ברעג ביי אָדעס. 3) פרויען־גימנאַזיע, אויסגעהאַלטן פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי'ס שוועסטער.

דער הימל — שטראַלנדיקער פייער,
די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט בעז.
די מעווועס איבער כוואַליעס שרייען,
ווי פרעמדע, הונגעריקע געסט.
ס'איז מאַי און פרילינג. כוואַליעס פינען
געבענטשט זיי, אויסגעבענקטע שעה:
אַ מיידל אין אַ פּעלערינע
האָט אים געענטפערט צערטלעך: — יאָ!" —

## 11. קריג

עס פלאַקערן, ווי קין, די הערצער.
די וועלט — אין פלאַמיקן צעוויג:
דעם ערשטן אויגוסט ניינצן־פערצן
אין לאַנד האָט אויסגעבראָכן קריג.
אויף גאַסן שפּאַנען עשאַלאָנען
מיט פּויק און פייפל און טרומייט.
פּאַרטאַיעט בלייכט אויף יעדן פּנים
אַ מאַסקע שטאָלענע — דער טויט.
עס זינגען שמוציקע וואַקזאַלן,
די צוגן זינגען איבער סטעפּ,
עס זינגען רעדער איבער שפּאַלן
געזאַנגען פון וויכראַסטע קעפּ.
עס האָבן אויפגעפּראַלט די שליוזן,
מיט בלוט פאַרשוואָנקן גאָר די וועלט.
און סנאָפּעס ווייץ און קוקורוזע
פאַר'יתומ'ט פוילן אויפן פעלד.
ס'האָט קריג אויף דיבעס אויפגעהויבן
דאָס אַלטע מוטערל ראַסיי.
פון שלאַכטפעלד ציען מחנות טויבן
מיט ראַשן, קראַאישן געשריי.
אין „ווינטער-פּאַלאַץ" — גראַזני'ס אייניק,
זיצט דער געקרוינטער סאַמאָדור —
און טרייבט סאָלדאַטן צו דער בוינע
ביי קעניגסבערג און ביי מאַזור.
עס יאָגן זיך צום פראָנט דראַגונער,
הוסאַרן וואַרפן זיך אין שלאַכט —
אין הילצערנע, געפאַרבטע טרונעס
מע ברענגט אַהיים זיי שטיל ביינאַכט.
עס פלאַמען ווײַנשלדיקע שקיעות.
עס שוואַנגערן די נעכט מיט שרעק:
אויף װעלכע אומוועגן, ראַסיאַ,
האָסטו פאַרלוירן גראַדן וועג?

## 12. אַ טיכל פּלאַטערט...

עס פלעמלען שקיעות העל־קאַרמינע,
עס קלעטערט וויינריב אויף די ווענט.
אַ מיידל אין אַ פּעלערינע
באַגלייט קיין מאָסקווע אַ סטודענט.
ס'איז אָנגעפּאַקט וואָקזאַל אַדעסער
מיט גרויע זעלנער, ווי אַ פּאַס.
דער אומעט בליצט, ווי שאַרף פון מעסער,
ווי גרינע שלאַנגען, קריכט דער האַס.
זיי שטייען ביידע אין אַ ווינקל
צעווישן רווישיקן המון:
אויף בלייכע פּנים'ער צעפינקלט
די ליבע שיינט — אַ שטערן־קרוין.
עס לעשט זיך טאָג פון אָנהויב אָסיען
אויף קעגנאיבערדיקער וואַנט.
געוועזן פּאַראיבל און פּאַרדראָסן,
נאָר איצט — בלויז צער און זיסער וואָן.
אין בלויע אויגן טרויער פּלעמלט:
אין בלינדן שטורעם — אַ שטורקאַץ.
זי שפּיליעט־צו אַ כריזאַנטעמע
מיט ציטער־פינגער צו זיין לאַץ.
ווי קוועקזילבער — דורך דינע פינגער,
די רגע'ס רינען — היים און שטום:
— „דו פאַרסט אוועק פון מיר, מיין יינגל,
נעם־מיט מיין ליבע, ווי אַ בלום!" —
— „עס וואַרטן פינצטערע מעת־לעת'ן..." —
— „אָן דיר דאָס לעבן איז ווי ליאַק..." —
— „איך וועל דיך, ליבסטע, נישט פאַרגעסן..." —
און טרערן רינען אויף דער באַק.
זי פּרוּווט דעם אומעט צו פאַרטרייבן,
און ס'פליסן רייד דורך טרערן־טריף:
— „פאַרגעס נישט, ל י ו ל י ק, מיר צו שרייבן
כאָטש יעדע וואָך אַ קורצן בריוו!" —
מיט קאַלטער באַק צו אים זיך טוליעט.
דאָס האַרץ איז אָנגעפילט מיט בליי:
— „כ'וועל וואַרטן דאָ אויף דיר, מיין ל י ו ל י ק!" —
— „איך וועל צוריקקומען, מאַי ראַי!" — 1)
עס רירט דער צוג. אַ רויכל קרייזלט.
און ווי אַ טאַנצנדיקע שוואַן,
צעווישן אָפּגעשטעלטע ווייזערס
אַ טיכל פּלאַטערט אין דער האַנט.

## 13. אַ בריוו פון ראַיאַ'ן

ס'האָט ליוליק ראַיאַ'ס בריוו באַקומען —
און ס'האָט אַ פלייץ געטאָן מיט פרייד:
פון יעדער שורה ווייט מיט אומעט,
פון יעדן אות מיט ליבע ווייט.
אין בריוו — פאַרטריקנטע לעווקאָיען,
געמישט מיט מיידל-אַראָמאַט.
די ווערטער פרישן אָפּ, ווי טויען,
און ס'קאָן דאָס האַרץ נישט ווערן זאַט:

— „דו ביזט אַ חודש ערשט אין מאָסקווע,
און סידוכט זיך מיר — עס איז שוין צען.
איך האָב געביטן די „פּריטשאָסקע“,
דו וואָלסט מיך, ליוליק, נישט דערקענט.
איך אַרבעט פלייסיק, ווי געפאַנגען
פון זיסטן חלום אויף דער ערד.
און גלויב מיר: אָפּשטיין שטונדן לאַנגע
אויף פינגער־שפּיצן איז נישט שווער.
סיאיז אַלץ כדאַי, מיין ליבער ליוליק.
צופרידן איז מאַדאַם קאָלעט.
זי קוקט מיר נאָך דורך די שפּאַקולן:
— ידו ביזט געבוירן פאַר באַלעט!' —
דאָס האַרץ צעריסן ווערט אין שטיקער.
איך צייל די טעג שוין שעה נאָך שעה.
עס בענקט נאָך דיר דיין ראַיאַ בליקער
און קום אַהיים אויף „ראָזשדיעסטוואָ“!" — 2)

## 14. מיידלישע חלומות

אָ מיידליש-גילדענע חלומות —
ווי די „סואיט“ „פּער-גינט“ פון גריג:
צעווישן טרוים און וואָר — תהומות —
אַ צאַרטע, אויסטערלישע בריק.
אין רייכן הויז איז ענג איר, ענג איר:
זי בענקט נאָך ליוליק'ס קוש און גלעט.
די טעג — ווי אָפּבליאַקירטע סטענגעס,
די נעכט — ווי שוואַרצע תאווה-קרעט.
אין ראַיאַ'ס האַרצן ליכטיק נעסטן
צוויי טרוימען — ווי צעבליטער מאָן:
צוויי טרוימען, ווי צוויי נאָנטע שוועסטער,
וואָס זינגען שטיל אין אוניסאָן.

דער ערשטער טרוים — אַ באַלערינע,
איר קאָפּ — אין אַ טיאַראַ־קרוין,
דער צווייטער טרוים — איר גליק געפינען,
מיט ל י ו ל י ק ׳ ן צו׳ר חופּה גיין.
דער טאַטע חלום׳ט וועגן פרייהייט,
די מאַמע חלום׳ט פון פּאַריז.
און צווישן זיי — די קליינע ר אַ י אַ
מיט שלאַנקע, טאַנצנדיקע פיס,
זי חלום׳ט גאָר אַנאַנדער חלום:
ווי אויפצוטרעטן אין באַלעט.
זאָל נאָר געשלאָסן ווערן שלום,
וועט זי פון היגן היגערפלעט —
אַוועק קיין פּעטראָגראַד, צי מאָסקווע,
וואָס ווייטער, ווייטער פון אַדעם —
און דאָרט אַ שיין־טאָן אויף קיאָסקן
איר נאָמען וועט „פּרעמיער־דאַנסעז״.
און ל י ו ל י ק ? מיט זיין ליבע צאַרטער,
ער וועט נישט מיד ווערן צו וואַרטן.

## 15. ד ע ר צ ו ו אַ נ צ י ק ס ט ע ר פ ר י ל י נ ג

ס׳האָט מיט שטורעם דער צוואַנציקסטער פרילינג
איבער קאָפּ פון פּאָעט זיך צעבליט —
און עס האָט זיך אין האַרצן צעצווילינגט
מיט ליבע זיין ברויזנדיק ליד.
אויף ליפּן — די מילך פון לידער,
אין די אויגן — צעפרילינגטער טוי,
נאָר עס שפּילן שוין האַרבסטיקע פידלען

אין האַרצן דעם ניגון פון טויט.
נאַכט נאָך נאַכט אין די מאָסקווער סאַלאָנען
מישט מען לידער מיט ווין און מיט פלירט —
און מיידלישע אויגן מאָנען,
און היים איז דער מינדסטער באַריר.
נאָר עס דרימלט דער טרוים וועגן ר אַ י אַ ׳ ן,
ווי אַ בלויע, צעפלאַטערטע פּאָן,
אויף אַ פעלדזשטיין, אין שקיעה׳שן פייער
אויף פאַרנאַכטיקן „לאַנזשעראָן״.
איז געקומען די צייט פון קאַניקול
מיט פרילינג, מיט מאַי און מיט בעז,
האָט די בענקשאַפט זיין האַרץ פאַר׳שיכור׳ט —
און צו ר אַ י אַ ׳ ן געבראַכט קיין אָדעס.

## 16. אויף קאַניקול

עס יאָגט דער צוג זיך איבער בריקן.
עס שמעקט מיט וויינשל־צוויט און בעז.
ס'פֿאַרט ל י ו ל י ק אַ ד ל ע ר אויף קאַניקול
אַהיים — אין ליכטיקער אָדעס.
פֿאַרביי די פֿענצטער לויפֿןביימער,
פֿאַבריקן, הייזער, פֿערד און פֿי,
ווי שיין אוקראַינע איז, זיין היים־ערד,
אין פֿריען, פֿריליִנגדיקן בלי!
עס ליגן סטעפּעס אונטער שפּראַיען
אין בלויען, טויאיקן קאַיאַר.
די רעדער קלאַפּן: „ראַיאַ!" „ר אַ י אַ!" —
ר'האָט נישט געזען זי באַלד אַ יאָר.
עס לויפֿן וועלדער קוטשעראַווע
מיט ווילדע טשובעס גרינע האָר.
דער צוג פֿאַרביי איז שוין „זאַסטאַווע",
דעם לעצטן, גרינעם סעמאַפֿאָר.
פֿאַרביי געביי פֿון רויטע ציגל,
דורך בליץ פֿון קרייצנדיקן שפּאַל,
עס פֿליט אַריין — אַ שטאָלצער זיגער —
דער צוג אין טונקעלען וואָקזאַל.

עס יאָגן פֿאַר די אויגן רייפֿן.
עס גיט אַ וויג זיך דער וואַגאָן.
עס קלאַפּן העמערלעך אין שלייפֿן:
זיין ר אַ י אַ שטייט אויפֿן פּעראָן.
עס שמעקט מיט מיידל־לייב און האָניק,
מיט צוויט פֿון בעז און גלאַדיאָל:
דער ראָזעווער אָוואַל פֿון פּנים,
באַזוימט מיט בלאָנדע האָר, ווי גאָלד.
די אויגן — בלוי־בלימלעך אין קאָרן.
זי רופֿט־אויס „ל י ו ל י ק!" — אַ געזאַנג,
און בלייבט פֿאַר'חלש'ט אויף זיין אָרעם —
אַ פֿולע, אויסגערייפֿטע זאַנג.

## 17. אַ זומער־נאַכט אויפֿן לאַנזשעראָן

אין שטאָט — אַ היץ, אַ קלעפּיק־נאַסע.
אין אַ רעסאָרנעם פֿאַעטאָן
מיט גאַס זיי פֿאָרן דעריבאַסער
דורך ים מיט צוויט צום לאַנזשעראָן.

זיי זיצן שעה'ן, צוגעטוליעט,
אויף ליימיק־רויטן פעלדז ביז שפעט:
— „איז אמת אַז פונדאַנען, ל י ו ל י ק,
ז'אַראָפּגעשפּרונגען אַ פּאָעט?" —
עס מיניען זיך די האָפּן־ליכטער.
זיין קול איז ציטערדיק און העל:
— „יאָ, אמת. ס'איז אַ יונגער דיכטער
אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם פעלדז.
ג ר אַ נ אָ ו ו ס ק י איז געווען זיין נאָמען.
געווען פאַרליבט אין מלכה־טויט —
האָט ער מיט בענקנדער נשמה
זיך אָפּגעגעבן איר מיט פרייד.
זינט דאַן פאַר דיכטער איז אַ מעקאַ
דער רויטער, שטייגערנער מאַסיוו.
דו הערסט, ווי ס'קלינגען כוואַליע־גלעקער,
דאָס איז גראַנאָווסקי'ס לעצטער זיפץ." —

ר'האַקט־אָפּ אינמיטן. ר אַ י אַ טוליעט
איר קאָפּ צו אים, ווי אַ גאַזעל:
— „מוז יעדער, וואָס פאַרליבט איז, ל י ו ל י ק,
אַרונטערוואַרפן זיך פון פעלדז?" —
ער דריקט זי פעסט אין זיינע אָרעמס:
— „מיין כלה, ר אַ י אַ, מיין באַשער!" —
עס צינדט זיך אָן אין אויגן קלאָרע
אַן אויפגעצוימטער דער באַגער.
עס בלאַנדזשען פון מאַיאַק די ליכטער
אַריבער זיי אין רויט און גרין.
זי שענקט איר מיידל־פרייד דעם דיכטער
ביים בלויען אויפשפּראָץ פון באַגין.

זי הויבט זיך אויף. דער פעלדז גראַנאָווסקי'ס
פאַרשווימט אין רויכיקן טומאַן.
און ר אַ י אַ טאַנצט פאַר אים טשאַיקאָווסקי'ס
דעם טאַנץ פון „שטאַרבנדיקן שוואַן".
און פלוצים בלייבט זי שטיין אין בלוי־שיין —
אַ ליכטיק, כּישוף'דיק געמעל:
— „ווען ס'וועט דיין ליבע מיך אַנטוישן,
כ'וועל זיך אַראָפּוואַרפן פון פעלדז." —
ער קושט דאָס לעפּל פון איר אויער.
און זי — אין ליכטיקן צעברויז
טוט־אָן אויף האַלדז אים די קמיע:
אַ האַרץ, אַ רינגל און אַ רויז.

## 18. אַ דאַנק דיר פאַרן העכסטן גליק

ס'איז ווידער הארבסט אויף מאָסקווער גאַסן.
עס רוישט דאָס דריטע יאָר פון קריג.
עס ציט דער בירגער איין דעם פּאַסיק:
נישטאָ קיין ברויט, נישטאָ קיין זיג!
עס שמעקט מיט אויפשטאַנד און מרידה.
דער פרייהייט-טרוים — אַ זיסע שטראָף.
ס'האָט ליוליק אָפּגעדרוקט שוין לידער,
גע'חתמ'עט זיך יוליאַן אָרלאָוו.
די בענקשאַפט גליט אין יעדער שורה
און יעדער אות מיט ליבע טריפט.
דאָס הארץ האָט היינט זיך ווילד צעשטורעמט,
ווען ר'האָט באַקומען ראַיאַ'ס בריוו:

— „ס'איז ווידער שוין אַ צייט פאַריבער,
זינט דו ביזט דאָ ביי אונדז געווען.
אין הארצן דינגט נאָך אַלץ די ליבע
מיט צוויט, אַקאַציע און סירען.
געלייענט אין „ניוואַ" דיינע לידער:
„אַ זומער־נאַכט ביים שווארצן ים" —
זיי קלינגען, ווי אַ שטילע ווידוי
אין הייסן, פּושקינישן יאַמב.
איך האָב אין זיי דערקענט אַ רמז
אויף אונדזער סוד, אַז סיטוט דיר באַנג...
נאָר איבער אַלץ מיר שיינט דער אמת:
דו שעפּסט אין ליבע דיין געזאַנג.
אדעס האָט קיינמאָל נישט געגלימערט,
ווי איצטער, מיט אַ זילבער־שיין.
איך ליג אויף סאָפע אין מיין צימער:
סיאיז אַלץ כדאי! די וועלט איז מיין!
וואָס סיזאָל פון אונדזער בונד נישט ווערן,
אַ דאַנק דיר פאַרן העכסטן גליק.
אַפילו אויב עס נאָרן שטערן.
געווען איז, ליוליק, מיין דער זיג".

געבענטש זאָל זיין די ערשטע ליבע
מיט זיסן אומעט, ווי און פרייד:
דער קאָפּ — אין ליד-און-חלום פיבער,
די נעכט — אין בענקשאַפט פון צעשייד.
די וועלט איז יונג, ווי דער יאָרהונדערט,
וואָס האָט ערשט אָנגעקלאַפּט אָן טיר.
אָ, טעג פון ליבע און פון וואונדער,
אָ, נעכט פון טרוימען און ווילקיר!

## ב. דער פעטער איציק

### 1. אַ קאַפּיטאַן ביים רודער

אויף גאַס אויף אַלטער־פאַרטאַפּראַנקער,
אַ נייער בנין — פינעף שטאָק.
דאָ הויבט זיך אָן די „מאָלדאַוואַנקע",
דאָ האָט פאַרענדיקט זיך „טאָלטשאָק".1)
אויף גלעזער שילד, אויף ווייסע טירן,
איבער דער ברייט פון גרויסער קראָם:
„מאָלאָטשני־סקלאַד 2) אי. אַ. שאַפּיראָ —
דאָ קריגט מען מילכיקס — אַלץ הורטאָם." —
דאָ קויפט מען פוטער אויף די פודן,
אויך פּעסער, אָנגעפּראָפּט מיט קעז.
דאָ שטייט — אַ קאַפּיטאַן ביים רודער —
דער פעטער איציק פון אָדעס.
אַ ייד, אַ הויכער און אַ יוסטער,
מיט לאַנגע, אָדערדיקע הענט,
די אויגן בליצן, ווי די ליוסטערס,
און צוויי רגלים — ווי די פרעגט.
שוין פערציק יאָר איז ער פאַראַנקערט
אויף היגע שטיינער ווי אַ באַרג:
זיין קרוינשטאָט איז די „מאָלדאַוואַנקע",
דאָ איז ער נישט־געקרוינטער צאַר.
פון דער יאַמסקאַי ביז גאָספּיטאַלנע
איז פעטער איציק'ס וואָרט — געבאָט.
דאָ שרעקט פאַר אים זיך דער „קוואַרטאַלני",3)
דאָ גיט דער פּריסטאַוו אים „פּאָטשאָט".4)

* * *

געקומען איז ער פון שוואַרץ־טומאה,
אַ בלאָנדער בחור — ווי אַ ריז.
געהאַלטן האָט זיין אַלטע מומע
אַן איינפאָר־הויז „האָטעל פּאַריז".
האָט אים די מומע בלויז געגעבן
דעם ערשטן וואַרעמעס. דערנאָך
פאַרדונגען אים אין סקלאַד פון מעבל
פאַר דריי, פאַר פערציקער אַ וואָך.
אַ וואָך געזעסן ז'ער אין טערמע
פאַר נעכטיקן אויפן וואָקזאַל,
ביז אַרבעטן אַוועק אויף פערמע
אין דערפעלע „קליין־ליבענטאַל".

---

1) מאַרק־פּלאַץ. 2) מילך־לאַגער. 3) פּאָליציי־באַאַמטער. 4) כבוד.

דריי יאָר געלעבט אין גליק און שפע
ביים אַלטן דייטש, הער אַלפרעד באַד.
האָט יענער אים גע׳עצה׳ט: — „עפן,
שאַפּיראָ, אַ „מאַלאַטשני סקלאַד״!״ —
און ס׳איז אַוועק דער „סקלאַד״ אַ דרך,
אַ יאָר און צוויי — ער ווערט אַ גביר.
און קיינעם לאָזט ער נישט מיט לערן
אַוועקגיין פון זיין ברייטער טיר.
די יאָרן לויפן, ווי די פּאַליעס,
צום ברעג געיאָגטע פון דעם ווינט:
די טעג — אין „סקלאַד״, די נעכט — ווי סאַליעס,
נישטאָ קיין ווייב, נישטאָ קיין קינד.

* * *

אַ גאַנצע וואָך געזשויבט, געהאַנדלט.
קומט שבת — איז דער „סקלאַד״ פאַרמאַכט:
דער שבת דאַרף דעם ייד פאַרוואַנדלען
אין אַ בן-מלך איבער נאַכט.
ער פירט זיך ברייטלעך און נגיד׳יש,
גיט צדקה-גדולה וואו מע דאַרף.
ער רעדט האַלב-רוסיש, חצי-יידיש,
און ווערטלעך בראָקט ער — בליציק-שאַרף:

— „דער מענטש פון אַלץ איז דער „איסטאָטשניק״ 1):
פון גוטס און שלעכטס, פון רע וטוב.
אַזוי זאָגט „איציק דער מאַלאַטשניק״, 2)
דער פּאַרטאָפּראַנקער פילאָזאָף.
וואָס ניצן ניצשע און שפּינאָזע,
די גאַנצע פילאָסאָפּסקע פּני:
אַביסל מילך — ווי פון אַ קאָזע,
וועסטו נישט אויסמעלקן פון זיי...״ —

## 2. פּעטער און פּלימעניק

ווען ס׳האָט זיין שוואָגער, ב ר ו ך  אַ ד ל ע ר
געמאַכט „ויברח״ קיין נויאָרק,
האָט  א י צ י ק  נישט געקאָנט אים טאַדלען —
ס׳איז  פּ ר ו מ ע  נישט געווען זיין פּאָר.
האָט ער די שוועסטער מיטן יינגל
געבראַכט פון קיעוו קיין אָדעס:
—׳מע דאַרף פאַר זיי אַ דירה דינגען,
׳זיי זאָלן בויען זיך אַ נעסט.׳ —

1) קוואַל. 2) מילכמאַן.

געקויפט פאַר פרומע'ן אַן אכסניה
און אויסגעשטאַט זי מיט כל־טוב,
זי זאָל פאַרדינען „לחמאַ־עניאַ",
נישט זיין מיט דלות מער געפּרואווט.
געצאָלט פאַר ליוליק'ן שכר־לימוד
אין מאָסקווער אוניווערזיטעט,
פאַר פרייַנט געטאָן זיך טון באַרימען:
— „עס וואַקסט מיין ליוליק אַ פּאָעט!" —

ס'האָט ליוליק ליב זיין פעטער איציק,
כאָטש ר'זעט אים אוים, ווי אַ פאַנטאַסט —
און ליבער האָט ער זיינע וויצן,
ווען ר'קומט אין „סקלאַד" צו אים צו־גאַסט.
אַז ליוליק קומט אַהיים פון מאָסקווע,
דער פעטער קוקט אים אָן מיט שטאָלץ:
— „וואָס מאַכן די סלאַוויאַנער פּוסקים?
און קאָנסטו טאַנצן שוין אַ וואַלץ?
דו זעסט דאָך אוים אַ פּאָלנער מאַנצביל,
דו קושסט שוין ראַיאַ'ן אויף די טרעפּ:
וועסט שרייבן לידער, זי וועט טאַנצן —
און זיין וועט, ברודער, חי־געלעבט!" —

דער פעטער שטעלט אויך פראַגן דולע —
און ס'קאַרטשעט זיך דאָס יונגע האַרץ:
— „און וואָס וועט זיין דער תכלית, ליוליק,
ווען אַלץ דאַ־הי איז וויסט און שוואַרץ?
וואָס קאָנסטו גרייכן מיט דיין וויסן?
וואוהין וועט ברענגען דיך דיין ליד?
פון אַלע זייטן קלעמט דער איסור,
ווייל קודם־כל ביזטו אַ ייד.
ס'איז אַלץ פאַר דיר אויף זיבן שלעסער,
אַ צוים — אויף יעדן קער און ווענד:
צי קאָנסטו ווערן אַ פּראָפעסאָר,
צי ווייניקסטנס — פּריוואַט־דאָצענט?
מעגסט אָנשרייבן אַ צענדליק בענדער,
ביזט אַלץ אויף צווייטער זייט פון פּלויט...
אַ, סיידן דו ווילסט „בייטן ס'רענדל"...
זאָג, ליוליק אַדלער, ביסטו גרייט?
און איך? אַז דו וועסט מיט דיין ראַיאַ'ן
אַ חופּה שטעלן, מירצעשעם.
וועל איך אַוועק, ווי פון אַ פייער,
קיין כנען — פון דעם היגן קלעם". —

## ג. יאַנקאָ און דינה

### 1. יאַנקאָ, דער ציגיינער

איבער ברייטן סטעפּ אוקראַינער,
צווישן דניעסטער, בוג און פּרוט,
„שאַטרעס" 1) וואַנדערן ציגיינער,
יונגען הייסע — זודיק בלוט.
הירזשען פערד און רעדער סקריפּען —
און פון הימלען, ווי קרישטאָל,
דורך די לעכערדיקע זיפּן
גיסט די זון איר הייסן גאָלד.
פאָרן פורן — ברוינע בוידן,
פליען סטענגעס אויפן ווינט.
זינגען ווייבער, לאַכן מוידן —
פון באַגין און ביז באַגין.

מאַמעס פלעכטן ביי די טעכטער
שוואַרצע, קרייזלדיקע צעפּ —
הילכט דאָס פריידיקע געלעכטער
איבער אַנגעגליטן סטעפּ.
צווישן פורן, פלינק און זשוואַוועָ,
קריכן קינדער — הויל און בלויז —
טויכן קעפּלעך קוטשעראַווע
אין געטומל און צעברויז.
אין די בלוי-געפלעקטע רוימען
שיינט די זון, צעגליט און רויט.
און אַן אַלטער בערנצוימער
פירט אַ בער אויף לאַנגער קייט.
צווישן יונגען, הייסע, שלאַנקע,
אויף אַ ברוין-געפלעקטן פערד,
ווי אַן אָדלער, יאָגט זיך יאַנקאָ
מיט אַן אויסגעשטרעקטער שווערד.
הויך און שטאַלטנע, ווי אַ טאָפּאָל,
האַרט און שטייניק, ווי אַ פעלדז:
קודלעס — ווי געקרויזטע סנאָפּעס
אויף אַ זומערדיקן פעלד.
אויגן — סאַמעט-שוואַרץ און בלוילעך,
ווי דער פליגל פון אַ ראָב:
ווי ס'וואָלט גאָט צוויי הייסע קוילן
אים אַריינגעזעצט אין קאָפּ.

---

1) מחנות.

י אַ נ ק אָ ׳ ם פֿאָטער, קיניג ע צ י ע ל
אַלט איז שוין און מיד און קראַנק,
און זיין זון — דער יורש-עצר —
קיניגט אין ציגיינער-לאַנד.
אינ׳ם טאַבאָר 1) אַלע בוידן —
אָפּן פאַרן מלכ׳ם זון.
ליבן י אַ נ ק אָ ׳ ן אַלע מוידן,
לעכצן נאָך אַ קוש פֿון יונג.

## 2. ג ו נ י אַ

נאָר פֿון אַלע מוידן — ג ו נ י אַ
י אַ נ ק אָ ׳ ם איז באַשערטע פּאָר:
גרינע אויגן — ווי אַ ברונעם,
ווים דאָס לייב און רויט די האָר.
ביי אַ מאַמע׳ן, אַ מכשיפה,
אַ ציגיינערין — אין בויד,
אויסגעוואַקסן אַ יפיפיה
איז די פייערדיקע מויד.
און פאַרזאָגט האָט די קאָלדוניע
ווילדער מויד מיט הארבן וואָרט:
— „ס׳לויכט, ווי זיבן זונען, ג ו נ י אַ,
דיר דאָס מזל אויף דער וואָר.
כ׳האָב געשאָנקען דיר אַ גאָרטן,
וואו אַ קוואַל אַ ריינער פליסט,
וואַקסן שיינע פּירות דאָרטן
מיט אַ מילגרוים — זאַפטיק-זיס.

— „הער-זשע אוים די קלוגע עצה
פֿון דיין מאַמען, יונגע צוויג:
היט דעם מילגרוים, ווי אַן אוצר,
ווי ס׳שוואַרצאַפּל פֿון דיין אויג.
בלויז דעם חתן, דעם באַשערטן,
נאָכן „שליוב״ 2), דו — ווילדע מויד,
מיט אַ קוש און מיט אַ צערטל
גיב דעם מילגרוים אָפּ מיט פרייד.
טאָמער נישט, געשוואָלן ווערן
וועט דער בויך דיר, ווי אַ באַרג,
קריגן וועסט אַ אויג אין שטערן
און אַ גוליע אויפֿן קאַרק...״ —

---

1) ציגיינער-לאַגער. 2) אַ חתונה.

היט איר קרוין די מויד די ווילדע,
נאָר עס נאָגט דאָס יונגע האַרץ.
אין די פרילינג-נעכט די מילדע
ברענט דאָס לייב, ווי קוילן-זשאַר:
— ׳יאַנקאָ׳ן ליבן אַלע מוידן,
׳לעכצן נאָך אַ קוש פון יונג.
׳אָפּן זענען אַלע בוידן
׳פאַר׳ן מלכ׳ם בראַוון זון.
׳גוניאַ וויל נישט זיין, ווי אַלע,
׳בלויז אַ שפּילצייג, אַ פאַרטרייב...
׳ווילן וויל זי זיין זיין כלה,
׳יאַנקאָ׳ס איין-און-איינציק ווייב!׳ —

* * *

זומער-נאַכט. ווי זילבער-מאָטן,
שטערן פלאַטערן אין רוים.
בוידן דרימלען אין די שאָטנס,
כלבים שווייגן אויף אַ צוים.
שלאָפט דער טאַבאָר. יונגען, מוידן
רוען אין די בעטן שטום.
צווישן שלאָפנדיקע בוידן
שאַרט אַ שאָטן זיך אַרום.
גנב׳עט זיך אַ גוף אַ שלאַנקער,
אין אַ בורקע איינגעהילט.
פון אַ בויד דערהערט זיך: — „יאַנקאָ!״ —
און אַ צוק — און ווידער שטיל.
גוניאַ שטייט אַ טויטלעך-בלאַסע,
גרינע אויגן — עמעראַלד.
יאַנקאָ טוט אַ נעם די משאָ —
און פאַרשווינדט מיט איר אין וואַלד.
טיף אין וואַלד, אויף ווייכע מאָכן
יאַנקאָ ס׳מיידל לאָזט-אַראָפּ.
אויף איר פּנים פּחד פאָכעט,
ס׳האַרץ — אין פריידיקן גאַלאָפּ.
איבער גוניאַ׳ן, אָנגעבויגן,
יאַנקאָ טורעמט ווי אַ זייל.
הייסע, פינקלדיקע אויגן
וואַרפן בליצן — פייל נאָך פייל:
— „דיינע אויגן — גריגע פלאַמען
אין אַ וואַלד-שריפה ביינאַכט,
דיינע ליפּן — רויטער סאַמעט,
זים — ווי רויזן-איינגעמאַכטס.״ —

ענטפערט גוניא: — „איך האָב מוראַ,
טאָמער נאַרסטו מיך גאָר אָפּ,
טאָמער איז עס אַן עבירה —
פאַלן וועט עס אויף מיין קאָפּ.״ —
מיט די ליפּן — היים, ווי קוילן,
יאַנקאָ פאַלט צו אירע פּיס:
— „זיי אַ גוטע, זיי אַ וואוילע,
ס׳איז דיין אָטעם האָניק־זיס...״ —
ליגט דאָס מיידל — ווי אין חלום,
ציטערט, פלאַטערט פון גענוס —
ווי עס וואָלטן צען טייוואָלים
אויפגעוועקט אין איר די לוסט.
און זי טראַכט: — ׳עס האָט די מאַמע
׳אָפּגענאַרט מיט פרומע רייד,
׳נישט פאַרגונען מיר מסתמאָ
׳אַזאַ נחת, אַזאַ פרייד.׳ —
און דעם חתן, דעם באַשערטן,
אַן אַ „שליוב״, מיט ווילדער פרייד,
מיט אַ כליפּ און מיט אַ צערטל
גיט דעם מילגרוים אָפּ די מויד...
3. דינה
הויבט זיך טאַבאָר אויף פון באַלטע
און ער שטעלט זיך ביי הייסין.
יאַנקאָ האָט זיין וואָרט געהאַלטן:
מיט אַ „שליוב״ פאַרדעקט די זינד.
ווי די זון, שיינט גוניא׳ס גורל.
איז אין פרייד אַוועק אַ יאָר —
און צום יאָר האָט זי געבוירן
אַ געזונטן זון — אַ בכור.
איינמאָל איז געריטן יאַנקאָ
אויף זיין פערד אין טיפן וואַלד.
אין זיין מוח — די געדאַנקען
שפּריצן, ווי אַ וואַסערפאַל.
פּלוצים שטעלט דאָס פערד זיך אָפּעט,
ווי געטראָפן פון אַ שד,
מיט די פיס די ערד עס קאַפּיעט,
בייסט דאָס ציימל אין געפּלעט.
יאַנקאָ קוקט: ביים ראַנד פון שטעגל
שטייט אַ מיידל — ווי אַ טרוים —
און איר טיכל — ווי אַ זעגל,
פלאַטערט איבער צווייג און בוים.

שלאַנקער גוף — אַ זילבער־בעכער.
אויגן קוקן מיט פאַרדאַכט.
און די לאָקן — שוואַרץ און פעכיק,
ווי אַ שטערנלאָזע נאַכט.
אין די אַפּלען — בלוי־פאַרנעפּלט —
גליט אַ פרומער, שטרענגער בליק:
ווי אַ מלכה פון די סטעפּעס,
ווי אַן אויסגע'חלום'ט גליק.
נישט געזען האָט ער אַזוינע
צווישן מוידן פון זיין שטאַם:
אויגן צוויי — ווי בלויע קרוינען,
טיף און שוימיק, ווי דער ים.
ליפּן צוויי — אַ בייטשל קרעלן,
און די באַקן — בלוט מיט מילך.
בלויז אויף הייליקע געמעלן
קאָן מען אָנזען אַזאַ בילד.

קלינגט איר שטימע זיס און איידל
און פאַר'כישופ'ט אים, ווי בראַי:
— "כ'בין אַן אָרעם יידיש מיידל
פון אַ שטעטעלע דערביי.
נו, און דו? ווער ביסטו, פרעמדער?
האָסט פאַרבלאָנדזשעט? קומסט פון ווייט?
כ'זע, דו טראָגסט אַ ליכטיק העמדל,
אויסגענייט מיט גאָלד און זייד." —
בלייבט שטיין יאַנקאָ, אַ פאַרגאַפטער,
גיט אַ גלעטל זיין קינזשאַל.
ס'שמעקט מיט בשמים'דיקע זאַפטן
פון דעם מיידל און פון וואַלד:
— „כ'בין אַ רייכער פּרינץ, מיין מיידל!" —
שרייט־אויס יאַנקאָ אויף אַ קול:
— „כ'וועל דיר שענקען שיינע קליידער,
קרעלן, פאַטשערקעס און גאָלד.
אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ מער
אַזאַ ליכטיק־שיינע מויד.
זאָג מיר, טייערע, דיין נאָמען,
פיל מיין האַרץ מיר אָן מיט פרייד.
כ'וועל דיר שענקען גאָר מיין ליבע,
גאָר מיין ציר און גאָר מיין גאָב.
כ'וועל דיר אָנטאָן קרוינען זיבן
אויף דיין קרייזלדיקן קאָפּ." —

לאַכט דאָס מיידל — און זי שטשירעט
ווייסע, פּערלדיקע ציין:
— „גרינג זענט איר אויף זינגען שירה
און אויף צוזאָגן אַ קרוין.״ —
ווי דער קלאַנג פון מאַנדאָלינע,
גיט איר קול אַ זיסן קלונג:
— „הייסן הייס איך, פרעמדער, ד י נ ה,
נו, און דיך ווי רופט מען, יונג?״ —
— כ׳בין דער זון פון ע צ ל - קעניג.
הייסן הייס איך י אַ נ ק אָ, מויד —
און עס איז מיר אונטערטעניק
וואו אַ מיידל אין אַ בויד.״ —
שפּרינגט פון פערד אַרונטער י אַ נ ק אָ,
גיט צו ד י נ ה ׳ן זיך אַ לאָז.
שטשירעט זי די ציין די בלאַנקע,
און זי ענטפערט מיט פאַרדראָס:
— „דו ביזט, י אַ נ ק אָ, אַ ציגיינער
איך — אַ כשר יידיש קינד...
בלייב דיר ביי די מוידן דיינע...״ —
און אַרוים פון וואַלד געשווינד.

4. ב ע נ ק ש אַ פ ט

יאָגן טעג און ס׳לויפן וואָכן,
אין צעבויטעטן געיעג.
י אַ נ ק אָ בראָדזשעט צווישן מאָכן,
ווי געיאָגט פון בייזע שלעק.
זינט באַגעגנט ער האָט ד י נ ה ׳ן
אויפן שטעגל טיף אין וואַלד,
קאָן ער זיך קיין אָרט געפינען —
און זיין האַרץ איז ביטער־גאַל.
דרייט ער אום זיך איבער טאַבאָר,
ווי אַ וואָלף, געיאָגט פון ווילד,
און דאָס לייב ביז בלוט ער גראַבלט
און דעם גורל שילט און שילט.
פאַלט אַוועק אויף זיין געלעגער
אין פאַרווירטן הינערפּלעט —
און אין בויד דער ווינט און רעגן
קלאַפּט און וואָיעט, ווי אַ שד.
אויף די ליפּן שוימט די פּינע,
און אַ טרער פון אויג אים רינט,
און ער שעפּטשעט: — „ד י נ ה! ד י נ ה!״—
ביזן האָנקריי אין באַגין.

צווישן שלאָפנדיקע בוידן
שווימט לבנה, ווי אַ אינד.
יאַנקאַ טראַכט נישט מער פון מוידן
נישט פון אייגענעם געזינד.
ס'איז אים לאַנג, שוין לאַנג דערווידער
גוניאַ'ס לייב — ווי מירמלשטיין:
נישט עס לאָקן אירע גלידער,
נישט עס רירט אים איר געוויין.
קראַנק איז ער פון ווילדער ליבשאַפט —
און ער שלאָפט נישט דורך די נעכט,
און זיין האַרץ גייט-אויס פון טריבשאַפט,
ווי אַ צאַנקנדיקע לעכט.

5. גוניאַ זאָגט אים אויס אַ סוד

טרויערט יאַנקאַ, ווי אַן אָבל —
נישט ער עסט און נישט ער טרינקט.
ס'איז זיין האַרץ אין וויי געקאָוועט,
און זיין קאָפּ אין אָרעמס זינקט.
ליגט פאַרכמורעט, ווי אַ כמאַרע,
ס'האַרץ פאַרקלעמט זיינס, ווי אַ פויסט.
גוניאַ דרינדזשעט אויף גיטאַרע,
צערטלט אים מיט רייד פון טרייסט:
— „זאָרג נישט, טייערער, געליבטער!
אַלץ דערצייל מיר מיט פאַרטרוי.
כ'וועל מיט קושן דאָס באַטריבטע
ס'האַרץ דיינס אויסהיילן פון וויי.
כ'האָב דאָך דיר אַ בכור געשאָנקן,
לויכט זיין פּנים, ווי די זון.
טעג און וואָכן ווי דו בלאָנקעסט
איבער סטעפּעס, ווי אַ הונט.
איצטער ליגסטו, טיף געפּענטעט
אין אַ פיבער-הינערפלעט,
ווי דאָס בלוט דיינס ביז דער שפּענטע
אויסגעזויגן וואָלט אַ שד.
קאַלט ביזטו צו מיינע לאַסקעס,
ווי כ'וואָלט דיר אַ פרעמדע זיין —
זאָג, האָט דיך פאַרכאַפּט אין פאַסטקע
דער ניט-גוטער, אונדזער פיינט?
צי האָט דיך פאַרלאָקט די פייע,
גרינע צויבערין פון וואַלד?
וועל איך דיר מיט אַ קמיע
אָפּשפּרעכן פון כישוף באַלד...״ —

יאַנקאָ שווייגט און קוקט אויף גוניאַ׳ן:
— ׳גאָט, איר שיינקייט וואו איז וואו?
׳אויגן — גרין ווי אַ קאַלדוניע,
׳פּעט און בייכיק — ווי אַ קו.׳ —
דריקט ער גוניאַ׳ס פינגער ווייכע —
און אַ ציטער גיט זיין ליפּ:
— „גוניאַ, גוניאַ... זיי מיר מוחל...
ס׳האָט מיין האַרץ דיך מער נישט ליב...
ס׳איז מיין האַרץ אין פלען געפאַנגען
פון דער בת-מלכה אין וואַלד:
ווי מיט פייערדיקע צוואַנגען,
כ׳בין געשמידט צו איר געשטאַלט.
ס׳איז איר קול — אַ מאַנדאָלינע,
און די אויגן — ווי דער ים.
כ׳ווייס בלויז, אַז מע רופט זי דינה,
און זי איז נישט פון מיין שטאַם.״ —

* * *

אונטער דרינדזשען פון גיטאַרע,
צווישן צאַנקנדיקע ליכט,
גיט אַ בייט זיך גוניאַ׳ס מראה
אויפן שטייניקן געזיכט.
און ביים האַרצן נעמט איר מלאָיען:
— ׳אָפּגענאַרט האָט מיך דער קאַט!׳ —
און עס וועקט זיך דער שגעון
קעגן מיאוסן פאַרראַט.
און עס טוט אַ שוים דער צאָרן,
ווי דער בוג — אַריבער ברעג:
פאַר די אָפּגענאַרטע יאָרן,
פאַר די יונג-פאַרשפּילטע טעג.
און זי בייסט די פולע ליפּן,
ווי אַ וואָלף, מיט שאַרפע ציין.
און די ווערטער כריפּען, כליפּען:
— „דאָס איז, יאַנקאָ, מיין באַלוין?
האָסט אַוועקגערויבט מיין יוגנט,
ווי אַ גזלן, מיט געוואַלט.
איצטער ליבסטו זיך, קאַטיוגע,
מיט אַ צויבערין פון וואַלד.
נישט אומזיסט האָט דיך די יידין
מיט איר כישוף צוגעשמידט...
דו געהערסט צו אירע ברידער...
ביזט אַליין אַ מיאוסער ׳זשיד׳!״ —

און עס פינען ליפּן גוניאַ׳ס,
פול מיט שאַדנפרייד און שפּאָט:
— „ס׳האָט מיין מאַמע, די קאַלדוניע,
לאַנג מיר אויסגעזאָגט דעם סוד:
שטאַמסט פון יידן, תּכשיט מיינער...
אין אַ פּראָסטיקן באַגין
האָט דער מלך פון ציגיינער
דיך אַוועקגערויבט אַלס קינד...״ —
* * *
ווי אַ באַרס, פון קויל געטראָפן,
יאַנקאָ שפּרינגט אַראָפּ פון בעט.
אין די אויגן — ווילד־פאַרלאָפן —
גליט שגעון, ווי אַ שד.
יאַנקאָ לויפט צום קעניג עצל.
אין זיין ברוין־געשטרייפטער בויד
ליגט דער אַלטער, ווי אַ געצל,
אויף זיין שטערן פּאָכט דער טויט.
וועקט דער אַלטער זיך פון דרעמל,
אין די אַפּלען — שטומער גרויל.
— „זאָג מיר, עצל, איז דאָס אמת,
וואָס מיין ווייב האָט מיר דערציילט?
פון אַ שטעטל, פון אַ יידיש,
אין אַ פּראָסטיקן באַגין
האָסטו מיך פון מיינע ברידער
צוגערויבט אַלס פּיצל קינד?
זאָג, דו — אַלטער הונט, דו בלאַטער,
אַלץ דערצייל מיר, וואָס דו ווייסט:
ווי געהייסן האָט מיין טאַטע?
און דאָס שטעטעלע ווי הייסט?״ —
הויבט זיך אויף דער אַלטער עצל:
— „איך... געדענק נישט... ס׳לאַיגט די מויד...
כ׳ווייס נאָר... ביזט... מיין יורש־עצר...״ —
און ער פאַלט אַנידער טויט.
יענע נאַכט — ביים קראַק פון ראָבן
גוניאַ האָט מיט פּיצל קינד
זיך דערטרונקען אין דער סאַבי,
אין דעם טייכל ביי הייסין.
יאַנקאָ האָט מיט הענט, ווי שטאַבעס,
זיי באַערדיקט אָן אַ צאָם.
און פאַרטאָג פאַרלאָזט דעם טאַבאָר —
זיך באַהעפטן מיט זיין שטאַם.

## 6. יאַנקאָ לאָזט זיך זוכן דינה'ן

איינגעשפּאַנט צוויי פערד שפּאַקאָווע
אין אַ ברוינעם טאַראַנטאַס,
יאַנקאָ יאָגט זיך איבער ראָוון,
ווי באַנומען פון חולאַת.
קלאָר איז אים דער נייער גורל:
זוכן זוכט זיין הייסער בליק
ס'שטעטל, וואו ער איז געבוירן,
וואו געשטאַנען איז זיין וויג.
יאָגט ער, אײַלט ער צו געפינען
שענצטע טאָכטער פון זיין פאָלק.
פאַלן וועט ער פאַר זיין דינה'ן
און דערקלערן איר מיט שטאָלץ:
— „דינה, דינה — חלום מיינער,
בלויער סאָד פון פרילינג-צווייט,
גלויב מיר, כ'בין נישט קיין ציגיינער,
נאָר ווי דו, איך בין אַ ייד." —
פון באַגינען ביז באַגינען
זוכט און נישטערט היים זיין בליק:
נישט ער קאָן געפינען דינה'ן,
נישט דאָס שטעטל פון זיין וויג.

* * *

יאָגן טעג און יאָגן וואָכן,
ווי געטריבן פון אַ בייטש.
דאָ האָט פּלוצים אויסגעבראָכן
די מלחמה מיטן דייטש.
פון הייסין און ביז כאַבאַראָווסק,
פון אַרכאַנגעלסק ביז אָדעס —
פאָרן פאָלקן, ווי די כמאַרעס:
רוס, אוקראַינער און טשערקעס.
טעג — ווי ביטערע געטראַנקען —
ברויזן אין פאַרווירטע קעפּ.

האָט דער קריג פאַרכאַפּט אויך יאַנקאָ'ן,
שטאָלצן בן־מלך פון סטעפּ.
צווישן צאַרישע כאַלאָפּעס,
אין אַ וואַרעמען באַשליק,
חלום'ט יאַנקאָ אין אָקאָפּעס:
— 'זאָל זיך ענדיקן דער קריג,
'וועט ער אין דעם וואַלד הייסינער,
'ווידער טרעפן זיך מיט דינה'ן.' —

## ד. יאָסל און בליומע

### 1. פּראָסקוראָוו

וואו ס׳טרעפט דער בוג זיך מיט דער פּלאָסקע, 1)
ביים זומפּיק-מאָכעדיקן ברעג,
פאַראיינזאַמט חלומ׳ט אַ בעריאָזקע
פון זוניק-פרילינגדיקע טעג.
דאָ איז פון יידן-כרך פּראָסקוראָוו
דער לעצטער גבול — די היגטערגאַס:
דורך דאַנען פירט מען צו דער קבורה,
דאָ שליאַיען הינט זיך פּוסט-און-פּאַס.
ביים ברעג — אַ הייזל אַ קאַסאָקע
שטייט איינגעזונקען אויף אַ העלפט.
אַ יידיש ייִנגל — יאָסל טאָקער
האָט דאָ דערזען די שיינע וועלט.

עס איז זיין טאַטע משה סטאָליער,
געבענטשט מיט גאָלדענע צוויי הענט —
ער שמ׳ט שוין לאַנג אויף גאַנץ פּאָדאָליע
מיט זיינע טישן, ראַמען, בענק.
פון ייִנגלוויז וויסט קליינער יאָסקע,
ווי אָפּצוהובליעווען אַ טיש.
אין פרילינג שווימט ער אין דער פּלאָסקע,
פאַרשייט און גליטשיק, ווי אַ פיש.
און ווען ס׳איז יאָסל אויסגעוואָקסן,
האָט ער אַ פור מיט אַ כאָכאָל, 2)
מיט צוויי, מיט איינגעשפּאַנטע אָקסן,
אין כאָמוט — אויסגעשניצט פון האָלץ.

דער סטאָליער רוימט אַ סוד איין ביילע׳ן,
וואָס שטייט פאַר׳טרוד׳ט ביים געפּעם:
— „מיין ווייב, דער בחור וואַקסט אַ כלי,
מע דאַרף אים שיקן קיין אָדעס.
דאָרט וועט ער גיין אין זייער שקאָלע,
ווי רופט מען זי? מיר דוכט זיך: „טרוד״ — 3)
און לויכטן וועט זיין שיינע דאָליע —
און גאָט וועט שענקען אים זיין „גנוד״.״—

---

1) טייכל ביי פּראָסקוראָוו. 2) אַן אוקראַינער.

3) אַ יידישע פאַך־שול אין אָדעס.

## 2. יאָסל פּאָרט זיך לערנען קיין אָדעס

עס לויפן יאָרן, ס׳יאָגן יאָרן,
ווי פרילינג־ריקעס — מיט אַ פּליעסק.
איז יאָסל טאָקע אָפּגעפאָרן
אין „טרוד" זיך לערנען קיין אָדעס.
אַ יונג איז ער — אַ פעסט־געבויטער,
דער גאַנצער גוף איז אָן אַ שטשערב:
צוויי הענט, וואָס קאָנען ברעכן פּלויטן,
די ברוסט, באַוואָקסן — ווי אַ בער.
דאָס פּנים — ווי סוף־זומער קאָרן
אויף פעלד, באַדעקט מיט מאָרגן־טוי.
די אויגן — קלוגע, טיפע, קלאָרע.
און מילד — ווי פרילינגדיקער בלוי.

געלערנט האָט מען אים אין שולע
אי שלאָסעריי, אי שניצעריי,
האָט ער געטאָקט מאָדערנע שטולן,
געגאָסן לעמפּ פון שטאָל און בליי.
נאָר ס׳האָט געצויגן אים צו שניצן
פון עבנהאָלץ און עלפנביין:
כּהנים מיט פאַרשפּיצטע מיצן,
אַ טרעגער — אָרעם און געמיין.
און נאָך אַ זאַך האָט ער געלערנט
אין שטאָט, וואָס רופט זיך „קליין־פּאַריז":
די רייכע טראָגן גאָלד און פּערל,
דער קבצן ראָיעט זיך אין מיסט.
און אויסגלייכן די וועלט, די קרומע,
מע וועט דאָ דאַרפן סוף־כּל־סוף.
האָט ער פאַרשריבן זיך נאָך זומער
אין קלוב פון „אַנשי־באַראַכאָוו".
אויב זיצן שוין אויף גלייכע שטולן
פאַר אַלע פעלקער איז באַשערט,
וויל יאָסל קעמפן פאַר גאולה
פון אייגן פאָלק אויף אייג׳נער ערד.

* * *

אָדעס, פאַר וועמען ביזט אַ מאַמע,
אַ בייזע שטיפמוטער — פאַר וועם!
האָט יאָסל אין אַ פייכטער קאַמער
חדשים אָפּגעלעבט אין קלעם.

זיין טאָג צעטיילט אויף דריי חלקים:
אַכט שעה אויף לערנען זיך לרוב,
אַכט שעה אויף לויפן אויף „אוראַקן",
אַכט שעה אויף לייענען און אויף שלאָף.
און גוט איז אים אַרומשפּאַצירן
אויף בלויע גאַסן פון אָדעס,
מיט יוגנט־שטאָלץ אין שוואַרץ מונדירל,
ווען ס'שמעקט מיט פרילינג און מיט בעז.
אָדעס איז יונג — און ער איז ייִנגער.
עס שפּאַרט אין ברוסט די יוגנט־פרייד.
און ס'זינגט דאָס בלוט אין הייסע פינגער:
אַ צאַרטע, פרילינגדיקע פלייט.

ס'וואָלט יאָסל אפשר שוין פאַרבליבן
אויף שטענדיק אין דער שטאָט ביים ים,
האָט זיך אַריינגעמישט די ליבע,
וואָס האָט פאַרקוילט זיין האַרץ אין פלאַם.
געלאָזט האָט ער אין דר'היים אַ מיידל,
אַ נייטאָרין — אויף זייער גאַס.
ס'איז בלומע ליכטיק־שיין און איידל,
אַ טאָכטער טאַקע פון זיין קלאַס.
די נעכט די פרילינגדיקע מאָנען,
און ס'ציט מיט צוואַנגען ביז קאַיאָר:
דאָס בלייכע, קלייענדיקע פּנים
אין ראַם פון פלאַמעדיקע האָר.
נאָר ס'וועט די ליבע דאַרפן וואַרטן:
ער מוז פאַרענדיקן דעם „טרוד",
וועט ער נישט ציען מער דעם גאַרטל,
נישט בוקן זיך פאַר יעדן ברוט.

### 3. דער שטאָלצער ייִד

נישטאָ קיין מיטל און קיין תּרופֿה
אַנטקעגן אורטייל פון שיקזאַל.
האָט יאָסל'ען צוגעשפּילט אַ צופאַל,
וואָס איז געוואָרן שיער פאַטאַל.
ס'איז יענעם טאָג געפאָרן יאָסל
אין ניי־עלעקטרישן טראַמוואַי.
געפילט האָט ער זיך מעשה־חתן:
ס'האָט גאַס געשמעקט מיט בעז און מאַי.
אַנטקעגן אים — צוויי יונגע שקצים
מיט חוצפּה'דיקע בליקן גלאָצן.

— „וואַן טאַם סידיט זשידאָק פּאַרכאַטי,
וו׳מונדיריע טשאָרנאַם, קאַק מאָנאַך,
ס׳באָראַדקאַי, קאַק כריסטאַס ראַספּיאַטי,
ס׳טאָסקאַי זשידאָווסקאַיו וו׳אָטשאַך! " — (1
ס׳האָט אים אַ שניט-געטאָן אין מוח
דאָס מיאוסע וואָרט „פּאַרכאַטי זשיד".
האָט אויפגעברויזט אין אים דער כוח
פון יאָרן-לאַנג פאַרפאָלגטן ייד.
האָט ער אַ שטעל-געטאָן זיך טראָציק,
מיט הענט — ווי אָנגעגאָסן בליי —
צעקיילט, צעביילט די בייזע שקצים,
און איז אַרונטער פון טראַמוואַי.
אויף זיין שלים-מזל — די כאַמולעס
געוועזן די זין פון פּראָקוראָר.
אויף מאָרגן האָט מען אים פון שולע
אַרויסגעוואָרפן — אָן אַ וואָרט.
האָט יאָסל איינגעפּאַקט דעם קלומעק,
זיך קוים געזעגנט מיט אַדעם —
און קיין פּראָסקוראָוו צ׳ריקגעקומען
און זיך באַזעצט אויף טאַטנ׳ס קעסט.

## 4. יאָסל נעמט זיך שניצן כרובים

נישט פריילעך איז דאָס לעבן יאָסל׳ס
אין קרומען שטיבל ביי דעם ברעג.
דעם טאַטנ׳ס הענט — ווי אַלטע וויאָסלעס,
ביים הובל פּאַטשען גאַנצע טעג.
עס פליען סטרוזשקעס — פייל-און-בויגן
און פלאָנטען זיך אין סיווער באָרד.
אין משה סטאָליער׳ס מידע אויגן
אַ שטילע מיניעט זיך די זאָרג.
און יאָסל קוקט מיט ווייט אויף בליומע׳ן —
און ס׳טוט זיך אָפּ פון אים דער שלאָף.
און ס׳קלינגט דעם טאַטנ׳ס קול מיט אומעט:
— „געקומען צ׳ריק אַ פילאָזאָף!
פאַרנעמט זיך גאָר מיט רייד, מיט פּיסטע...
ס׳געפעלט אים, זאָגט ער, נישט דער צאַר...
ער פּלאַדיעט-אָן דאָ „ציציליסטן"...
ער׳ט שוועד באַצאָלן נאָך דערפאַר...

1) — „אָט-דאָרט זיצט אַ פאַרשיווע יידל, אין שוואַרצן מונדיר, ווי אַ מאָנאַך, מיט אַ בערדל, ווי דער געקרייצטער יעזוס און מיט אַ יידישן טרויער אין די אויגן!"

— „אין „טרוד" געלערנט זיך צו שניצן
פון האָלץ און ביין, דער „פּיסטאָקראַט"...
באַדאַי וואָלט ער געברענגט מיר ניצן
אַלס פּראָסטער סטאָליער ביים וואַרשטאַט..." —
אויף מאָרגן, באַלד נאָך שבת־שובה
איז יאָסל צו דעם רב אַוועק:
— „כ׳וויל שניצן פאַרן עמוד כרובים,
די אַלטע זענען שוין פאַרמעקט.
און צאָלן וועט איר מיר באַצאָלן,
ווען ס׳וועט די אַרבעט פאַרטיק זיין..." —
און יאָסל נעמט זיך שניצן, מאָלן.
אויף פּנים רוט אַ העלע שיין.

## 5. יאָסל איז קעגן קריג

און דאָ פאַרוואָלט האָט זיך דעם קיר"ה
מיט פאָניע׳ן אָנהויבן אַ קריג:
אויף גאַסן — זעלנער אין מונדירן,
דאָס לאַנד — אין אויפברויז און צעוויג.
עס ציילט שוין צוואַנציק פרילינגס יאָסל.
דער קיסר נעמט שוין באַלד זיין „יאָר".
נאָר ער האָט פעסט ביי זיך באַשלאָסן:
ער מישט זיך נישט אין „ברידער־מאָרד".
עס איז אין קריג דאָך מיט יאַפּאָניע
זיין טאַטע נישט געווען קיין „צד" —
— ווערט יאָסל גיין איצט דינען פאָניע׳ן —
און ווערן פּלוצים אַ סאָלדאַט?

האָט ער מיט יונגען, ווי די בערן,
דורך נעכט געצערט זיך און געפאַסט,
און ביני—בי מיט זיי געלערנט:
— „ס׳איז נישט דער קריג פון אַרבעט־קלאַס!" —
נאָר נישט געהאָלפן האָט דער תענית
און נישט דאָס צערן, ווי אַ שפּאָן —
מ׳האָט איינציקווייז און אָן רחמנות
פאַרשלעפּט די יונגען אויפן פראָנט.
נאָר יאָסל איז געווען פאַר׳עקשנ׳ט:
׳נישט זיין — די חגאַ, נישט — דער בראָך...׳
און יעדעס מאָל בשעת הדחק שוין
האָט ער באַהאַלטן זיך אין ליאָך.1)

1) טיפער קעלער.

און ס׳האָט אים צוגעשפּילט דאָס מזל,
כאָטש ר׳האָט געגלויבט אין מזל קנאַפּ:
דריי יאָר פון קריג האָט פּאַניע-חזיר
קיין איינמאָל יאָסלען נישט געכאַפּט.
ווי אָקסן, אונטער שווערער משׂא,
דאָס לעבן גייט זיין גרויען שפּאַן.
ער האָפט: די טויב, דער קול-מבשׂר,
וועט אָנזאָגן: מע זעט שוין לאַנד!

## 6. אָרעמע ליבע

אין קעלער זעט נישט יאָסל קיינעם:
די טעג און נעכט — אַ שוואַרצער פּאַס.
און בלויז די נייטאָרין — די שכנה
זיין בלומע, קומט צו אים צו-גאַסט.
ס׳דערציילט איר יאָסל וועגן לעבן
אין גרויסער, שיינער שטאָט אָדעס.
די ווערטער קלינגען איר פאַרנעבלט,
אַ טריבער אומעט ס׳האַרץ אירם פּרעסט.
איר קול איז וויינענדיק, פאַרדראָסיק:
— „איך קאָן נישט איינזיצן אין שטוב.
איז וואָס וועט זיין דער תּכלית, יאָסל?
מיין וועלט איז פינצטער, ווי אַ גרוב.
איך אַרבעט איבער מיינע כּוחות.
די מאַמע ליגט אין בעט געליימט.
ס׳האָט אויסגעגאָסן זיך גאָט׳ס תּוכחה
אויף אונדזער אומגליקלעכער היים.“ —
זי קוקט מיט ציטער אויף איר חתן:
— „איך האָב אַזוי גאָך דיר געבענקט!“ —
עס קוקט איר אין די אויגן יאָסל —
און ס׳ווערט אין האַלדז אים זיס און ענג:
— „אַך, בלומע, ווען דו וואָלסט נאָר וויסן,
ווי ס׳האָט מיין אָרעם האַרץ דיך ליב...
נאָר ס׳פּעלט אין הויז דאָס ברויט דאָס פּיסנע,
און ס׳איז דער טאַטע אַלט און טריב.
איז דאַרף מען וואַרטן, ליבע בלומע:
עס וועט זיך ענדיקן דער קריג
וועט אויך אויף אונדזער געסל קומען
דאָס ליכט פון יום-טוב׳דיקן זיג.“ —
ער קוקט אויף איר מיט בליקן טריבע,
און האַלט איר האַנט אין זיינער לאַנג —
און ס׳בליט אין פרילינג זייער ליבע
אי זיס, אי גיפטיק, ווי אַ שלאַנג.

## ה. גלעקער פון אויפשטאַנד

### 1. דער צייכן אויף דער וואַנט

אין מאָסקווע בליט שוין „באַביע ליעטאָ“, 1)
די אָסיען־הימלען — בלווילעך־בלאָס.
עס זינגען לידער די פּאָעטן
פון קריג, נאָר ס׳פעלט שוין דער עקסטאַז.
דער האַרבסט מיט שקיעות מיט קאַרמינע,
קומט־אָן אין ווינטיקן געבריל.
די בלעטער, ווי די באַלערינעס,
אין „פּאַטשקעס“ 2) טאַנצן אַ קאַדריל.
עס שווימט צעבויטעטע אייראָפּע —
אַ פאַנטאָם־שיף אין כף־הקלע.
און רוסלאַנד זינקט, אין זומפּ פּאַרטאָפּיעט,
אין בלוט און שנאָה ביזן האַלדז.

דער קיסר קריגט זיך מיט דער „דומע“:
ער וויל אַ נייעם שוין „נאַבאָר“. 3)
אין הערצער פינצטערע און שטומע
דער פּחד וואַקסט — אַ מוכאָמאָר. 4)
ווי שווער ס׳איז צו פאַרבלייבן ניכטער,
ווען ס׳לעבן שיכור נאָשפּיץ רייט —
און ס׳וועקט אין האַרצן זיך פון דיכטער
דאָס ליד, וואָס רופט צום לעצטן שטרייט.
עס ברויזן צוויי־און־צוואַנציק פרילינגס
אין ל י ו ל י ק ׳ס שטורעמדיקער זעל —
און ס׳וואַקסט, ווי אַ סיאַמער צווילינג,
אין אים דער דיכטער און רעבעל.

אויף סכאָדקעס 5) נאַכטיקע, געהיימע
קלינגט אין סטודענטישן „קרוזשאָק“
דאָס ליד זיינס וועגן פרייהייט־טרוימען —
צעבויטעט, ווי אַ פרילינג־גלאָק.
דאָס האַרץ איז ליכטיק דורכגעציטערט
מיט פרילינג און מיט פרייהייט־וואָן —
האָט ער אין גרויזיקן געוויטער
דערזען דעם צייכן אויף דער וואַנט.

1) שפּעטער, שיינער האַרבסט. 2) קורצע באַלערינע־קליידלעך.
3) מאָביליזאַציע. 4) שוואָם. 5) פאַרזאַמלונגען.

## 2. „פערוואָמאַי"

ס'איז ערשטער מאַי, אַקאַציעס בליען.
דאָס לאַנד איז פריי. אָ ד ע ם איז פריי.
און מיידל-אויגן הייסער גליען
אין ערשטן, פרייען „פערוואָמאַי".
אָ ד ע ם מאַרשירט אין פרייען „מאַי-טאָג".
אויף דעכער פלאַטערט רויטע פאָן.
סירען — אין לאַצן פון באַפרייטע
און אויף שטאַכעטן פון באַלקאָן.
ס'מאַרשירן אַרבעטער, סאָלדאַטן:
פאַבריק פאַרמעסט זיך מיט אַרמיי.
— „פאַלאַצן — קריג און פריד — דער כאַטע!" —
הילכט איבער פאָנען דער געשריי.
אין יעדן לאַץ — אַ רויטע ליענטע.
צום הימל הויבן זיך די קעפּ.
מאַטראָסן, זעלנער און סטודענטן
מאַרשירן איבער „מירמל-טרעפּ".

און ביים „סאָבאָר" — אויף שמאָלן טרעפּל,
מיט ווייסער פינע אויף דער ליפּ,
אַן אַלטער דיאַקאָן שטייט און פּרעפּלט:
— „פאַרגיב זיי, יעזוס'ל, פאַרגיב!
ס'האָט איבער זיי דער טייוול שליטה", —
ער רעדט מיט האָניק פון באַטרוג:
— „אוי, אונדזער לעבן האָט צעשניטן
פון רעוואָלוציע דער צוג!"—
עס רוקט אַרוים זיך פון געזעמל
אַ הויכער, ריזיקער מאַטראָס,
אין האַנט — אַ וואורשטל מיט אַ זעמל,
און צווישן ציין — אַ פּאַפּיראָס:
— „חברים-בירגער, ס'לאַיגט דער דיאַקאָן!" —
און גיט אין פּנים אים אַ כראַקע.

* * *

פון פישער-כאַטקע ביז פּאַלאַצן
עס יובלט פריילעכע אָ ד ע ם:
מיט זיסער ווייסקייט פון אַקאַציע,
מיט בלויער רויכיקייט פון בעז.
דער הימל בלוילעך, ווי סירען, איז —
און אַלטע הערצער ווערן יונג.
און שיכור, ווי אַ ליד יעסיענינ'ס,
די שטאָט מיט פרילינג איז און זון.

און ווידער ליוליק אויף בולוואַרן
מיט ראַיאַ׳ן שפּאַנט איבער אַדעס,
זיין פּנים איינגעהילט אין כמאַרע,
די ליפּן צוקן אים נערוועז.
פון פרייהייט-וויין דאָס האַרץ איז שיכור,
פון יוגנט, אויפשטאַנד און פון בעז.
און ראַיאַ׳ס פאָטער, יאָסיף בליקער,
זיצט אין דער „דומע" פון אַדעס.
און איבער שטראַליקע געזיכטער,
אַריבער יום-טוב׳דיקן וואָן,
פירט ליוליק — אַ צעפלאַמטער דיכטער —
זיין כלה ראַיאַ ביי דער האַנט
ער שפּאַנט מיט איר איבער בולוואַרן,
פאַרליבטע הערצער — שיכור-לוט:
אויף אויסגעפּוצטע טראָטואַרן
איז יונג און זינגעוודיק דער טראָט.
אויף פאָן פון ווײנשלדיקער שקיעה
צעפלאַטערט מיניעט זיך איר קלייד —
און ס׳גליט אויף ציטערדיקע וויעס
אַ טרער פון ליבשאַפט און פון פרייד.
— „עס זענען מסכּים טאַטע-מאַמע.
זאָל נאָר זיך ענדיקן דער קריג
און ס׳וועלן מער נישט זיין קיין צאַמען
צו אונדזער ליבע, אונדזער גליק!" —
אָ, טעג פון יוגנטלעכן פיבער,
פון בעז און פרייהייט און עקסטאַז,
ווען נישט געשפּירט האָט נאָך די ליבע:
ס׳וועט אַלץ זיך ענדיקן מיט האַס.

## 3. בירגער-קריג

אָ, טעג פון ווינטיקן „אָקטיאַבער",
אָ, נעכט — ווי גאַל און וויטריאָל,
ווען ס׳האָט דאָס לאַנד פאַרפלייצט דער מבול
פון אויפגעשטורעמטן רעוואָלט!
עס ברענט דאָס לאַנד אין אויפשטאַנד-פיבער
און וואַרפט אין היץ זיך און אין קעלט.
טראַכט ליוליק: — ׳ס׳איז נישט צייט פאַר ליבע,
׳ווען ס׳ווערט געבוירן נייע וועלט!׳ —
איז ער אין מחנה פון באַפרייער
אַוועק מיט טרייען פאָליעמיאָט —
און נישט געוואוסט דערפון האָט ראַיאַ,
געווען איז דאָס פאַר איר אַ סוד.

אַ, רוסלאַנד, וועלטן צוויי אין פלאַמען
האָסט אָנגעצונדן איבער סטעפּ:
די נייע וועלט פון „סערפּ און האַמער"
אַנטקעגן „אָדלער מיט צוויי קעפּ"! 1)
אַ, פרייד פון ווינטיקע פאַרנאַכטן
אויף שנייאיק-סקריפּענדיקער ערד —
אין ווילד-געיאָג פון הייסע שלאַכטן
מיט יונגען אויף געפלעקטע פערד.
דער חורבן אויף אוקראַינע פלאַקערט
און דראָט מיט אומקום יונג און אַלט —
עס צינדן שטעטלעך היידאַמאַקעס:
ס'איז הפקר יחיד, הפקר כלל.

אַ, טעג פון שייטערדיקע בראַנדן,
פון טויט-געפּאַר אין קוילן-זשום.
ס'טרייבט ליוליק היידאַמאַקן-באַנדעס
פון שטעטלעך יידישע אין „תחום".
אַהינטער זיי — געפלאַם פון בריקן,
פאָראויס — דעם מאָרגנ'ס רויטער קנויל —
און זייער שווערד פאַרזוכט דעניקין,
און ס'שמעקט פּעטליורע זייער קויל.

דורך נאַכט און רעגן, שלאַקס און זליווע
אויף אָפּרו אין אַ פויער-שטוב:
געשטאַנק פון אָנטשעס און שטיוול
פאַרטרייבט דער זיסער ריח פון זופּ.
אַ, הייסע טעג אין רויטע רייען,
אַ, טעג פון העלדישקייט און פליכט!
ווי פרילינג-בעז — אין בלוט אויף שנייען
אים שיינט פון חורבן — גאולה-ליכט.

די טויט-סכנה לויערט, לויערט:
אַ וואָלף — פון יעדן שטיין און קוסט.
און ליוליק זוכט אַ זין אין תוהו —
און זעט אין שטערן ראַיאַ'ס דמות.
ער בענקט נאָך ראַיאַ'ס זיסער לאַסקע,
נאָך בלויען, שטראַלנדיקן בליק.
ער ווייסט, זיין כלה איז נישט מסכים,
אַז ער זאָל גיין מיט באָלשעוויק.
וואו איז זי איצט, זיין זיסע כלה,
אין טעג, אין גרויליקע, פאַטאַלע?

---

1) סימבאָל פון דער צאַרישער רוסלאַנד.

## ו. אויף אוקראינע

### 1. אַ מידער זעלנער

צווישן צווינטער און בית-עולם
שלענגלט זיך אַ טיפער יאַר.[1]
אין די הימלען קרומער מולד
שווימט אַרום אין שטערן-זשאַר.
הינטער שטעטל, לעבן צווינטער
שטייט אַ בוינע מיט אַ פּלויט:
פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער
רינט אַ ריקע — בלוטיק-רויט.
רעכטס — אַ וועג קיין אַלאַפּאַליע,
לינקס — אַ שטעגל קיין הייסין.
און פאַראויס פון „שמאָלער קאָליע"[2]
לויפן רעלסן, בליציק-דין,

איבער פעלדער, איבער וועלדער,
אין אַ גרינלעכן שינעל,
שפּאַנט פון קריג אַהיים אַ זעלנער,
אַ „געאָרגיעווער העלד".[3]
אין געקנויל פון גרויע שטויבן
שפּאַנט-פאַרביי אַ שייד-וועג סלופּ.
אויפן שטערן — ווייך, ווי טויבל,
באַמבלט זיך דער שוואַרצער טשוב.
אויף די פּלייצעס הענגט אַ קלומעק,
געלע שטיוול מיט אַ סקריפּ,
באַר אין אויגן גליט דער אומעט,
און אַ קנייטש — אַרום דער ליפּ.

אויף אַ שטריקל — אַ טאַליאַנקע[4]
הענגט אין לעדערנעם פּוטליאַר.
שוועך אין זעלנער אונזער יאַנקאַ'ן
צו דערקענען — דעם בונטאַר.
נויגט דער טאָג שוין צו פאַרנאַכט-צו.
ערשטער שטערן צינדט זיך, צינדט.
אָנהויב תשרי, גיינצן אַכצן,
שפּאַנט דער זעלנער קיין הייסין.

---

1) טאָל. 2) אײַזנבאַן. 3) אויסצייכענונג אין דער צאַרישער אַרמיי.
4) האַרמאָשקע.

## 2. יאַנקאָ געפינט זיין שטאָם

איבער סטעפּעס און אַדאַיעס,[1]
אויף אוקראַינע'ס לענג און ברייט.
הוליען באַנדעס — בייזע חיות,
שפּרייטן חורבן, תל און טויט.
יאַנקאָ שפּאַנט אַריין אין שטעטל,
מיד פון שליאַכן — און ער זעט:
קראָמען — צוגעקלאַפּט מיט ברעטער,
אויסגעריסן פון שטאַכעט.
הייזער — הויקערדיקע האָרבן,
פענצטער גלאָצן אין דער נאַכט —
גלייך ווי אַלץ וואָלט אויסגעשטאָרבן,
טיר און טויער צוגעמאַכט.
יאַנקאָ קוקט זיך אום אין פּחד:
וואָס געשען איז מיט הייסין?
גיט אַ רוק ער די פּאַפּאַכע,[2]
מיט די ווייסע ציין אַ גרינץ.

מיטאַמאָל — פון ווייטסטן ווינקל,
ווי אַ שיין פון גרוב אַרויס,
טוט אַ ליכט צו אים אַ פינקל —
דוכט זיך, ס'איז די אַלטע קלויז.
און דאָס ליכטל שיינט און צאַנקלט
דורך שפּאַרונע — איבער גאַס.
נעמט זיך אָן מיט דרייסטקייט יאַנקאָ,
לאָזט זיך גיין צום ליכט מיט האַסט.
אויף אַ וויל, מיט בליק פאַרשטאַרטן
בלייבט אויף טרעפּלעך שטיין פאַרווירט.
גיט אַ צי ביים בויך דעם גאַרטל —
און אַן עפן־אויף די טיר.
יאַנקאָ שטוינט: אין פלאַטער־ציטער —
הויכע סטעאַרינע ליכט.
אין טליתים און אין קיטלען
זיצן יידן אָן די שיך.
יאַנקאָ שטוינט און ס'שטוינט די עדה.
בליקן שטאַרן, פול מיט חשד.
אויגן פיבערן מיט שווידער:
— 'וואָס איז אויסן דער סאָלדאַט?' —

---

1) גיטער. 2) קוטשמע.

יאַנקאַ קוקט אויף זיי מיט חידוש,
ליינט אַוועק אויף דיל דעם זאַק.
הויבט־אָן ריידן גויאיש, יידיש:
— „איך בין נישט קיין היידאַמאַק...
צוגע׳גנב׳עט... ביי די יידן...
מיך ציגיינער... נאָך אַלס קינד...
הייסן הייס איך י אַ נ ק אַ, ברידער...
אפשר ווייסט איר, ווער איך בין?
איך געקויפט זיך... אַ מזוזה...
אין פיעשטשאַנקע... אויף יאַריד...
זעט: איך טראָג זי דאָ... אין בוזעם...
איך, יעי באָגו, בין אַ ייד...״ —

* * *

שווייגט די עדה. אויגן פינקלען,
ווי די סטעאַרינע ליכט.
הויבט זיך אויף פון ווייטסטן ווינקל
אַלטער רב מיט בלאַס געזיכט.
קוקט דער רב מיט שטרן אויף י אַ נ ק אַ׳ ן,
מיט די אויגן מעסט אים, מעסט:
— „קינד מיינס... זון מיינער... מיין י אַ נ ק ל —
ס׳האָט באַוויזן גאָט אַ נס.
צוואַנציק יאָר שוין, ווי פאַרלוירן
האָבן מיר דיך, זון, מיין זון...
איצטער האָט דער גוטער גורל
דיך צוריקגעקערט צו אונדז...״ —

י אַ נ ק אַ הערט. די אויגן גליען,
און עס שווינדלט אים אין קאָפּ.
און אַ טרער פון זיינע וויעס,
ווי אַ פּערל, פאַלט אַראָפּ.
און אין האַרצן טוט אַ פּלאַטער.
און ער פאַלט אים אויפן האַלדז,
און ער כליפּעט: — „ב אַ ט י אַ! ט אַ ט ע!
אַלץ כדאַי געווען איז... אַלץ!״ —
שווייגט דאָס גאַנצע בית־הכנסת.
קלינגט דעם רב׳ס קול דורך אַ טרער:
— „כ׳דאַנק דיר, גאָט, פאַר גרויסן חסד —
האָסט מיין זון מיר צ׳ריקגעקערט.״ —

## 3. דער אומגליק מיט דינה'ן

נאָכן דאַווגען איז די עדה
שוין פאַרבליבן ביז קאַיאָר,
איבער שטענדערס זיך געהוידעט,
זיך געפרייט מיט רבינ'ס בכור.
יאַנקאָ ז'מיד, נאָר אויגן גליען —
און ער שלינגט דעם טאַטנ'ס רייד.
ס'קלינגט דאָס קול פון ר' יחיאל,
ווי אַן אָנגעפּלאַצטע פּלייט:

— „יאַנקל, זון מיינער, גאָט'ס צאָרן
האָט צעפלייצט זיך איבער אונדז:
יעדער טאָג איז — ווי אַ דאָרן,
יעדע נאַכט איז — ווי אַ וואונד.
לעצטע וואָך האָט דאָ וואָליניעץ
פּערצן יידן אומגעבראַכט:
ס'האָט דער צורר פון באַגינען
דאָ געקוילעט ביז ביינאַכט.
ערשטער קרבן אין דעם פייער,
אין דער האַנט פון היידאַמאַק
איז געווען מיין ברודער שייע,
ישעיה־ברוך פאַסטערנאַק.
ס'האָט דער קאַט אין ווילדער שנאָה
אים געקוילעט אין באַגין,
און זיין טעכטערל, זיין דינה'ן,
האָט געשענדט ער — וויי און ווינד!
אויך איר שמעונ'ען, איר חתן,
אומגעבראַכט האָט ווילדער קאַט.
האָט זיך דינה אָנגעשלאָסן
ביי די „רויטע" אין „אָטריאַד"." —

* * *

יאַנקאָ'ס הארץ — אין שטייג אַ פויגל —
טוט אַ צאַפּל מיטאַמאָל.
פון די לעבער סטאַרטשען אויגן,
און עס ציטערט־אויף זיין קול:
— „כ'האָב אַמאָל אין וואַלד הייסינער,
מיט אַ פינעף יאָר צוריק,
דאָ דערזען אַ מיידל דינה,
ווי אַן אויסגע'חלומ'ט גליק.
מעגלעך איז, — ער רעדט מיט שווידער, —
דינה איז דאָס זעלבע מיידל?" —

## 4. יאַנקאָ ראַטעוועט הייסין

הערט ר' כיעל — אַ געפּלעפטער —
אוים די ווערטער פון זיין זון.
פּלוצים קומט דער „שפּירער" שעפּטל
ווילד צעלויפן מיט זיין הונט:
— „יידן, שלעכט! עס קומט אַ באַנדע
מיט אַ נייעם אַטאַמאַן!
כ'האָב געזען זיי ביי די ראַנדן —
אפשר הונדערט-פופציק מאַן!" —
טוליען יידן זיך, ווי לעמער,
צו ר' כיעל'ן — זייער רב.
פּלוצים ווייזט זיך אויף באַלעמער
יאַנקאָ — ווי אַ מזיג-טוב.
שטייען יידן אין די זאָקן,
ציטער-פלאַטערן, ווי פיך...
— „ברידער-יידן... נישט געשראָקן...
איך וועל גיין צום שונא... איך!" —

* * *

בלייבט שטיין יאַנקאָ אויפן גאַניק,
קוקט זיך איין מיט שאַרפן בליק.
ס'שמעקט מיט טמין און מיט רומיאַנעק
און מיט רויך פון פאַראָוויק.1)
ס'שמעקט מיט פינצטערער שוואַרץ-חגאָ.
יאַנקאָ זעט: מיט גרויען טראַקט
אויף אַ ביסטרע, ברוינעם אָגער
פליט אַ יונגער היידאַמאַק.
און אָט קומט ער נענטער, נענטער...
יאַנקאָ וואַרט. אין אויגן — פלאַם.
בלייבט דער יונג שטיין, ווי געפּענטעט:
אויף דער באַק — אַ רויטער שראַם.
הינטער אים — פאַרשטויבטע באַנדע
מיט קאָלפּאַקעס אויף די קעפּ:
אין די בליקן — הייסע בראַנדן,
פּנים'ער — ווי גרויער סטעפּ.
שטאַרט דער פירער. אויגן שפּריצן
פונקן פייער, גיפט און האַס.
יאַנקאָ קוקט אויף יונגן היצל:
— 'ס'איז זיין פריינט דאָך אָפּאַנאַס!' —

---

1) לאָקאָמאָטיוו.

יאַנקאָ'ס בליקן — הייס, ווי בלייען.
אָפּאַנאַס אויף יאַנקאָ'ן קוקט,
זיי באַשמעקען זיך, ווי חיות,
גרייט אויף תל און אויף פאַרצוק:
— „יאַנקאָ, טי־לי, דרווזשע יאַנקאָ,
נאַ וואָיני אָסטאַווסיאַ זשיוו?
שטשאָ טי ראָביש ספּאָזאַראַנקו.
וו'סינאַגאָגי — מעזש זשידיוו?" — 1)
יאַנקאָ מעסט־אָפּ דעם מחבל
מיט אַ בליק — ווי פלאַם פון סנה:
— „יאַ טאַקעי זשע זשיד, יאַק ראַבין,
ביעש יעהאָ, טאַק בעי מענע!
זוואַלי מענע יאַנקאָ ציגאַן,
נאָנטשע־זש — יאַנקל פּאַסטערנאַק". — 2)
אויפן פערדל נעמט זיך וויגן
אָפּאַנאַס — דער היידאַמאַק:
— „יאַ נע סטאַנו טעבע ביטי...
בראַט — טי, יאַנקאָ, מני ראָדנעי..." — 3)
און אַ ריים פון קאָפּ דאָס היטל,
צו דער באַנדע אַ געשריי:
— „כלאָפּצי... טוט זשידי כאָראָשי...
היידאַ — ווסי זאַ מנאָיו וו'סטעפּ..." — 4)
שטייען יידן — שטאַר, אָן לשון,
שאָקלען מיט די סיווע קעפּ.

* * *

אויפן צווייטן טאָג איז יאַנקאָ
שטיל אַוועק אין דינה'ס שטוב:
שטיבער דריי. די באַלקנס בלאַנקן —
און ביים הארצן צופּט אים, צופּט.
יאַנקאָ קוקט אין ציטער־פּחד.
ס'הארץ גייט־אויס פון פּיין און צער.
זעט ער: ס'ליגט אַ קליין תנכ'ל,
צו דעם אַלמער צוגעשפּאַרט.

---

1) — „יאַנקאָ, דו — מיין פריינט יאַנקאָ, ביזט געבליבן לעבן אין קריג? וואָס־זשע טוסטו דאָ אַזוי פרי אין אַ שול צווישן יידן?" —
2) — „איך בין פונקט אַזאַ ייד, ווי דער רב. שלאָגסטו אים, שלאָג אויך מיך. מע האָט מיך גערופן יאַנקאָ ציגאַן, איצטער הייס איך יאַנקל פּאַסטערנאַק!" —
3) — „איך וועל דיך נישט שלאָגן, יאַנקאָ. דו ביזט דאָך מיר, ווי אַן אייגענער ברודער!" —
4) „חברה, דאָ זענען גוטע יידן... היידאַ, קומט מיט מיר צוריק אין סטעפּ" —

הויבט ער אויף דעם קליינעם ספר,
האַלט עס צערטלעך אין דער יד.
שטאַרט זיין בליק דערויף אָן אויפהער:
פלעקן בלוט — אויף יעדן בלאַט.
רייסט פון האַרצן זיך אַ כליפּן,
טרערן שטיקן אים אין קעל.
לייגט ער צו עס צו די ליפּן —
און פאַרשטעקט עס אין שינעל.

* * *

יאַנקאָ איז אַ וואָך פאַרבליבן
ביי זיין פאָטער אין הייסין.
ריידן טאַטע־זון אין שטיבל —
פון באַגין און ביז באַגין.
דרייט דער רב זיך אום — אַ שאָטן,
הערט זיך צו צו יאַנקאָ׳ס „פּשט״:
— „כ׳קאָן דאָ נישט פאַרבלייבן, פאָטער,
כ׳מוז געפינען איר „אָטריאַד״.
כ׳וועל באַצאָלן זיי מיט פייער,
מיט אַ האָגל קויל־און־בראַנד:
פאַרן בלוט פון פעטער שייע,
פאַר מיין דינה׳ס בראָך און שאַנד!״ —
ברעכט דער רב די פינגער דינע:
— „פאָר געזונטע און קום געזונט!
וועסטו דאָרט געפינען דינה׳ן,
שטעל מיט איר אַ חופה, זון.״ —
לאָזט זיך יאַנקאָ איבער באַנען,
איבער שליאַכן — נע־ונד,
גרייכט די רויטע פאַרטיזאַנער —
און פאַרשרייבט זיך אין „אָטריאַד״.

* * *

לויפן וואָכן און חדשים:
איבער פעלד און איבער טראַקט
יאָגט זיך יאַנקאָ נאָכן רשע,
נאָכן ווילדן היידאַמאַק.
לעבן דערפל, לעבן מלינע,
האָט געכאַפּט ער טיף אין וואַלד
דעם, וואָס האָט געשענדט זיין דינה׳ן —
און געטויט אים מיט קינזשאַל.
יאָגט זיך יאַנקאָ איבער הייכן,
נאָר ער קאָן נישט דינה׳ן גרייכן.

## ז. דער פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו

### 1. דאַלאַי אוריאַדניק 1) און זשאַנדאַר!

אין טיפן קעלער יאָסל חלומ'ט.
אויף ליכט פון קאַניעץ שטאַרט זיין בליק:
ווי לאַנג קאָן הערשן די ממשלה?
ווי לאַנג קאָן אָנהאַלטן דער קריג?
אַ רעיון בליצט אָפּט פאַר זיין ראיה:
אויף שאַרפן סקאָס פון בלויע בערג —
אַ ווייסע טויב אינמיטן פליען,
וואָס וואַרפט איר שאָטן אויף דער ערד.

און מיטאַמאָל באַווייזט זיך בליומע
אין אַ פאַרקנעפּלטן כאַלאַט:
— „אָ, יאָסל, ערשט איז אָנגעקומען
אַ בשורה אַזש פון פּעטראָגראַד.
סאָלדאַטן בונטעווען אויף פראָנטן...
דאַלאַי אוריאַדניק און זשאַנדאַר!
גוט-יום-טוב, יאָסל, דיר, גוט-יום-טוב:
מ'האָט שוין אַראָפּגעזעצט דעם צאַר!" —
האָט יאָסל זי אַרומגענומען,
געגלעט, געלאַשטשעט אירע האָר,
און האַרציק זיך צעקושט מיט בליומ'ען:
— „גוט-יום-טוב, מיידל מיינס, גוט-יאָר!" —

ער איז אַרוים מיט איר אין דרויסן,
אויף ברייטער אַלעקסאַנדער-גאַס:
מע רייסט פּאָרטרעטן פון דעם קיסר,
אין אויגן — פיבער און עקסטאַז.
די גאַסן אָטעמען, ווי לונגען,
מיט שניי-צעשמעלץ און פרילינג-ווינט.
די מאַכט איז אין די הענט פון יונגען.
האַרמאָשקע שפּילט — און עמיץ זינגט.
שערשאַווע הענט זיך ציען, ציען.
אויף הויכער סטעליע בליצט דער לאָמפּ.
פון דער פּאַרטיי „פּועלי-ציון"
אַריין איז יאָסל אין „רעווקאָם". 2)

---

1) פּאָליציי-הויפּט אין שטעטל. 2) רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט.

## 2. די האָניק־טעג

אין בוג שוין פליעסקעט ס׳פרילינג־וואַסער.
די שנייען שמעלצן זיך אין יאַר.
אַ שאַל־געטאָן האָט קול־מבשר:
ס׳איז רוסלאַנד פריי... אַראָפּ דער צאַר...
אָ, האָניק־טעג פון פרייהייט־כלה
מיט ליבע־שמייכל אויף איר ליפּ,
וואָס פאַרן חתן איז מגלה
דעם יוגנט־סוד: — „איך האָב דיך ליב!“ —
אָ, טעג פון אויפגעצוימטער לאַווע,
וואָס פליצט פון בערג אַראָפּ און בריט, —
ס׳האָט קיינער מיט אַזויפיל אהבה
אייך נישט באַגעגנט, ווי דער ייד.
נאָר נישט גערעכט האָט דאַן זיך קיינער
אין גאַנצן לאַנד — נישט ייד, נישט גוי:
אַז ס׳וועט פון כ ל ה ו ו ע ר ן ז ו נ ה,
פון פ ר י י ה י י ט — ווערן ג אַ ז ל ע ו ו אָ י,

אַ יאַר אַוועק. עס אַרבעט י אָ ס ל
אַלס סעקרעטאַר אין דעם „רעווקאָם“.
ס׳איז פאָרזיצער — ד ר אָ ז ד אָ ו, דער שלאָסער,
דער „וויצע“ — ש מ י ד ט, דער אַגראָנאָם.
ס׳האָט י אָ ס ל אָנהויב יענעם זומער
מיט ב ל י ו מ ע ׳ ן חתונה געהאַט.
פון מאָסקווע בייזע ווינטן קומען,
פאַרפליגענע פון פעטראָגראַד:
די מאַכט פאַרכאַפּט האָט חבר ל ע נ י ן,
אין קרעמלין הערשט דער באָלשעוויק.
מאַיאָנטקעס און פּולוואַרקן ברענען —
עס שמעקט אין לאַנד מיט בירגער־קריג.
עס טריפעט זיך — אַ גרויע פּילקע —
דאָס לאַנד אין ל ע נ י נ ׳ ס ציעפּקע הענט,
ער האָט צעטריבן „אוטשרעדילקע“, 1)
פון פאָלק דערווײלטן פּאַרלאַמענט.
ס׳איז ווייט פּראָסקוראָוו פונם צענטער,
נאָר אין צעבויטעטן צעוויג
דער שטורעם רוקט זיך נענטער, נענטער —
אויך דאָ שוין בורעט באָלשעוויק.
פון קיעוו ז׳געקומען חבר ש ט ר אָ ם,
אַן אויסגעשולטער „פּאָליטקאָם“. 2)

---

1) גרינדונג־פאַרזאַמלונג. 2) פּאָליטישער קאָמיסאַר.

עס האַלט מיט אים ד ר אָ ז ד אָ ו, דער שלאָסער,
און ס׳וואַקלט זיך דער „וויצע“ ש מ י ד ט.
פון זיי בלויז איינער האַלט זיך י אָ ס ל
אויף זיין פּאָזיציע, ווי גראַניט.

### 3. סאָניעשניקעס[1] וויאַנען

אין סעדער פעלן שוין די בלעטער,
ס׳פּאַרלירן וועלדער זייער טראַכט.
אין קיעוו הערשט דער נייער „העטמאַן“[2]
אוועקגעזעצט פון דייטשער מאַכט.
אוקראַינע זאַמלט אירע כוחות
אַנטקעגן מאָסקווער רויטער בייטש.
פון קוימענס שפּאַרן נישט קיין רויכן —
ס׳האָט אַלץ אַוועקגעפירט דער דייטש.
אין קיעוו הערשט די „דירעקטאָריע“[3]:
„ס׳דאַרף פריי-זיין די אוקראַינער ערד!“
אין שפּיץ שטייט אין זיין גאַנצער גלאָריע
פּ ע ט ל י ו ר ע — הויפּט פון מיליטער.

ער איז בלויז קעגן קאָמוניסטן,
פאַרניכטן מוז ער דעם „סאָוויעט“.
ער האָט אַ יידישן מיניסטער
אַריינגעשטעלט אין קאַבינעט.
נאָר ס׳בונטעווען זיך אַטאַמאַנען:
אין אַלץ איז שולדיק בלויז דער „זשיד“.
אין סטעפּעס סאָניעשניקעס וויאַנען —
עס גרייט דער שניטער זיך צום שניט.

### 4. „באַטקאַ סימאָסענקאָ“[4]

די נאַכט איז חולה אין פּראָסקוראָוו:
זי ליגט אין פיבער פון „סיפּניאַק“.[5]
ביי כמעלניק שטייט סימאָן פּעטליורע,
דער קאַט אויף יידן שאַרפט די האַק.
אויף די „אָבאָרעס“[6] וואַיען צויגן.
עס לויכט אַ קאַניעץ אין „רעווקאָם“.
נישטאָ קיין שיצער און קיין מגין —
עס שמעקט מיט טיפוס און פּאָגראָם.

---

1) זון־רויזן. 2) הערשער פון אוקראַינע. 3) די מאַכט פון דער אומהאָפּ־
הענגיקער אוקראַינע. 4) פּעטליוראַ׳ס אַטאַמאַן. 5) פלעק־טיפוס.
6) הינטער־הויפן.

די שטילקייט זשומעט אַרום קאַניעץ,
און יאָסל שניצט אַ נייעם שאַך.
מיט אים: חברים שאַפּיר, גאַניאַ —
צוויי טעג זיי האַלטן דאָ די וואַך.
י. שאַפּיר איז אַ פרייהייט־שומר,
אַן אויסגעהאַלטענער בונדיסט:
די גבירים און די „ציון־טרוימער"
ער שמייסט מיט צינגל, ווי אַ כליסט.
און גאַניאַ איז אַ קאָמוניסטקע,
כאָטש שטאַמען שטאַמט זי פון די פּני:
איר פאָטער רייסט פון אַלעם עיסקאָ —
און זי איז אין דער „קאָמפּאַרטיי".
די נאַכט איז שטיל. עס צאַנקט דער קאַניעץ
עס טופּען קאָפּיטעס אויף שליאַך.
עס דרימלען שאַפּיר שוין און גאַניאַ,
בלויז יאָסל שניצט און שניצט דעם שאַך.

* * *

געוועזן איז פול מיט פראָסט און שטורעם
די נאַכט פון פערטן פעברואַר,
ווען סימאָסענקאָ אין פּראָסקוראָוו
באַוויזן האָט זיך אויפן מאַרק.
אויף מאָרגן האָבן „גרינע שליפּעס"
מודעות גרויסע אויסגעקלעפּט:
— „כ'פאַרבאָט צו האַלטן דאָ אַסיפות,
אַנישט, באַצאָלט איר מיט די קעפּ.
עס זוכן רויטע אונדז מאָסקאַליעס
פאַרשקלאַפן אונטער לעניִנ'ס קרוין,
מיט זיי — די מאָשקעס און געדאַליעס
מיט זייער לייבעלע בראָנשטיין.
— „דעריבער וואָרן איך די זשידעס
און זייער פינצטערן „קאַהאַל":
נישט מאַכן צופיל „שאַלעשידעס",
נישט אויפצוהייבן קיין געוואַלד.
און צווישן זיי — די באָלשעוויקעס
וואָס האָבן קעגן אונדז געשלאַכט —
אַרויסגעבן די בונטאָוושטשיקעס
צו אונדז, צו דער אוקראַינער מאַכט.
אויב נישט, מיט שווערד און בראַנד און פייער
באַשטראָפן וועט אייך מיין 'אַטריאַד'." —
עס האָט פּראָסקוראָוו זיך פאַרטאַיעט:
— 'וואָס קאָן מען ענטפערן דעם קאַט?" —

5. די אסיפה אין „רעוזקאָם“

עס דראָט דאָך אַלעמען סכנה
עס גרייט אַ שחיטה דאָך דער שד, —
מ׳דאַרף אפשר שאַפן „אַבאָראָנע“?
און אפשר איז שוין שפּעט, צו־שפּעט?...
ווען ס׳איז אַריין אין שטאָט דער צורר —
און מ׳האָט דערשפּירט דעם גרויסן בראָך,
ביי יאָסל׳ען האָבן צען חברים
פאַרקליבן זיך אין טיפן „ליאָך“:
דער פאָרזיצער — דראָזדאָוו, דער שלאָסער,
דער „וויצע“ — חבר הערמאַן שמידט,
דער סעקרעטאַר — דער חבר יאָסל,
און דער „עס־ער“ — אַליאָשאַ קריט.
און גאַניאַ גראָס — די קאָמוניסטקע,
און חבר שאַפּיר — דער בונדיסט,
און מלכה גאַלין — די מאָדיסטקע,
און בענטשיק שוואַרץ — דער אַנאַרכיסט.
מיט זיי — דער שטילער מאָטל רימער,
דער פירער פון קאָאָפּעראַטיוו,
און טאָליע שטראָם, דער בעל־השטימע,
געשיקט פון „קאָמפּאַרטיי“ אין קיעוו.
זיי זיצן אויסגעזעצט אויף פּעסער
ביים שיין פון סטעאַרינע ליכט,
ווי מ׳איז אין שפּאַניע געזעסן,
געהיים אַ סדר אָפּגעריכט.
דאָס ערשטע וואָרט נעמט חבר יאָסל:
— „מיט טויט דער קאַט די יידן דראָט,
האָט מיין פּאַרטיי׳ס „צע־קאַ“ באַשלאָסן
אַ זעלבסט־שוץ שאַפן דאָ אין שטאָט.
איז וויל איך אייער דאָ הסכמה,
דער ענין אַלעם איז דאָ נאָענט:
מיר דאַרפן קעגן די פּאָגראָמען
אַרויסשטעלן „יעדיני פראָנט“.“ —
דאָס צווייטע וואָרט נעמט חבר שאַפּיר:
— „פּאַרוואָר, ס׳איז טאַקער דאָך גערעכט —
דער „באַטקאָ“ דריקט אונדז אונטער קנאַפּל,
מע דאַרף זיך שיצן פון געשעכט!“ —
דאָס וואָרט נעמט קריט — פון די „עס־ער׳ן“:
— „כ׳בין נישט באַפולמעכטיקט, אַ שאָד!
נאָר מיין פּאַרטיי וועט אייך נישט שטערן
אַ זעלבסט־שוץ שאַפן דאָ אין שטאָט.“ —

דער פּאָרזיצער — דראָזדאָוו, דער שלאָסער,
ווינקט־צו צום „וויצע" — חבר שמידט:
— „אונדז וואונדערט, וואָס ביים חבר יאָסל
האָט פּלוצים זיך דערוועקט דער ייד.
מיר זענען אַלע אין סכנה,
דער ייד, דער דייטש און דער פּאָליאַק,
און ס'ווילן שאַפן „אַבאַראָנע"
בלויז יידן — קעגן היידאַמאַק!" —
ווי ס'וואָלט מיט אָקרעפּ אָפּגעבריט ווער,
גיט פּלוצים טאָליע שטראָם אַ שפּרונג —
און ס'גיט אַ בליצל, ווי אַ בריטוווע,
זיין שאַרפע, אויסגעפּיקטע צונג:
— „וואָס טויג אייך „סאַמאָ־אַבאָראָנעם"?
וואָס שרעקט איר זיך פאַר „באַטקאָ'ס"" האָם?
פון אַלע צרות און סכנות
וועט שיצן אייך „סאָוויעטסקי וולאַסט"!" —
**6. די בלוטיקע הריגה**
צען טעג געוואַרט האָט סימאָסענקאָ,
צען וויסטע, אימה'דיקע טעג:
אין שטאָב געהוליעט מיט פּאַניענקעס,
געגאַן מיט פריצים אויף געיעג.
אויף עלפטן טאָג — געווען איז שבת,
דער עולם איילט זיך פון דער קלויז.
מע זעט: דער פינצטערער מחבל
אויף שוואַרצן פערדל רייט פאַראויס.
און הינטער אים — מיט פּוליעמיאָטן,
אין אויגן שיקלדיקע — האָס,
קאַזאַקן שלייכן, ווי די שאָטנס,
אַרויף אויף אַלעקסאַנדער־גאַס:
— „עס האָבן זשידעס אַלע יאָרן
געפּייניקט אונדזער אָרעם פאָלק,
געקומען איז איצט טאָג פון צאָרן,
ס'איז צייט צו מאַכן דאָ אַ טאָלק.
עס שיקט אייך „באַטקאָ" סימאָסענקאָ —
פון גאַס צו גאַס, פון סקווער צו סקווער:
דאָס פאָלק פון וואוכערס און פון שענקערס
זאָלט איר היינט אָפּווישן פון דר'ערד.
די יידן האָבן שיינע טעכטער,
נישט ווייזט אַרוים צו זיי קיין גנאָד:
איר קאָנט זיי שענדן, טייטן, שעכטן,
נאָר נישט ראַבירן — איך פאַרבאָט!" —

און ס׳האָט די בלוטיקע הריגה
אַ פלייץ-געטאָן אין ווילדן וואָן:
מ׳האָט נישט געשוינט קיין קינד אין וויגל,
קיין קראַנקע פרוי, קיין אַלטן מאַן.
פיר שעה געדויערט האָט די שחיטה —
פון צוויי בייטאָג ביז זעקס פאַרנאַכט.
נישט שרייבן קאָן די האַנט אָן ציטער
די גרוילטאַטן פון יענער „שלאַכט".
מעטאָדיש, ווי די אויטאָמאַטן,
אָן טומלעניש, אָן ווילד-געשריי,
געקוילעט האָט מען אין די כאַטעס,
אין הויפן, הייזער, אויפן שניי.
געגאַן פון שכן ביזקל שכן,
פון שוסטער-געסל ביז דער קלויז —
פאַרטיליקט גאַנצענע משפחות,
נישט אויסגעלאָזט קיין איינציק הויז.
אַוועקגעלייגט ביי זעמעלמאַנ׳ען
מ׳האָט איין-און-צוואַנציק מיטאַמאָל:
הרוגים זיבן — אויפן גאַניק,
און פערצן קדושים — אויפן פאָל.
אין צווייטן הויף זענען געפאַלן
צוויי צענדליגק יידן אין אַ ריי —
און ס׳האָבן בלוטיקע קינזשאַלן
די רוצחים אָפגעווישט אין שניי.
און מיט די רוצחים — דאָקטאָר סקורניק
איז, ווי אַ שאָטן, נאָכגעגאַן.
מיט העַנט, מיט הוילע, האָט אין „קורניק"
דערשטיקט דאָס מיידל ריווע דאַן.
דער „באַטקאָ" איז געווען צופרידן:
עס האָבן זיינע כלאָפּציעס דאָ
געקוילעט צוועלף הונדערט יידן
אין בלויז, אין איינציקע פיר שעה.
* * *
די זעלבע נאַכט איז, ווי אַ דיבוק,
דער קאַט, נישט מיד נאָך פון פּאָגראָם,
אַריין אין יאַסל׳ס קעלער-שטיבל —
און דאָרט געפונען דעם „רעוו קאָם".
פאַראויס זיי — שפּאַרט אָסטאַפּ קאָרונאַ,
אַ פאָך מיט בלוטיקן קינזשאַל:
— „העי, קוקט: מיר האָבן דאָ געפונען
דעם גאַנצן יידישן „קאַהאַל"!" —

נאָך אים אַ דרייסיק־פּערציק אירע
מיט מעסער, האַק און רעוואָלווער.
און אויגן בליצן, ציינער שטשירן —
און טיפער זינקט אין לייב די שווערד.
און אויסגעבראָכן האָט אַ שחיטה
אין יאָסל טאָקער׳ס קעלער־ליאָך —
נישט מיד געוואָרן איז דער שניטער
פון קויל־געקנאַל און שווערד־געפּאָך.

אונטער דעם באַרג פון די הרוגים
געלעגן יאָסל לאַנג איז, לאַנג,
דערמאָנט זיך פלוצים, האַלב־משוגע:
עס איז אַ דורכגאַנג דאָ פאַראַן,
וואָס פירט אַרויס פון טיפן קעלער
צו׳ר אַלטער שול דורך שמאָלער טיר.
האָט ער געגומען קריכן שנעלער
אויף אַלע פיר, אויף אַלע פיר...
ביז ר׳האָט צום דורכגאַנג זיך דערקליבן
און איז פון קעלער־ליאָך אַרויס.
אָט איז די שול... איז ער פאַרבליבן
ביינאַכט אַליין אין אַלטער קלויז.

## 7. דער פּליט אין אָרון־קודש

די נאַכט איז אימה׳דיק און הייליק
אין אַלטער קאַמעניצער שול.
די שטענדערס שטייען, ווי אַבלים,
פון צייט איז אָפּגעווישט דער גבול.
ביי סומנער שיין פון דעם נר־תמיד
זעט יאָסל: אַלץ איז דאָ געשענדט.
צעבראָכן וואַלגערט זיך ביים עמוד,
אַ כרוב, געשניצט פון זיינע הענט.
פאַרשוועכט, פאַראומרייניקט גאָט׳ס היכל
אין ווילדער שנאה האָט דער ברוט.
צעריסן וואַלגערט זיך ס׳פּרוכת
אויף טרעפּלעך, איינגעשמירט אין בלוט.

דער אָרון־קודש — אַ צעפּראַלטער,
אַ ספר־תורה — אויפן דיל.
און ס׳קריכן אימה׳קע געשטאַלטן
אין ליכט־און־שאָטן גרוילן־שפּיל.
און פלוצים הערט ער פונדערווייטנס:
עס גאַלאָפּירן ווילדע רייטערס.

און י אָ ס ל  שטייט אין קלעם — און שווידערט:
— ׳מע דאַרף אַנטרינען פון דעם קאַט...׳ —
ער שפּרינגט אַריין אין אָרון־קודש —
און ס׳האַרץ זיינס ציטערט, ווי אַ בלאַט.
ער טוליעט זיך צו ספר־תורה׳ס:
— „אָ, גאָט פון  מ ש ה  און  א ב ר ה ם,
אין דיינע הענט ליגט איצט מיין גורל,
באַשיץ אַ יידן פון פּאָגראָם!״ —
אויף מאָרגן האָט מען ערשט געפונען
אין אָרון־קודש אים, האַלב־טויט.
ער האָט גערעדט עפּעס משונה:
— „אין קעלער־ליאַך...  די וועלט פאַרגייט...״ —
8. ס י מ אָ ס ע נ ק אָ  פ אַ ר ל אָ ז ט  פ ר אָ ס ק ו ר אָ ו ו
צוויי טעג אַוועק. עס יובלט עשיו.
דער „באַטקאָ״ ווייזט־אַרויס זיין „גנאַד״:
אין ברודער־גרוב צוועלף הונדערט מתים
באַערדיקן מיט גרוים „פּאַטשאַט״.
דער קברן טראָגט צוויי טויטע קינדער
פון שטיבל ליימיקן אַרויס.
די הימלען קלאָגן אויפן פלינדער,
די זון — אַ רויט־מאַכראָווע רויז.
אַ ים מיט בלוט, אַ באַרג הרוגים,
נישטאָ קיין אין הויז אָן אַ מת.
עס ציען זיך די טרויער־צוגן
אַ גאַנצן רונדיקן מעת־לעת.
מע הערט אויף גאַס נישט קיין יללות,
די הערצער שווייגן שטום און שטאַר.
אויף ליפּן שטאַרבן־אָפּ די קללות.
אין אויגן גליווערט פּיין און צער.
עס האָט פּראָסקוראָוו פאַר דער שחיטה
געדאַרפט באַצאָלן נאָך דעם קאַט,
ער זאָל אַוועק מיט זיינע „ריטער״ —
דריי הונדערט טויזענט אין דער יד.
עס שפּאַנען צום וואָקזאַל קאַזאַקן
און זינגען לידער, פול מיט גיפט:
— „דאָ סכיד סאָנצאַ היידאַמאַקי
ריזאַלי זשידיוו...״ —
די קראָמען שטייען נאָך געשלאָסן.
מע וואַרט שוין מער נישט אויף קיין נס.
אַ חודש נאָך פּאָגראָם איז  י אָ ס ל
אַוועק מיט  ב ל י ו מ ע ׳ ן  קיין אָדעס.

## ח. ליאָווקאַ און מאַניאַ

### 1. מישקאַ יאַפּאָנטשיק׳ס אַדיוטאַנט

סעפּטעמבער־טעג, בורשטיניק־קלאָרע.
די לופט איז האַרבסטיק־זיס, ווי מעד,
די פייגל פליען שוין צום דרום.
ס׳באַהאַלטן גענדז זיך אין טשערעט.
די כוואַליעס — קוטשעראַווע לעמער —
אין האַפן שוימען מיט אַ פּליעסק.
די קראָמען עפענען די קרעמער:
אַוועק די „רויטע״ פון אָדעס.
אויף ראָג קאָסטיעצקע־גאָספּיטאַלניע,
וואו דלות חבר׳ט זיך מיט נויט,
שפּאַצירט אַ בחור — אַ נאַכאַלניק
מיט אַ פלאָם־פייערדיקער מויד.

אויף רעכטער זייט — אַ גרויער „שפּייער״, 1)
מיט הייסן אָנגעפּילט, מיט בליי.
עס איז זיין נאָמען ליבל פייער,
מ׳רופט אים ליאָווקאַ שאַלאָפּאַי.
ער איז ביי מישקאַ, דעם יאַפּאָניעץ, 2)
די רעכטע האַנט — זיין אַדיודאַנט,
אַ בלאָנדער יונג מיט פלאַכע דלאָניעס,
מיט הייסע אויגן — פייערבראַנד.
מיט אים — אַ מיידל, ווי אַ שריפה,
מיט קודלעס — פלאַמעדיק און רויט.
עס איז איר נאָמען מלכה שלייפער,
מע רופט זי „מאַניטשקאַ — די מויד״.
ער שרעקט פאַר קיינעם זיך נישט ליאָווקאַ
אין זיין געבוירנשטאָט אָדעס,
בלויז פאַר זיין מאַמע׳ן, דער „טאָרגאָווקע״, 3)
דער אַלטער ברכה פון „פערעס״. 3)
זיין טאַטע איז געווען אַ טרעגער,
האָט פאָניע אים פאַרשלעפּט אין קריג,
געפאַלן אויף מאַנדזשורער וועגן —
און נישט געקומען מער צוריק.
פון זיך אַליין האָט אויסגעלערנט
זיך ליאָווקאַ שפּילן אויף דער פליט —
און אַז מע פלעגט זיין שפּיל דערהערן,
האָט גאַנצע גאַס געטאַנצט פון פרייד.

---

1) רעוואָלווער. 2) אונטערוועלט־העלד. 3) הענדלעריך. 4) אָרעמע געגנט.

ווי קומט צום יאַט אַזאַ נטיה, —
געוואונדערט האָט זיך גאַנץ אָדעס.
נאָר ער האָט פרי זיך „סקאָמפּאַניעט"
מיט חברה יאַטן פון „פּערעס".
דערנאָך אַוועק אויף מאָלדאַוואַנקע,
זיך אומגעשלעפּט מיט ווילדע שלעק:
די נעכט געהוליעט מיט „קאָכאַנקעס",
מיט „מאַראָוויכערס" — גאַנצע טעג.

## 2. דער סויבל־פּעלץ

און ליאָווקאַ וואַקסט אַ יאַט מיט ביינער,
אַ גרויסער בריה מיט נאַגאַן.
ער שרעקט זיך מער שוין נישט פאַר קיינעם —
און דרייט אַרום זיך שלינג־און־שלאַנג.
די מאַמע האַנדלט אַלץ מיט בייגל
אין קליינעם שטעלכל אויף „טאָלטשאָק" —
און ליאָווקאַ טראָגט אַ גאָלד'נעם זייגער
מיט אַ קרישטאָלענעם ברעלאָק.
און זינט „יאַפּאָנטשיק" איז געוואָרן
געקרוינט אַלס מלך פון „נאַליאָט",
טראָגט ליאָווקאַ שטיוועלעך מיט שפּאָרן —
און ס'שמ'ט זיין נאָמען איבער שטאָט.
מיט מאַניאַ'ן האָט ער זיך באַגעגנט
אין „קוויסיסאַנאַ־רעסטאָראַן".
ער האָט באַטראַכט זי, ווי אַ יעגער
באַטראַכט אַ שטאָלצע, ווייסע שוואַן.
האָט ער אַ צי־געטאָן דעם פּאַסעק —
און נישט דערטרונקען ס'גלעזל ביר.
פאַרנויגט זיך ערנסט און האַלב־שפּאַסיק:
— „מאַמזעל, מיר גייען אויף שפּאַציר!" —
האָט זי פאַרשפּיליעט די „טאַמאַרקע"
און פרעך געענטפערט מיט אַ שפּיי:
— „עס וועט קיין מיידל פון קאָסאַרקע
נישט גיין מיט ליאָווקאַ שאַלאַפּאַי." —
— „איר דאַרפט, מאַמזעל, זיך נישט „אָבידיען", —
האָט דורכגעזייט ער דורך די ציין:
— „אויב זוכסט דאָ, מיידעלע, אַ שידוך,
וועל איך דער שדכן זיין אַליין..." —
זיי האָבן שטאָלץ פון „קוויסיסאַנאַ"
אַרויסשפּאַצירט שוין זאַלבעצווייט.
זינט דאַן אָדעס איז אים מקנא:
געוואָרן מאַניאַ איז זיין מויד.

ער פירט זיין דאַמע איבער גאַסן,
ווי ס׳פירט אַ בת־מלכה — איר פּאַזש,
אַראָפּ צו גאַס פון דעריבאַס׳ן,
צו די וויטרינעס פון „פּאַסאַזש״:
— „זעסט, מאַניטשקאַ, דעם סויבל־פוטער,
ער וואָלט געקליידט דיר צום געזיכט.
מיר קריגן שבת די „וואַליוטע״,
כ׳וועל דיר אים קויפן ביי דעם גריך.״ —
די ווייסע ציינדלעך מאַניאַ שטשירעט.
אין אויגן — בראַנדיקער צעשמעלץ:
— „ס׳האָט מישקאַ שוין זיין שליוכע פּיראַ׳ן
נאָך לעצטע וואָך געבראַכט אַ פּעלץ.״ —
נעמט ליאָווקאַ פאַר דער מויד זיך שווערן,
ווי ס׳וואָלט אַ שלאַנג זיין האַרץ באַרירט:
— „זאָל כאַפּן פּיראַ׳ן די כאָליערע,
ביזט, מאַניאַ, שענער דאָך פון איר!
דו הערסט, מיין נאָמען איז נישט ליאָווקאַ,
איך שווער ביים טאַטן, ביי דעם העלד,
און ביי דער מאַמע׳ן, דער טאָרגאָווקע,
אַז קריגן וועסט נאָך היינט דעם פּעלץ!״ —
און מאַניאַ וואַרט ביי זיך אין צימער
און רויכערט שטיל אַ פּאַפּיראָס.
זי ווייסט, עס איז נישט קיין באַרימער
דער פליגקער „ליאָווקאַ ווירטואָז״.

### 3. ליאָווקאַ ווערט אַ דעזערטיר

די זון אין אָנהויב פון סענטיאַבער
איז מיד און שיקלדיק און קיל.
די „ווייסע״ זענען לעצטן שבת
צוריקגעטראָטן אין דער שטיל.
אָדעס איז ווידער ביי די „רויטע״.
גאַמאַרניק יובלט גרויסן זיג.
אויף גאַסן נעצן זיך פאַרשפּרייטן
אויף ספּעקולאַנט און בירזשעוויק.
עס האָבן „רויטע״ קיין וואַפּניאַרקע
„יאַפּאָנטשיק׳ן״ פאַרשלעפּט צום פראָנט,
און דאָרט גענומען אים „זאַבאַרקע״,
אים קאַלט געמאַכט אין זיין וואַגאָן.
און ליאָווקאַ איז פון זיי אַנטרונען,
אַוועק מיט פעלדער פון וואָקזאַל,
זיך אָנגעטרונקען ביי אַ ברונעם,
געגעכטיקט אין אַ פויער־שטאַל.

אין קורצער, לעדערנער „פּאָדיאָווקע",
אין הויכע שטיוול ביזן דיך,
האָט אויסגעזען דער בלאָנדער ל י אָ ו ו ק אַ:
אַ שגץ — ערשט אַרוים פון קירך.
עס האָט אַ פּויער אויף אַ פורל
אים מיטגענומען צום פּאַראָם,
האָט אויפן וועג דערזען ער שפּורן
פון פרישן שטעטלישן פּאָגראָם:

אינמיטן פעלד — אַ טיפער גראָבן.
און ס'שטעקט אַרוים אַ האַנט פון דר'ערד...
אין בלויען הימל קאַרקען ראָבן...
און ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס פערד.
דער פּויער רעדט: — „ווי אין אַ יאַטקע,
מ'האָט זיי געקוילעט דאָ אין יאַר,
אַ לעבעדיקן האָט דער „באַטקאָ"
באַגראָבן לייבקע'ן דעם שינקאַר.
דער פּויער צלמ'ט זיך מיט פרומער,
מיט פּאָרכטיקער, פאַרשווייסטער דלאָן.
ס'ווערט ל י אָ ו ו ק אַ'ן קאַלט פון פיין פון שטומער —
און ס'קלאַפּט אַ צאָן אים אין אַ צאָן.
און ס'גיט אַ ברי ביים יונג אין מוח,
ווי ס'וואָלט אַ שווערד געטאָן אַ שניט:
— 'אַ פלוך דעם פינצטערן רוצח —
'אויך איך, אויך א י ך בין דאָך אַ ייד!' —
אין דורכגעשאָסענע תחתונים
האָט ל י אָ ו ו ק אַ — ממש דורך אַ נס —
זיך קוים געראַטעוועט פון בוינע —
און צ'ריקגעקומען קיין אָדעס.

די בירגער טראָגן אַלטע פּאַלטנס
און קאָרטשען זיך פון הונגער-קעלט.
האָט ל י אָ ו ו ק אַ אין אַ נאַכט אַ קאַלטער
באַוויזן זיך אויף מ אַ נ י אַ'ס שוועל.
זי קוקט אויף אויסגעדאַרטן ל י אָ ו ו ק אַ'ן —
און ס'גיט אַ קלעם ביי איר דאָס האַרץ.
זי הויבט זיך אויף פון גרינער סאָפקע —
און בלייבט אַ ווײַלע שטיין פאַרשטאַרט.
עס ברעכט איר שטימע זיך פון ווייטיק:
— „מיין יינגל, וואָס ז'געשען מיט דיר?" —
ער קרעכצט: — „אַנטלאָפן פון די 'רויטע' —
און איצט בין איך אַ דעזערטיר!" —

### 4. ליאָווקאַ ווערט אַ סטאַטיק

אויף דריטער וואָך מיט בלאָנדן בערדל
איז ער אַרויס אויף דער יאַמסקאָי,
געטריבן אַ ליאַדאַשטשע פערדל —
ס'האָט נישט דערקענט אים ייִד, צי גוי.
נאָר ס'האָבן לאַנג די באָלשעוויקעס
זיך נישט געהאַלטן אין אַדעס.
אַ חודש־צוויי — אַוועק בשתיקה,
און ס'האָט אַדעס שוין נייע געסט.
געקומען איז דער קוילער שעלער,
דעניקינ'ס בייזער אַדיוטאַנט.
די זאַלן ברעכן זיך פון בעלער,
עס הוליעט שיבער־ספעקוליאַנט.
און ליאָווקאַ איז ווי ניי־געבוירן:
ר'איז פון באַהעלטעניש אַרויס,
דאָס בלאָנדע בערדל אָפּגעשוירן,
באַזעצט ביי מאַמען זיך אין הויז.
געוואָרן גאָר אַנאַנדער ליאָווקאַ,
פון אַלע יאַטן זיך באַפרייט.
געזאָגט דער מאַמע'ן, דער „טאָרגאָווקע":
— „פון איצט־אָן ווער איך שוין אַ לייט!" —

### 5. ליאָווקאַ באַהאַלט אַ סוד

דערציילט דער מאַמע'ן וועגן מאַניאַ'ן,
אַז ליב איז זי אים, ווי די וועלט,
אַ זאַל גענומען אין „אוראַניע",
מיט איר אַ חופּה דאָרט געשטעלט.
איין סוד האָט ער בלויז אויסבאַהאַלטן:
אין מאַמע'ס שטוב, אונטער דעם דאַך,
האָט ער פאַרשטעקט צעווישן שפּאַלטן
אין גאָלד אַ צוואַנציק טויזנט ר"ך.
און אָפט, ווען מאַמע פלעגט אַנטרינען
פון הויז מיט קאָשיקעס געבעקס,
און מאַניאַ פלעגט ביז זייגער פינעף
צ'ור אַרבעט אין קאָנטאָר אַוועק, —
פלעגט ליאָווקאַ דאַן זיין גרויסן אוצר
אַרויסשלעפּן פון שפּאַלט אין וואַנט,
פלעגט אָנבערגלען די ברייטע פלייצעס —
און מיט אַ ציטערדיקער האַנט
גענומען ציילן, ציילן, ציילן
זיין שווער־פאַרהאָרעוועטן חלק.

## ט. אויפן פראָנט

### 1. אין קלעם פון דריי־עק

אויף אַלע פראָנטן שלאַכטן בליצן
אַנטקעגן „בורזשואַזנעם קלאַס״:
פון ברעסט-ליטאָווסק און ביז צאַריצין,
פון פעטראָגראַד און ביז קאַווקאַז.
עס וואַרפן שרעק-שאָטנס די תליות
אויף לאַנד, אין היץ פון בירגער-קריג:
פון דאָן דעניקין גייט אויף קיעוו,
אָדעס איז נאָך ביים באַלשעוויק.
עס שטייען וואַכן ביי אַנאַניעוו
פיר רויטע פאָלקן, ווי אין צוואַנג.
ביים בראַוון קאָמאַנדיר מ ד י ו ו אַ נ י
איז ל י ו ל י ק אַ ד ל ע ר אַדיוטאַנט.

אין שמאָלן דריי-עק איינגעקלאַמערט,
זיך טריפעט ריזיקע אַרמיי:
מאַכנאָ ביי קיעוו באַנדעס זאַמלט,
פעטליורע שפּאַרט פון וואַראַזשבעי.
אין שטעטלעך בושעווען פּאָגראָמען,
אין שטעט — ראַזרוכע און ווילקיר.
מיט רויטע פאָלקן ביי זשיטאָמיר
שטייט יונגער קאָמאַנדיר י אַ ק י ר.
דער דריי-עק ציט זיך ביזקל סאַרנע,
וואו דריי חדשים האַלט דעם פראָנט
דער בראַווער חבר י אַ ן ג אַ מ אַ ר נ י ק,
וואָס האָט דעם פיינט באַזיגט ביים דאָן.

אויף סטעפּעס שקיעות ברענען צונטער.
פאַרשפּאַרט דער לעצטער קאָרידאָר.
די רויט-אַרמייער זענען מונטער,
נאָר טיף אין האַרצן נאָגט די זאָרג.
ס׳איז ווייניק ברויט שוין אין „אָבאָזן״ 2)
און ווייניק גרויפּן שוין פאַראַן.
מיט פלאַם-און-פיבערדיקער העזה
דער טיפוס לויערט איבער לאַנד.
סאָלדאַטן פאַלן, ווי די פליגן —
פונוואַנען קומען זאָל די הילף?
ביז ס׳וועלן אָנקומען די זיגן,
וועט זיגן טויטלעכער באַציל.

## 2. יאַנקאָ ראַטעוועט ליוליק'ן פון טיפוס

עס גליט דער שפּעטער ווינטער־אָוונט
מיט זאַווערוכעדיקן פראָסט.
די ווינטן וואָיען, ווי די כלבים,
אין סטעפּעס שטאַרקט זיך דער „נאָרד־אָסט".
אין מחנה לויערן באַטרוגן.
עס ענגט דער פּחד, ווי אַ האַק.
אין סטעפּ, אויף טיף־פאַרשנייטע צוגן
האָט אויסגעבראָכן דער „סיפּניאַק".
צוויי וואָכן ליוליק ליגט אין פיבער.
זיין לעבן ענגט שוין אויף אַ האָר.
נאָר אַרום אים מיט פליים און ליבע
גייט־אום אַ יאַט מיט שוואַרצער באָרד.
ער קען אים נישט. נאָר ווען די אויגן
צעעפנט ליוליק, פול מיט היץ,
ער זעט אים איבער זיך געבויגן,
אין בליקן — פלאַמעדיקער בליץ.
אויף טאָג, אויף ניינצנטן האָט ליוליק
דערפילט: די היץ איז אָפּגעגאַן.
ער קוקט מיט אויגן מידע, דולע:
עס שטייט ביים זייט דער שוואַרצער מאַן.
ער האָט מיט בליק אים צוגערופן:
— „אַ דאַנק דיר, חבר, פאַר דיין טאַט!
האָט דיך צו מיר געבראַכט אַ צופאַל?" —
— „ניין, איך געהער צו דיין „אָטריאַד!" —
— „ווי רופט מען דיך? האָסט אַלע קראַנקע
באַדינט דאָ פליייסיק און געניט?" —
— „ניין, חבר... ס'איז מיין נאָמען יאַנקאָ...
כ'האָב דיך באַדינט, ווייל ביזט אַ ייד!" —
און ס'האָט אַ פריינטשאַפט זיך פאַרבונדן
צעווישן ליוליק מיטן יאַט.
בייַנאַכט געזעסן איז מען שטונדן,
געשמועסט און געלייענט אַ בלאַט.
געשפּילט פאַר אים אויף מאַנדאָלינע
האָט יאַנקאָ אַ ציגיינער־ליד,
און אַלץ דערציילט אים וועגן דינה'ן,
אַז יאַנקאָ — ער איז אויך אַ ייד.
ער נעמט־אַרויס פון טאַש ס'תנכ'ל,
וואָס ער טראָגט שטענדיק אין שינעל —
און ליוליק לייענט מיט קול מיט שוואַכן,
און יאַנקאָ'ס האַרץ פון פרייד זיך שמעלצט.

ער קוקט אויף ווייס-פאַרשנייטע לאַנגען
און גלעט דאָס ספר׳ל פאַרבליפט:
— „ווי בין איך, ל י ו ל י ק, דיך מקנא,
וואָס דו קאָנסט לייענען הייליק שריפט!״ —
און ל י ו ל י ק לערנט מיט זיין חבר
דעם יידישן, דעם אלף-בית.
ער קייט די אותיות, ווי זשאַווער,
אויף שטערן שלאָגט אים אוים אַ שוויים.
און י אַ נ ק אָ קלאָגט: — „אויף אַלע קרעסן
איך זוך אַ שפּור צו ד י נ ה ׳ ס טריט.
איך קאָן זי, ל י ו ל י ק, נישט פאַרגעסן...
זי ווייסט נישט, אַז איך בין אַ ייד...״—
און ל י ו ל י ק טרייסט אים וועגן ד י נ ה ׳ ן
און גיט דעם פעטער׳ס אים אַדרעס:
— „דו קאָנסט מיך, י אַ נ ק אָ, דאָרט געפינען,
אויב קומען וועסטו קיין אָ ד ע ס!״—

### 3. אויף קאָמאַנדיראָווקע

אַוועק אַ חודש און אַ צווייטער —
און ל י ו ל י ק שטייט שוין אויף די פיס.
אין לאַגער מערן זיך די טויטע,
נישטאָ קיין תרופה — אַלץ אומזיסט.
עס האָבן רויט-אַרמייער מחנות
נישט אויסגעדרייט זיך נאָך פון קלעם,
מען עסט דעם פּענעץ ברויט אין דחקות
און אויף סאָלדאַטן פוילט דאָס העמד.
אין צוגן בושעוועט דער טיפוס,
און ס׳פעלט כינין און אַספּירין.
מ ד י וו אַ נ י רופט-איין אַן אסיפה:
— „מיר דאַרפן הייל-מיטלען געשווינד!״ —
עס מיניעט זיך זיין פּנים צונטער,
ווי רויטער, פּאַניקער קומאַטש:
— „אָדעם דערגרייכן כ׳נעם זיך אונטער
מיט הינטערוועגן — דורך באַכמאַטש.
כ׳נעם מיט אָ ר ל אָ וו ׳ ן מיט זיך, ברידער,
מיין טרייען, בראַוון אַדיוטאַנט:
זיין פּען איז פלינק אויף הייסע לידער,
זיין האַנט איז פלינקער מיט נאַגאַן.״ —
זיי האָבן זיך מיט פאָלק געזעגנט —
און אויפן דריטן שוין מעת-לעת
דורך קרומע אומוועגן און וועגן
זיך דורכגעריסן קיין אָדעס.

אָדעם. מיט רופנדיקן אָרעם
וואַכט דיוק — אין בראַנדזיענעם געשטרעק.
פאַרביי איילט ליוליק שטומע גאַרנס
צום אַלעקסאַנדראָווסקי פּראָספּעקט.
דאָרט פּלאַטערט ס'האַרץ פון אַלטער מאַמע,
מיט ווייטיק אָנגעפילט און שרעק:
עס האָבן בייזע גאולה-פלאַמען
פאַרצערט איר אָפּגעשפּאָרט פּאַרמעג.
די נאַכט איז קאַלט. אין הויפן לויערט
דער פּחד פאַר דער רויטער מאַכט.
און דער „דאָמקאָם" 1) ביי יעדן טויער
דורך טעג און נעכט — אַ גרייטער, וואַכט.

ער לויפט פאַרביי דעם הויף דעם לערן,
פאַרביי צעבראָכענעם פאַרענטש.
ס'גלאַנצט העזה'דיק דער רויטער שטערן
אויף לינקער זייט פון בלויען „פרענטש". 2)
אָנשטאָט דעם מעבל, שטייען קעסטלעך
אין לענגלעכן, האַלב-פוסטן זאַל.
אין אָפּגעקראָכן פוטער-וועסטל,
די מאַמע פאַלט אים אויפן האַלדז.
זי וויינט: — „אַ יאָר שוין נישט געזען דיך,
געמיינט, כ'וועל שטאַרבן דאָ פון צער.
מיין גאָט, ווי דו האָסט זיך געענדערט,
ביזט אויסגעהונגערט, הויך און דאַר."
* * *

און מיטאַמאָל — דער מאַמע'ס ברייען
פאַרפלייצן טענער פון שאָפען.
אין האַרצן טוט אַ רופע: ראיאַ —
און ענגער, ענגער ווערן ווענט.
די טענער פלייצן, פול מיט צאָרן,
מיט טרויער נאַכטיקן פאַרוועבט.
צום אויסגעבענקטן דריטן גאָרן
אַרויף לויפט ליוליק מיט די טרעפּ.
אַ קלאַפּ אין טיר. עס זשומט אין אויער.
מיט פּנים — בלייך, ווי פאַרצעליי,
זי שטייט אויף שוועל, געהילט אין טרויער.
ער שטאַמלט: — „ראיאָטשקאַ... מאַי ראַי!" —
איר גוף — אַן אויסגעצערטער כנור.
אין בלויע אָפּלען פינעט שנאָה.

1) הויז-קאָמיטעט. 2) מיליטעריש רעקל.

און ס'טוט אַ פלייץ דורך פיין און אומעט
דער פלום פון ווייטיקדיקע רייד:
— „צוואָס, צוואָס ביזטו געקומען?
דיין כלה ר אַ י אַ טויט איז, טויט!
צי האָסטו גאָרנישט קיין געוויסן?
ווי וואַגסטו קומען נאָך אַהער?
מיין טאַטע זיצט ביי „זיי" אין תפיסה —
און דו — אַ רויטער אַפּיצער!
די מאַמע איז פון צער געשטאָרבן.
און איך? איך לעב דאָ פון געניי.
כ'וועל גיכער גיין שוין מיט דער טאָרבע,
אַבי נישט אָנקומען צו „זיי".
ס'וועט גאָט באַצאָלן אייך, תליונים,
פאַר אונדזער פיין און אייער האַס..." —
און אים אַ פראַל־געטאָן אין פּנים
די טיר מיט ביטערניש און כעס.

### 4. ד ע ר י ו ס ט ע ר ד ע מ ב

אַנטלאָפן איז ער, ווי אַ דולער,
פון „שאָק" געציטערט, ווי אַ בלאַט.
די זעלבע נאַכט אַוועק איז ל י ו ל י ק
צום פעטער א י צ י ק'ן אין „סקלאַד".
געטראָפן אים אין אַלטער בורקע
דאָרט זיצן אויף אַ הויפן כלאַם,
אין הייסער, רויכיקער „פּיעטשורקע"
קאָרטאָפל בראָטן זיך אין פלאַם.
דעם „סקלאַד" פאַרנומען האָט דער זיגער:
עס דאַרף די מילך „סאָוויעטסקי וולאַסט",
נאָר ס'ברענגט קיין טראָפּן מילך אין קריגל
פון דאָרף דער פויער — דער בר־דעת.
דאָס הויז פאַרנעמען האָט אַ „מומע"
מיט גיפטיק־העזה'דיקן שטעל,
באַצירט די צימערן מיט בלומען —
און דאָרט אַ „הייזל" איינגעשטעלט.
אין „סקלאַד" אין פוסטן איז פאַרבליבן
דער פעטער א י צ י ק, ווי אַ גלאָמפּ.
ער שפּאַנט דאָרט אום — אַן אַלטער ביבער —
און קיינמאָל צינדט נישט אָן קיין לאָמפּ.
ס'האָט אַלץ פאַרפלייצט דער „רויטער מבול"
מיט לאָזונג: „צו די רייכע — קריג!"
דער פעטער זוכט אין „מעבור־יבוק":
וואָס איז אַזוינס אַ באָלשעוויק?

ער קוקט אויף פּאַליצעס און טירן
און ליאַסקעט מיט די קרומע ציין:
— איסאַק אַבראַמאָוויטש שאַפּיראָ,
אַז אַך איז דיר און דיין געביין! —

* * *

ס׳קוקט ליוליק אויף זיין פעטער איציק,
פאַר׳חידוש׳ט — ער דערקענט אים קוים.
ער זעט אים ביי דעם ספר זיצן,
אַ הארבסטיק אָפּגעבליטן בוים.
ווי פּאַך פון צוויי צעשפּרייטע פליגל,
דער פעטער פּאַטשט מיט לאַנגע הענט:
— „שלום, וואָס מאַכט דער מאָסקווער זיגער
מיטן רויטן שטערן אויפן „פרענטש״?
די גאַנצע, גאָרע וועלט אין בראַנד איז —
מיט וואָס צו לעשן איז נישטאָ.
פון אויבן הוליעט מען אין שאַנד-הויז —
און איך? איך לערן דאָ מהרש״א.
„אַקטיאַבער״ איז קיין זאַך קיין שפּעטנע —
געמאַכט פון פעטער איציק שטויב,
אַרויסגעוואָרפן אויפן שמעטניק
מיט גאַנצן ביסל אויב-און-דרויב.
— „אַז לענין דאַרף מיין האָב, מאַכטייסע!
אויך „רויטע״ דאַרפן קאַפּיטאַל...
נאָר ווען די הענט צעפירט זיך עשיו,
קאָן יעקב׳ם קול בלויז שרייען: ׳גוואַלד!׳
איז וואָס איז שייך דאָ צוברייען,
מסתם האָט גאָט אַזוי געוואָלט:
אַז איינער קריכט אויף באַרג פון פרייהייט,
אַ צווייטער פאַלן מוז אין טאָל.
און זאָג: אין וועלכן ספר-פּראַלניק
געשריבן שטייט לעולם-ועד,
אַז איציק רייבן זאָל די גראַלניע
און לעבן, ווי אַ פּלוי אין באָד.
און וואו, אין וועלכן, זאָג, פּאַפּירוס
איז אָנגעצייכנט מיט אַ שטריך:
איסאַק אַבראַמאָוויטש שאַפּיראָ
דאַרף ס׳גאַנצע לעבן בלייבן רייך?״ —
שטייט ליוליק און באַטראַכט דעם פעטער:
עס האָט דער מעכטיקער בורון
דעם דעמב, דעם פעסטן נישט צעשמעטערט,
בלויז איינגעקאַרבט אַ טיפע וואונד.

# י. דער רים

## 1. אויף סטאַנציע קריוואָבאַלקע

אַ נאַכט אויף סטאַנציע קריוואָבאַלקע.
עס ברענט „דאָנבאַס״ 1) אין בירגער־קריג.
אויף רעלסן רוט נאָך שווערער „סוואָלקע״ 2)
דער רויטער שטאַב אין „בראָניעוויק״. 3)
אין הייסער נאַכט — געפייף פון צוגן.
אין נאָנטן דערפל האַווקען הינט.
אין פי־וואַגאָנעס — ביי קאָמיוגן״ 4)
אַ וואַכע דרינדזשעט מאַנדאָלין.
אויף רעלסן זייטיקע — וואַגאָנעס:
„טיפאָזנע״ פירט מען קיין אָדעס.
און קראַנקנשוועסטער — ווי איקאָנעס,
באַוואַכן זיי שוין צוויי מעת־לעת.

די נאַכט איז שטיקנדיק־מעליאַווע.
אין פאָדערשטן „שטאָבנאָי״־וואַגאָן
שפּילט ליוליק „שאַשקעס״ מיט אַ חבר —
און פלוצים קלאַפּט אָן טיר ווער אָן.
מיט קוילן־שנור אַרומגעוויקלט,
אַ זעלנער מיט אַ רויטן באַנט:
— „אַ קראַנקן־שוועסטער — אַן אַנטיקל —
וויל זען אייך, חבר אַדיוטאַנט!״ —
און הינטער אים — אין „שוועסטער״־קליידער,
די בלאָנדע האָר געשוירן קורץ —
אַ שלאַנקע, בויגעוודיקע מיידל,
מיט אויגן בלויע, ווי לאַזור.
שפּרינגט ליוליק אויף: — „אָך, ראיאַ בליקער!
אָט דאָס הייסט, חבר, אַ סורפּריז!״ —
זי קוקט אויף אים מיט שטאַרע בליקן,
וואו ס׳מיניעט גאָלד זיך מיט טירקיז.
ס׳נעמט ליוליק איידל זי ביים אָרעם
און שפּאַנט אַרונטער פון וואַגאָן.
אין בלענד פון רויטע סעמאַפאָרן
איר פנים פלאַקערט, ווי אַ פאָן.

---

1) קוילן־געגנט אויף אוקראַינע. 2) שלאַכט. 3) פאַנצער־צוג.
4) קאָמוניסטישע יוגנט.

## 2. צוויי מיידל־אויגן אין באַגין

אויף שפּאַלן בליציקע שפּאַנט ליוליק
מיט ראַיאַ׳ן האַנט אין האַנט — און שווייגט.
אין יוליער נאַכט, אין שטערנפּולער,
איר שטימע ברעכט זיך, ווי אַ צווייג.
און מיטאַמאָל — צעוויינט זיך ראַיאַ,
איר קול — ווי אַ געפּלאַצט געפּעם:
— „פאַרגיב מיר, וואָס איך האָב „געברייעט"
דיר יענעם אָוונט אין אָדעם.
פאַרשטיי, דער טאַטע זיצט אין תּפיסה —
און דו? דו קעמפסט אויף רויטן פראָנט.
אַ יאָר אַוועק — דו לאָזט נישט וויסן —
און פּלוצים האָסטו זיך דערמאָנט." —
זי רעדט, אַ טרויעריקע, בלייכע,
אין אַפּלען — שיקלדיקער ברען:
— „כ׳בין אַלץ, כ׳בין אַלץ דיר, ליוליק, מוחל...
שוין באַלד אַ יאָר דיך, נישט געזען...
און וואָס געוועזן — ז׳געוועזן, פאַרביי איז,
אַוועק, ווי וואַסער — אונטער בריק...
צוּוואָס מיט ווערטער, ווי לוויות,
פאַרטונקלען אונדזער ביסל גליק?" —
ווי ס׳קושן בינען זאַפט פון רויזן
און זויגן האָניק פון יאַסמין,
געזויגן האָבן ס׳האַרץ זיינס גרויזאַם
צוויי מיידל־ליפּן ביז באַגין.
עס האָבן אָפּגעקרייט שוין הענער,
ס׳האָט אָפּגעשאַלט שוין דער טרומייט.
אין שייער — צוויי צעגליטע שפּענער —
די לייבער צוויי — אין ליבע־פריידּ.
און ראַיאַ רעדט: — „ווען ביזט אַנטרונען
אַן אויסגעפּאַטשטער פון מיין טיר,
געבליבן בין איך, ווי משונה,
נאָר באַלד כ׳האָב נאָכגעיאָגט נאָך דיר.
איך בין אַרונטער צו דיין מאַמע׳ן,
נאָר דו ביזט דאָרט שוין נישט געווען.
געהאַקט אין שלייפן האָט אַ האַמער,
געציטערט האָבן פיס און הענט.
האָב איך פאַרפּאַקט מיין אָרעם קעסטל,
פאַרשריבן זיך אין עשאַלאָן —
און בין אַוועק אַלס קראַנקן־שוועסטער
דיך, ליוליק, זוכן אויפן פראָנט." —

עס גיט אַ קלונג איר קול מיט שווידער:
— „איך פיר „טיפּאַזנע" קיין אָדעס.
און ווידער שטייט אונדז פאַר אַ שיידונג —
מיין צוג גייט-אָפּ אין אַ מעת-לעת". —
זי גיט מיט גאַנצן לייב אַ ציטער
אין בלויען אויפבראַך פון פאַרטאָג:
— „און אפשר איז פאַראַן אַ מיטל
זיך נישט צו שיידן, ל י ו ל י ק, זאָג!
איך טרוים צו זיין אַ באַלערינע,
איך טרוים מיט דיר צו'ר חופה גיין.
און ווילן מיר דאָס גליק געפינען,
מיר דאַרפן, ליבסטער, האַנדלען שוין...
נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר שאַפונג-פריידן
אין שלאַנגען-נעסט ביים באָלשעוויק...
אויב האָסט מיך ליב, איז לאָמירביידע
אַוועק קיין אויסלאַנד זוכן גליק." —

ער שווייגט... — „צי מיינט דיין שווייגן, ל י ו ל י ק,
אַז ס'גייט מיין ליבע דיר נישט אָן?
כ'בין מיד דיך זוכן, ווי אַ דולע,
פון שטאָט צו שטאָט, פון פראָנט צו פראָנט." —
עס קלינגען אירע רייד קוריאָז אים,
ס'איז שווער צו כאַפּן דעם באַנעם:
— 'צוואָס אָן אייגן לאַנד פאַרלאָזן —
'און זוכן גליקן אין דער פרעמד?' —

דאָס שווייגן האַמערט אין די שלייפן,
זיין קול — ווי פּראָסטיקער געפריר:
— „כ'וועל פון חברים נישט אַנטלויפן,
איך וויל נישט זיין קיין דעזערטיר!
דאָ איז מיין לאַנד. אין פּיין און שווידער
פון הפקר און רעוואָלט און קריג
כ'וועל דאָ געפינען שאַפונג-פריידן,
מיין ליכטיק-אויסגע'חלום'ט גליק.
און דו? אויב ס'האָט דיין האַרץ באַצוויבערט
דער פרעמדער, אויסטערלישער ברעג,
וועט מוזן שיידן זיך אויף אייביק
דער נישט-דערשפּאַנטער, אונדזער וועג." —

פאַרנאַכט. איר צוג אין ליכט אין גרויען
גערירט האָט זיך אין רויכן-קרייז.
אויף ל י ו ל י ק'ס האַלדז לויכט איר קמיע:
דאָס האַרץ, דאָס רינגל און די רויז.

## יא. אין פּלען 1)

### 1. אַ נאַכט אין סטעפּ

אין רוימען קאַרקען שוואַרצע קאַניעס,
אין סטעפּ — אַן עסעריקע נאַכט.
עס האָט אַרויסגעשיקט מ ד י ו ו אַ נ י
אויף אויסשפּיר אַ סאָלדאַטן אַכט.
און צווישן זיי — דער בראַווער י אַ נ ק אָ
און ל י ו ל י ק אַ ד ל ע ר — קאָמאַנדיר.
אַ פּוליעמיאָט — אויף אַ טאַטשאַנקע — 2)
און ס'האָט דער פּיינט זיי נאָכגעשפּירט.
אַ קורצע שלאַכט האָט אויסגעבראָכן
אין סטעפּישער פאַרשנייטער נאַכט —
געוואונען האָבן דעם נצחון
די „ווייסע" קעגן „רויטע" אַכט.
געפאַלן זעקס ביי דער טאַטשאַנקע.
געבליבן זענען דורך אַ נס:
בלויז ל י ו ל י ק און זיין חבר י אַ נ ק אָ —
און מ'האָט געבראַכט זיי קיין אָדעס.

* * *

עס ציען טעג אויף תפיסה-נאַרע,
ווי תליות — איבער סקאָס פון באַרג.
אין נעכט פון פינצטערע קאָשמאַרן
די יאוש-שלאַנג נאַגט ל י ו ל י ק 'ס האַרץ.
עס טראַכט דער צווייפלענדיקער מורד
מיט פּיין און ביטערניש און גרויל:
— 'וואָס גרייט מיר מאָרגן צו דער גורל —
'אַ תליה, צי אַ הייסע קויל?
'איך האָב אַ ציל געזוכט אין תוהו,
'דעם קץ דערנענטערן געטרוימט,
'נאָר ביי דעם ראַנד פון לעצטן טויער
'האָט גורל מיר דעם וועג פאַרצוימט.
'און קאָן מען דען דעם מענטש דערלייזן
'און ווייזן אים צום גליק דעם וועג:
'דורך קריג צעהוליעטן און בייזן,
'דורך בלוט און פּלינדער, פּיין און שרעק?
'און אפשר איז גערעכט, וועד וויים אים,
'דעם פעטער א י צ י ק 'ס „אידעאַל":
'ווען ס'נעמט די הענט צעפירן ע ש י ו,
'קאָן י ע ק ב 'ס קול בלויז שרייען: „גוואַלד!" ' —

1) געפאַנגענשאַפט. 2) וועגעלע פאַר מאַשין-ביקסן.

ס׳דערמאָנען זיך אים ראַיאַ׳ס ווערטער
אין הייסער קריוואָבאַלקער נאַכט...
(פאַרוואָס האָט ער דאָן זיין באַשערטע
געלאָזט אַנטלויפן אָן אַ שלאַכט?)
זי האָט געזאָגט: — ׳פאַר שאַפונג-פריידן
׳נישטאָ קיין פּלאַץ ביים באָלשעוויק.
׳אויב האָסט מיך ליב, איז לאָמיר ביידע
׳אַוועק קיין אויסלאַנד זוכן גליק.׳ —
ער קושט דורך טרערן איר קמיע
אין ביטערניש פון תפיסה-נעכט
און טראַכט: — ׳נישט ער — זיין דולציניייע
׳געווען איז אפשר גאָר גערעכט!׳ —
2. פון גוי׳אישע הענט
ווען פרומע איז אַוועק צום ברודער,
דערציילט אים: ליוליק איז אין „פלען״,
איז ער געוואָרן שטאַרק צערודערט,
דעם „סקלאַד״ געלאָזט אינמיטן ברען —
און איז אַוועק צום פירשט קוראַקין,
צום אַלטן דומאַ-דעפּוטאַט,
אַוועקגעלייגט אים צוואַנציק „טאַקערס״,
פאַרוויקלט קונציק אין אַ בלאַט:
— „עס קען דעם אַלטן פעטער איציק
פון עק ביז עק דאָ — גאַנץ אָדעס.
כ׳גיב „טאַקערס״ צען אויף דער באַלניצע
און „טאַקערס״ צען אויף „קראַסני קרעסט״,
אַז איר זאָלט זיין דער גוטער שתדלן
און פועל׳ן ביי דעניקינ׳ס מאַכט,
אַז מיין פּלימעניק יואל אַדלער
זאָל ווערן פריי נאָך היינט ביינאַכט.
איך גיב מיין וואָרט... כ׳קאָן ברענגען עדות,
און גלויבט מיר, הויכגעשטעלטער פירשט,
אַז ס׳האָבן אים די „רויטע שדים״
מיט גוואַלד, מיט גוואַלד מאָביליזירט.״ —
דער פירשט האָט שמייכלענדיק און גיריק
פאַרשטעקט די „טאַקערס״ טיף אין טאַש:
— „איסאַק אַבראַמאָוויטש שאַפּיראָ,
ווסיאָ בודיעט סדיעלאַנאָ... שאַבאַש!״ —
פאַרנאַכט — אַ שטילער, אויסגעצערטער,
איז ליוליק, ווי אַ שטומע קאַלב,
אַריין צום פעטער — און אָן ווערטער
אַ פאַל געטאָן אים אויפן האַלדז.

### 3. דעם פעטער איציק'ס גאולה

עס ציען טעג זיך פינצטער-טריבע.
אַ קוים-אַנטרונענער פון קאַט,
וואוינט ליוליק אין דעם הינטער-שטיבל
פון פעטער'ס רעמאָנטירטן סקלאַד.
פאַרטריבן לאַנג איז שוין די „מומע",
דאָס שאַנד-הויז האָט די מאַכט צעשטערט.
ס'איז אויסגעריייניקט שוין די טומאָה —
און איציק ז'ווידער אויפן פערד.
די מאַמע ליוליק'ן באַזוכן
קומט אָפט — און קלאָגט אויף אירע יאָר:
— „אָרום איז אומגליק און ראַזרוכע,
און דו? דו רעדסט נישט אויס קיין וואָרט.
עס גייט נישט איין דאָס לחמאַ-עניאַ,
זינט דו האָסט, ליוליק, אונדז פאַרלאָזט...
קום צ'ריק צו אונדז אין דער אַכסניה,
וועסט זיין דער גאַנצער באַלעבאָס." —
ער קוקט אויף איר מיט טריבע אויגן
און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.
איר דוכט זיך: ס'זיצט אַ מידער פויגל,
געשמידט מיט פליגל צו אַ שטיין.
זי וואַרט, ער זאָל ביי איר אַ פרעג-טאָן:
וואָס ראַיאַ מאַכט און וואו זי איז?
ער שווייגט — און זי אים זאָגן שרעקט זיך,
אַז ראַיאַ איז שוין אין פּאַריז.
זי גייט אַוועק און לאָזט אים איבער
אַ שטומען זיצן אויפן בעט.
און ווייטער ציען טעג זיך טריבע,
מיט גערכט פון בענקשאַפט אין געזועט.
עס פלאָגן פינצטערע רעיונות:
— 'וואָס איז מיט ראַיאַ'ן דאָך געשען?
'אויב זי איז נישט אין פלען ביים שונא,
'פאַרוואָס-זשע קומט זי אים נישט זען?' —
דער פעטער קוקט אויף זיין פלימעניק,
וואָס זיצט פאַראומערט, ווי אַ שטיין —
אַ גרויער, אָפּגעפּליקטער פעניעק,
וואָס זעט-אויס נעבעכדיק און קליין.
ער וויל אים זאָגן, אַז מיט טאַליע'ן
אַוועק איז ראַיאַ קיין פּאַריז.
ער וויל אים טרייסטן, נאָר געשוואָלן
איז אים די צונג — און אים פאַרדריסט.

ער נעמט מיט ל י ו ל י ק׳ן פאַרפירן
אַ לאַנגן שמועס וועגן ליד:
— „וואָס הערט זיך, ל י ו ל י ק, מיט דיין לירע?
דיין שירה וועלקט שוין, צי זי בליט?
צי ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ יאַקאָבינער
פון ליד, פון הערלעכן דער קלאַנג?
דו האָסט דאָך לאַנג געטרוימט מיט כנור
די וועלט דערלייזן דורך געזאַנג.
איך האָב געהאָפט, אַז דו, מיין ל י ו ל י ק,
וועסט גיין מיט ב י אַ ל י ק אין פאַרמעסט —
און ווערן ד י כ ט ע ר פון ג א ו ל ה,
דער ב אַ ר ד פון אונדזער ת ח י ה - נ ס.
נאָר מאַלע וואָס אַ מענטש דאָרט חלומ׳ט...
אַ טרוים שיינט־אויף — און פליט פאַרביי...
איין זאַך איז קלאָר מיר: די בהלה
איז נישט פאַר אונדז דאָ, סיי־ווי־סיי...
אין קאַמף פון „רויטע", „ווייסע", „גרינע"
נישטאָ קיין תכלית פאַרן ייד...
איז גרייט מען זיך קיין פאַלעסטינע,
ווי וואָלט געוועזן, ווען דו פאָרסט מיט?..." —

* * *

אין ל י ו ל י ק׳ ס אויגן פלעמלען קיזען,
און ס׳גיט זיין קול זיך אַ צעוויג:
— „וואָס איז מיר, פעטער, פאַלעסטינע —
אַ ווייטער קלאַנג פון לאַנג צוריק.
נו, האָבן דאָרט פאַרצייטנס אָבות
געלעבט, געשטאָרבן פאַרן לאַנד...
כ׳האָב אויך אַ שיינעם טרוים געכאָוועט,
נאָר ס׳איז מיין טרוים נישט וועגן כ נ ע ן.
איך האָב געהאָפט: מיין טרוים פון וואונדער
מקוים ווערן וועט בלויז ד אָ ,
וואו יעדע שעה — ווי אַ יאָרהונדערט,
און אַ יאָרהונדערט — ווי אַ שעה." —
ער גיט אַ גלעט די שעוועליורע
מיט ביידע אויפגעטויכטע הענט:
— „נאָר ס׳האָט דעם טרוים מיינעם פאַרכמורעט
דער יאוש פינצטערער אין „פלען".
איצט שטיי איך, ווי דער העלד פון מיטאָס
צעווישן וויסטע פעלדזן צוויי —
און ס׳פּיקט דער אָדלער אין געוויטער
מיין האַרץ, ווי ס׳האַרץ פון פ ר אָ מ ע ט י י." —

דער פעטער שפּאַנט אַרום אין חדר
מיט אויפגעהויבענע צוויי הענט,
ווי ס'וואָלט אַ כוהן ביי עבודה
אָן עדה יידן שטיל געבענטשט:
— „דו זאָגסט, דער „פּלען" האָט דיר פאַרכמורעט
דעם טרוים פון לענין־טראָצקי־לאַנד.
ביי מיר איז ערגער פון פּעטליורע'ן
דער נייער „רויטער אויבערמאַן".
פּעטליורע האָט געמאַכט פּאָגראָמען,
געטויט דעם גוף מיט האַק און לאָם.
איר, „רויטע", פּאָגראָמירט נשמות
אין ווילדן, גייסטיקן פּאָגראָם.
ס'דאַרף הייסן, אַז איר קעמפט פאַר יושר,
אַז אַלע פעלקער זענען גלייך...
ווארט, זאָלט נאָר זיגן נייער מושל,
וועט ווערן פון דעם טרוים אַ טייך...

— „און דער, וואָס האַקט איצט קעפּ פון שונא
מיט לייכטער, אויספּרובירטער האַנט,
וועט מאָרגן פירן צו דער בוינע
דעם חבר אייגענעם אין שאַנד.
עס איז די שטראָף מדאוריתאַ, —
עס גיט אַ ציטער איציק'ס קול:
— „אין שטרייט פון „רויטע", „גרינע", „ווייסע"
דער קרבן זיין וועט אונזער פאָלק.
בעל־יושר זוכט די וועלט צעכוואַליען
אין בלוט פון גביר און אַדלמאַן...
איך זוך קיין יושר נישט ביים תליון —
גאולה מיינט אַן אייגן לאַנד.
נישט אונדזערע איז אייער גאולה,
ביי אונדז גאולה מיינט משיח.
ביי אייך דער גואל טייט און הוליעט
און דינט דעם אָפּגאָט פון פאַרניכט.
מיר זענען מיד פון אייער שקר...
דו ביזט מיין אייגן בלוט־און־ביין,
איז מעג איך דיר דעם סוד אַנטפּלעקן:
מיר קלייבן זיך אַוועקצוגיין.
פאַרשטיי, מיר פילן זיך דאָ איבעריק,
אין לענינ'ס וואָגן — פינפטע ראָד...
איר אַלע קענט קיין שייטל עברי —
און פירן ווילט איר אונדז אין באָד." —

— „פאַרוואָר, וואָס דאַרפט איר אונדז דאָ האָבן?
מיר זענען „דעקלאַסירטער קלאַס".
איר רופט אונדז סיי-ווי „שוואַרצע ראָבן",
מיר מאַכן קאַליע אייער קוואַס.
איז האָבן, ליוליק, מיר באַשלאָסן
אין צייט פאַרנעמען זיך פון דאַן.
מיר האָבן דאָ אַ בחור יאָסל,
איז אַרבעט ער אויף דעם שוין לאַנג.
ער איז אַ בחור — אַן אַנטיקל,
אַנטרונען ערשט פון אַ פּאָגראָם.
איז דאָ ביי מיר אַן ערי-מקלט
פאַר דעם, וואָס וויל אַרויס פון תהום.
פון היגער וואָר, דער צער-פּולער,
מיר גרייטן זיך אין וועג אַריין.
וואָלט גוט געווען, ווען דו אויך, ליוליק,
וואָלסט, פּונקט ווי מיר, דערזען די שיין...
און דו? האָסט צו אַרם-נהרים
באַצאָלט מיט עיסקאָ שוין דעם חוב...
איך הער, האָסט זיך צעקריגט מיט ראַיאָ׳ן:
ס׳געפעלט איר נישט דיין רויטער שליף..." —

* * *

עס האָט פאַרהאַקט זיך פעטער איציק
אויף האַלבן וואָרט — אינמיטן שפּרייז:
— „ס׳איז, ליוליק, נישט קיין צייט פאַר וויצן —
איך האָב פאַר דיר נישט-גוטע נייס.
אַנומעלט ז׳ראַיאַ אָנגעקומען
מיט צוג „טיפּאַזנע" קיין אָדעס.
זי איז געווען פאַרווירט, צעטומלט —
און אויסגעזען — אַ פאַלנער מת.
דערציילט דיין מאַמע׳ן, אַז געטראָפן
האָט זי מיט דיר זיך אויף „דאַנבאַס",
אַז ס׳איז געווען אומזיסט צו האָפן
מיט דיר צו הייראַטן כדת.
אַרומגעגאַנגען אַ פאַרגלייזטע,
ווי ס׳וואָלט אַריין אין איר אַ שד...
גע׳חבר׳ט זיך מיט באַלעטמייסטער,
מיט גרויען אַנאַטאָל ד׳אַרסעט.
געפּלאַפּלט האָבן בייזע צינגער,
אַז איינמאָל, נאָכן באַל „באַמאַנד",
געוואָלט האָט זי אַרונטערשפּרינגען
פון „רויטן פעלדז" אויף לאַנזשעראָן.

— „נאָך יענער נאַכט האָט אין זיין טרופּע
אַריינגענומען זי ד׳אָרסעט,
האָט זי געשטעלט מיט אים אַ חופּה —
זינט דעמאָלט טאַנצט זי אין באַלעט.
דערנאָך אַוועק זיי זענען ביידע
אויף שיף אויף גריכישער „טאַאיס״.
ס׳איז, דוכט זיך, דאָ אין דעם אַ חודש —
איצט זענען ביידע אין פּאַריז״. —

4. יאַנקאָ׳ס אַנטרינונג

און ווידער ציִען טעג זיך טריבע,
ווי ס׳וואָלט אַ טאָג געווען אַ יאָר.
די בענקשאַפט נאָגט אין הינטערשטיבל
דעם מידן מורד ביז קאַיאָר.
זעט אויס, ר׳האָט ראַיאַ׳ן שוין פאַרלאָרן...
נאָר ערגעץ־וואו אַ האָפנונג גליט,
איז אפשר מיטן פעטער פאָרן?
קיין אַנדער ברירה האָט ער ניט.
און איינמאָל — אין אַ נאַכט אַ שפּעטער —
מע קלאַפּט אין טיר. אין דראָזש און קעלט
ער עפנט־אויף: פאַר אים — זיין רעטער,
שטייט חבר יאַנקאָ אויפן שוועל.
און יאַנקאָ — זיצט שוין, אַ צעשטראַלטער:
— „ווען מ׳האָט געבראַכט אונדז קיין אָדעס,
האָב איך אין זוים פון ראָק באַהאַלטן
דיין פעטער איציק׳ס דאָ אַדרעס.
געטראָפן דאָרט אַן אַלטן וועכטער,
פון אונדזער טאַבאָר — אַ ציגאַן:
איך האָב געקענט צוויי זיינע טעכטער —
האָט מיר געהאָלפן גוטער מאַן.
ער האָט געטרויעט מיר, דער וואוילער...
ביי אים אין צימער זיץ איך היינט —
איך זע: — אַ יידישער בית־עולם,
מצבות — אין לבנה־שיין.
דער פאַרקאַן הויבט זיך שטאָליק, שפּיציק...
אַ שפּרונג אַריבער דעם באַריער...
דערמאָנט זיך אָן דיין פעטער איציק —
בין איך געקומען גלייך אַהער.״ —
אויף שויבן גליט באַגינען־פייער.
און פּלוצים ליוליק גיט אַ שאָס:
אַוועקגעפאָרן איז מיין ראַיאַ,
געלאָזט מיך, ברודער, מיט אַ נאָז...״ —

## יב. די צפת'ער פּליטים

### 1. אין קרייז פון אייגענער משפּחה

און יאַנקאָ איז זינט דאַן פאַרבליבן
ביים פעטער איציק'ן אין „סקלאַד".
דער פעטער קוקט אויף אים מיט ליבע:
— „ס'וועט, יאַנקאָ, זיין פון דיר אַ „לאַט".
איך הער, דו זוכסט אַ מיידל דינה,
מיט איר אַן אומגליק איז געשען,
אַ יידיש מיידל אַ הייסינער,
מיר דוכט זיך, כ'האָב זי דאָ געזען.
אַך, יאָ! געפאָרן איז מיט ראַיאַ'ן
אַ מיידל דינה אויף דער שיף.
ווי וואָלט געוועזן עס, יאַנקאָ, טייער,
ווען דינה איז אין תל-אָביב." —

ער גיט אים קליידער, וועש און העמדער.
און יאַנקאָ טראַכט: — 'ס'איז גוט צו זיין
'אַ שטומער גר, אַ ווילדער פרעמדער
'צעווישן אייגענע און פריינט.' —
דאָ טרעפט מען יאָסל פון פראָסקוראָוו,
זיין ווייבל בליומע מיטן קינד.
און ליוליק זיצט מיט זיי, פאַרכמורעט,
און יאַנקאָ שפּילט אויף מאַנדאָלין.
מיט זיי גבריאל פון זשיטאָמיר
מיט בלויען שראַם אויף בלייכער באַק —
דעם שראַם באַקומען אין פּאָגראָם ער
דורך שאַרפער סאַבליע פון קאַזאַק.

דער פעטער גייט-אום צווישן עולם,
שטעלט טיי און צוקער, קעז און ברויט.
ער הערט זיך צו צו ווערטער-קנוילן —
און שטראַלט פון נחת און פון פרייד.
דאָס רעדל פירט דאָ יאָסל טאָקער,
ר'זיצט אויבן-אָן ביים סאַמאָוואַר:
אין אַלץ ער זוכט דעם סאַמע מקור,
זיין צונג געשליפן איז און שאַרף:
— „געקוילעט אונדז אין אַלע בוינעם
האָט ווילדער שונא מיט זיין שווערד,
פאַרזייט מיט אונדזערע גאונים,
ווי הנאַי, די לענדער פון דער ערד.

— „געגוג מיט שיין פון יידן־שייטערס
באַלויכטן זייער קאָליזיי...
מיר ווילן מער קיין בליץ־אָפּלייטערס
נישט זיין פאַר זיכערקייט פון גוי.״ —
ער ווייסט, אַז ל י ו ל י ק איז נאָך נוטה
אויף „גדולים״ אויסזוכן אַ זכות:
— „ס׳איז פאַלש די „תורה״ פון די „רויטע״,
דער לענין־טראָצקישער מהות.
— „איך וויל נישט אָנטרעטן, חברים,
אויף קיינעמ׳ס, גלויבט מיר, הינער־אויג:
מיר זענען שטענדיקע דאָ גרים —
און ס׳לעבן ז׳ביטער אונדז, ווי לויג.
פּעטליורע — היינט און מאָרגן — לענין,
דער דייטש, דעניקין, צי פראַנצויז —
זיי מעגן אַלאינאיינעם ברענען
דעמזעלבן טאָג אין זעלבן הויז.״ —
און י אָ ס ל דרייט אַ „קאָזיע־נאָזשקע״ 1)
און רעדט מיט חוזק און מיט וויי:
— „מיר זענען אַלץ ביי זיי נאָך „מאָשקעס״,
אַפילו אין דער „רויט־אַרמיי״.
היינט דאַרפן אונדז די באָלשעוויקעס,
איז שיצט מען אונדז פון אַ פּאָגראָם,
און מאָרגן וועט אונדז אויף די פּיקעס
אַ נעם־טאָן זעלבער „פּאָליטקאָם״.״ —

## 2. די גאולה איז שוין נאָנט

אַזועק אַ וואָך — און ס׳קומט אַ צווייטע,
פון ביימער פאַלט דער ערשטער בלאָט.
מע שמועסט: עס קומען צ׳ריק די „רויטע״,
און י אָ ס ל לויפט אַריין אין „סקלאַד״:
— „איך האָב, חברים, גרויסע נייעס.
געדענקט, ס׳איז אַלץ דערווייל אַ סוד.
ס׳קאָן זיין; פון היגן, פון מצרים
עס וועט באַלד אויסלייזן אונדז גאָט.
איז הערט די אויסטערלישע מעשה:
צוויי הונדערט יידן, אַזש פון צפת
געבליבן שטעקן ביי די „ווייסע״,
ווי פּליטים, ממש אויף דער גאַס.
אַנטלאָפן זענען זיי פון טערק,
און קוים דערשלאָגן זיך אַהער.

1) פּאַפּיראָס פון מאַכאָרקע.

— „דאָ האָט מען זיי, די וויסטע פּליטים,
דערווייל אין שולן אויסקוואַרטירט —
און ס'האָט אָדעם מיט האַנט, מיט ברייטער,
גענומען זיי אונטער איר שירעם.
מ'האָט פאַר קרבנות פון דעם פּלינדער
צו'ר מאַכט געווענדט זיך אין „פּלענבעזש" — [1]
און מ'האָט די מענער, ווייבער, קינדער
באַזאָרגט מיט עסן און מיט וועש." —
מע האָט באַזעצט זיי אין באַראַקן,
ווען די אַרמיי ז'אַוועק צום פראָנט.
נאָר וואָס וועט זיין דער תכלית, טאַקע?
מע דאַרף פאַר זיי דאָך עפּעס טאָן." —

און יאָסל גיט אַ לעק די ליפּן —
די אויגן גליען, ווי אין בראַנד:
— „און לעצטן שבת, פאַר יום-כיפּור
איז איינגעפאַלן אונדז אַ פּלאַן.
מ'האָט אונדז אַ וואונק געטאָן פון אויבן:
די פּליטים זענען זיי צו-לאַסט.
איז וויל דעניקין זיי דערלויבן
אַהיימצופאָרן צ'ריק קיין צפת.
ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער,
ווען ס'איז דער ים אי גרויס, אי טיף?
האָט מען דערטראַכט זיך: פאַר די צפת'ער
אין האַפן דינגען דאָ אַ שיף.

— „און ס'האָבן די שליחי-ציבור
זיך אָנגעכאַפּט אָן פיינעם פּלאַן.
נאָר זאָגט, ווי שטייט עס דען געשריבן:
צוויי הונדערט צפת'ער בלויז פאַראַן?
פאַרוואָס נישט פיר, צי פינעף הונדערט?
און אפשר מער? און אפשר מער?
הכלל, ס'איז וואונדער איבער וואונדער:
די „פּליטים" וואַקסן, ווי די בערג...
עס האָט אַ שמעק-געטאָן מיט גאולה,
מיט סוף צום ווייסטן בע-ונד.
נאָך לאַנגע חקירות און תחבולות
געשאַפן מ'האָט אַ „פּליטים-ועד".
פאַראַנען שוין זעקס הונדערט מאַן.
און ס'איז אַ שיף שוין אויך פאַראַן.

---

1) אַמט פאַר קריגסגעפאַנגענע און פּליטים.

— „די שיף „רוסלאַן" איז בלויז אַ שיפל.
פּער קאָפּ וועט קאָסטן טויזנט ר"ך.
די פראַגע איז בלויז: ו ו ע ר און ו ו י פ י ל ?
און מסכים איז דעניקינ'ס מאַכט." —

די נייס האָט אַלעמען געטראָפן,
ווי שפּעט אין שבט — אַ דונער־קנאַל,
ווי ס'וואָלט געגעדערט פון אין־סוף'ן
דער שופר של משיח שאַל.
אויף שויבן בלויט דער אלול־אָוונט.
און י אָ ס ל וויטער רעדט מיט האַסט:
— „מיר ווערן נייע איצט נכתבים,
מיר ווערן שוין „ילידי־צפת". " —
עס נעמט אַרום דעם עולם י אָ ס ל
מיט אויגן גליאיקע, ווי שטאָל:

— „עס האָט דער „פּליטים־ועד" באַשלאָסן
אונדז מיטנעמען קיין ארץ־ישראל.
איך האָב געזען: מאַן, פרוי און קינדער
באַלאַגערן דעם „פּליטים־ועד",
פון קריג אַנטרונענע און פּלינדער,
פון מאָרד, פּאָגראָם און נע־ונד.
פּאָלטאַווער, קיעווער, אָדעסער,
פון מינסק, פון ווילנע און פון יאַס:
מע ברענט די אַלטע גלות־פּעסער,
מע רופט זיך שוין „ילידי־צפת".

— „פון פּוילן, ליטע און פּאָדאָליע,
פון פרעמדער, גלות'דיקער היים —
אַן אמת'דיקער „קיבוץ־גלויות",
ווי אונדזער ה ע ר צ ל האָט געטרוימט.
אויב יאָ ג א ו ל ה, יאָ ק אָ מ ו נ ע, —
מיר וועלן מיט אַ ריינער האַנט
דורך סאָציאַליסטישער אמונה
זי אויפבויען אין אייגן לאַנד." —
ער גיט אַ פּינטל מיט די אויגן
און ווידער ציטערט־אויף זיין קול:
— „וואָס קאָן זיין אייגענער פון אייגן ?
ג א ו ל ה מיינט א ר ץ - י ש ר א ל.

דער פּעטער שטראַלט: — „עס קומט דער גואל,
דעם גוי להכעיס — פּאַניע־קוואַס,
מיר פאָרן באַלד קיין ארץ־ישראל —
זאָל זיין דורך — י אַ ס , זאָל זיין דורך צ פ ת ! " —

## יג. „פּאָפּיעטשיטיעל״ 1) גאַליצין

### 1. אָדעס גרייט זיך צו אַ פּאָגראָם

עס שטייען האַרבסטיקע פאַרנאַכטן
מיט שקיעות — ווי געפּלעקטער מעש.
אָדעס איז מיד פון בייטן „מאַכטן״,
ווי זונות בייטן זייער וועש.
דעניקינ׳ס מאַכט להשתקע
האָט זיך באַפּעסטיקט אין אָדעס.
ס׳האָט אויפגעלעבט די „שוואַרצע מאה״,
פּאָגראָמען גרייט די ווייסטע נעסט.
און איבער זיי האַלט פעסט די שליטה
סעמיאָן גאַליצינ׳ס שוואַרצער גייסט:
ער איז דער שעף און „פּאָפּיעטשיטיעל״
פון דעם אָדעסער בילדונג-קרייז:
— „פאַרשווייגט נישט, קריסטן, די „אָבידעס״,2)
וואָס ס׳האָבן „רויטע״ אונדז געטאָן —
אין אַלעס שולדיק זענען „זשידעס״,
וואָס קעמפן קעגן גאָט און טראָן!״ —

ער טראָגט אַ האַרץ שוין לאַנג אויף יידן,
נאָך פאַר דעם לענין-טראָצקי זיג:
ער האָט באַשולדיקט זיי אין בגידה,
אַז צוליב זיי ז׳פאַרשפּילט דער קריג.
גאַליצינען די רעוואָלוציע
דערלאַנגט אין האַרץ האָט, ווי אַ שפּיז.
ער האָט דערפילט, ווי ס׳וואָלט אים פּלוצים
די ערד פאַרשווינדן אונטער פיס.
וואָס מער געזיגט עס האָבן „רויטע״,
אַלץ טיפער איז געוועזן דער שניט.
האָט ער געהעצט די „ווייסע פּליטים״:
— „אין אַלץ איז שולדיק דאָ דער „זשיד״!״ —

די יידן וואַרטן אויף פּורעניות,
מע שרעקט אין הייזער זיך און קראָם.
נישטאָ מער מישקאַ דער יאַפּאָניעץ,
וואָס האָט פאַרהיט זיי פון פּאָגראָם.
עס פוילט אין אומבאַקאַנטן קבר
זיין גוף צעלעכערטער פון שרויט:
אויף סטעפּ — ווי קרייזלדיקער בלוי-וואָל,
האָט ער צעקושט זיך מיטן טויט.

---

1) ממונה. 2) עוולות.

און פון זיין העלדישער „גאַלאָטע״,
וואָס האָט פֿאַרזוכט שוין רויטן בליי,
פֿאַרבליבן ז׳איינער, ווי אַ שאָטן,
נאַליאָטשיק ליאָוקאַ שאַלאַפּאַי.
און ליאָווקאַ וואוינט נאָך ביי דער מאַמע׳ן
מיט מאַניאַ׳ן, זיין געזעצלעך ווייב.
גאַליצינ׳ס רייד זיין הארץ פֿאַר׳סמ׳ען,
די שוואַרצע נייס פון הויז אים טרייבט.
ער פילט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק,
מע דאַרף דער ערל „מאַכן קאַלט״,
נאַר ר׳האָט פֿאַרשפּראָכן: זיין אַ סטאַטיק
און מער נישט אָנווענדן קיין גוואַלט.

2. דעם טאַטנ׳ס רוף

און פּלוצים זעט ער: אין אַ ווינקל
אין אַ פֿאַרבלוטיקטן שינעל,
דער טאַטע שטייט... די אויגן פינקלען,
די ווערטער שפּאַרן אים פון קעל:
— „עס גרייט זיך פינצטערער גאַליצין
די יידן טויטן מיט פּאַראַד...
איז דאַרף מען, זון מיינער, באַשיצן
די יידן, נישט מיט רייד — מיט טאַט...
און דו? דו וואַקלסט זיך גאָר, ליאָוואַ,
דו וואַרטסט, עס זאָל געשען אַ נס...
גיי, זון, און ראַטעווע דעם כבוד
פון אַלע יידן אין אָדעס!״ —
עס שטייען טריבע טעג אָדעסער.
די בלעטער פאַלן שוין אין פּאַרק.
קאַסאַרקע גרייט זיך און פּערעסיפּ:
עס קומט דער גזר! עס קומט דער גזר!
מע שפּאַנט אַרום, ווי שאָטנס בלייכע,
מיט שטומע הערצער אין געווערג.
מע וואַרט בלויז אויף גאַליצינ׳ס צייכן
צו כוליגאַנעס אויף די מערק.
מע וויים: דעם דרייסיקסטן אָקטיאַבער
גאַליצין מאַכט אַ גרויסן באַל —
פון דאָרט וועט פינצטערער מחבל —
די באַנדעס געבן דעם סיגנאַל:
זיך איבער שטאָט אַרויסצולאָזן
מיט האַק מיט „שפּייער״ און מיט לאָם —
און איילנדיק און בחיפּזון
אויף יידן מאַכן אַ פּאָגראָם.

ר'האָט אָנגעזאָגט זיי אַקוראַטנע:
אָן אים נישט אָנהויבן די „שלאַכט" —
ער וועט אַליין אויף ראַג „קאַנאַטנע"
מיט זיי זיך טרעפן צוויי ביינאַכט.
אַוועק צו אים אַ דעלעגאַציע:
רבנים צוויי און אַ באַנקיר,
האָט זיי דער „העלד פון עדוקאַציע"
באַגעגנט אויפן שוועל פון טיר.
און אָפּגעענטפערט זיי מיט העזה:
— „איך קעמף נישט קעגן מאַכט פון רב —
דאָס האָט געטאָן פאַר מיר שפּינאָזע...
האָט ער געהאַט אַ וויסטן סוף." —

**3. ליאָוווקאַ מאַכט קאַלט גאַליצינ'ען**

און ס'איז די נאַכט פון באַל געקומען.
פּאַרטאַיעט שלאָפט נישט גאַנץ אָדעס.
דער זאַל איז איינגעטונקט אין בלומען.
עס זאַמלען אין „פאָיע" זיך געסט.
דער זאַל „קופּיעטשעסקע סאָבראַניע"
איז אָנגעפּילט שוין, ווי אַ פאַס.
עס גרויען פּנים'ער — ווי קאַניעס,
ס'בליצט-דורך אַ גענעראַל'ס לאַמפּאַס.
עס בליאַסקען דימענטן און שפּיצן
פון דאַמען און „בירזשאָווע טייז" —
און איבער אַלעם הערשט גאַליצין,
דער „פּאָפּיעטשיטעל פון דעם קרייז".
ער איז דער „לייב פון דער געזעלשאַפט",
אַ קאַוואַליער און דאַמען-העלד —
און דאַרף מען, צווישן דער שינעל-שאַפט
ער שפּילט דעם ליץ — „פּאָלישינעל".
ער גייט פון הערן צו די דאַמען —
און אַלעמען ער אונטערהאַלט:
זיין קול איז קלאָר און ווייך, ווי סאַמעט,
און קלינגט-אָפּ איבער גאַנצן זאַל.
עס קייכן דאַמען אין לאָרנעטן.
אַ ווייל פאַרגעסנדיק דעם „ספּלין".
עס קייכן „קופּצעס" אין מאַנזשעטן,
וואָס שמעקן נאָך מיט נאַפטאַלין.
ער גיט אַ קוק נערוועז אויף זייגער:
די וויזערם רוקן זיך צו צוויי.
אין שויבן בליצט אין ווייסע סטויגן
דער פרישער, פינקלדיקער שניי.

ג אַ ל י צ י ן  ציט־אַרויף די „שובע", 1)
מע זאָל נישט זען אים — אין „קלאָזעט". 2)
ער גיט דעם דינער הונדערט רובל —
און יאָגט אַרוים זיך, ווי אַ שד.
אין גאַס איז קאַלט. ג אַ ל י צ י ן  ציטערט
און שפּאַנט פאַראוים. און מיטאַמאָל —
אַ בלאָנדער יונג אין שוואַרצן היטל
וואַקסט־אויס פאַר אים. אין האַנט — אַ „קאָלט". 3)
אַ שאָס און צוויי — ווי הייסע בליצן:
— „סאָבאַקיע — אי סאַבאַטשיאַ סמערט!" — 4)
אַ כאָרכל — און  ס ע מ י אָ ן  ג אַ ל י צ י ן
אַ טויטער ליגט שוין אויף דער ערד.

## 4. ל י אָ ו ו ק אַ  וויל  מ אַ כ ן  פ ל י ט ה

אַ וואָך אַוועק. אָדעם אין שפּאַנונג.
אויף דאַרע צווייגן לאַכט דער ראָב:
ג אַ ל י צ י ן  ז'טויט — די כוליגאַנעס
געבליבן זענען אָן אַ קאָפּ.
זיי ליגן איינגעלייגט. אין נאָרעס
באַגראָבן האָט מען האַק און לאָם.
די „שוואַרצע מאה" איז אויף צרות —
עס וועט נישט זיין שוין קיין פּאָגראָם.
דעניקינ'ס מאַכט איז מלא חמה:
'דאָס האָט געטאָן די „רויטע שפּין".
מע מאַכט „אָבלאַוועס" אין די היימען,
מע זוכט דעם מערדער — כאַפּ דעם ווינט!
ס'איז  ל י אָ ו ו ק אַ  יענע נאַכט געקומען
אַהיים אַ פריילעכער פון גאַס,
געזאָגט דעם ווייב מיט אויגן פרומע:
— „דו ביזט ביי מיר דאָך אַ בר־דעת!
איך הער, עס קומען צ'ריק די „רויטע"
איז דאַרף מען נעמען אַ שפּאַציר...
מיר מוזן,  מ אַ נ י אַ ,  מאַכן פליטה
כ'בין דאָך ביי „זיי" אַ דעזערטיר...
ס'גייט־אָפּ פון דאָן קיין פּאַלעסטינע
מיט זיבן הונדערט מאָן אַ שיף.
איז דאַרף מען, מאַניאַ, אויסגעפינען,
צו נעמט מען אונדז קיין תל־אָביב." —

---

1) פוטער־מאַנטל. 2) וואַש־צימער. 3) רעוואָלווער.
4) — „אַ הונט קומט אַ הינטישער טויט!" —

## טו. אַ שיף קיין ארץ־ישראל

### 1. לשנה הבאָה בירושלים

מ׳האָט איינגעפּאַקט שוין די וואַליזעס,
צעשריבן זיך אין מאַגיסטראַט,
מ׳האָט שוין באַקומען אַלע וויזעס
אין יעדן פרעמדן קאָנסולאַט.
עס פאָרן זיבן הונדערט יידן,
„ילידי־צפת״ — מיט שיף „רוסלאַן״ —
פון בלוטיקן, פון קידער־ווידער —
פאַרפלאַנצן זיך אין אייגן לאַנד.
עס מאַכט נישט, וואָס צווישן די פּליטים
פאַראַן צוויי הונדערט בלויז פון צפת, —
מע לויפט פון „ווייסע״ און פון „רויטע״,
מע לויפט פון גלות „פּאָניע־קוואַס״.

די שיף „רוסלאַן״ שוין שטייט אין האַפן,
אַ שוואַרצער, וויגנדיקער ראַב:
מאַטראָסן קריכן, ווי די אַפן,
אויף שיף אַרויף, פון שיף אַראָפּ.
עס איז געקומען זיי באַגלייטן
די גאַנצע יידישע אָדעס:
רונדוקן, שטעלעכלעך און קלייטן
מע האָט פאַרמאַכט אויף אַ מעת־לעת.
דער דעק באַהאַנגען איז מיט בלומען,
דער האַפן, ווי אַ קעסל, קאָכט.
מע קוקט אויף שיף מיט אויגן פרומע:
— ׳ווי ווערט מען אויך באַפרייט פון יאָך?׳ —

פון דאַן אַוועק זענען „בילואים״ 1)
מיט אַכט־און־דרייסיק יאָר צוריק.
זעט־אויס, עס ווערט טאַקע מקוים
פרוגם חלום פון „פּאַפּירן־בריק״.
מע האָט געטרונקען אַ „לחיים״
דורך טרערן, אָנגעזאַפּט מיט פרייד:
— „לשנה הבאה בירושלים!״ —
האָט פאָרט געהילכט, ווי אַ טרומייט.
מ׳האָט אויסגעוויינט זיך פאַרן שיידן
און זיך געקושט צום לעצטן מאָל:
— „אם ירצה השם און בלי נדר,
מע וועט זיך זען אין ארץ־ישראל!״ —

---

1) ערשטע גרופּע פּיאָנערן, וואָס זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל אין 1882.

## 2. דער לעצטער עיכוב

און מיטאַמאָל — אַ נייער עיכוב:
אַ שעה פאַר אָפּפאָר פון דער שיף,
באַווייזט זיך אויפן שמאָלן בריקל
אַן אָפיצער מיט דירעקטיוו.
און הינטער אים — אַ צען סאָלדאַטן
מיט ביקס, מיט שווערד און מיט נאַגאַן.
ביים עולם טוט דאָס האַרץ אַ פּלאַטער —
מע לאָזט זיי דורך צום קאַפּיטאַן:

— „מיר זענען פון דער „קאָנטר־ראַזוויעדקאַ", 1)
אַ זוכונג דורכפירן אויף „באָרט". 2)
ס'באַהאַלט ביי אייך זיך אין „סעקרעטקאַ" 3)
אַ מאַן, וואָס איז באַגאַן אַ מאָרד.
מע רופט דעם מערדער ל י י ב ק ע פ י י ע ר.
ער האָט געדינט ביים באָלשעוויק.
ער איז אַ בייזע, ווילדע חיה...
סאָלדאַטן, האַלט די וואַך ביים בריק!
ער האָט דערשאָסן פירשט ג אָ ל י צ י ן
אינמיטן דער קאַנאַטנע גאַס.
איך מוז פאַרהאַלטן אים, דעם היצל,
נישט לאָזן פאָרן אים קיין צפת." —

ביים קאַפּיטאַן נעמט־אָפּ דאָס לשון.
ער גיט פון שטוין זיך אַזש אַ וויג:
— „דאָ זענען אַלע יידן כשר,
נישטאָ ביי מיר קיין באָלשעוויק!" —
דער אָפיצער איז פול מיט יוכע.
ער שפּאַנט מיט רוגזה צו דער טיר:
— „איך מוז דאָ דורכפירן אַ זוכונג,
כ'וויל זען דאָ יעדן פּאַסאַזשיר!" —

ס'האָט צווישן עולם ווילדע נייעס,
ווי אַ מגיפה, זיך פאַרשפּרייט.
באַהאַלטן ליגט שוין ל י י ב ק ע פ י י ע ר —
און ס'ציטערט אויף זיין לייב די הויט.
פון „טריום" 4) זיין ווייבל לאָזט ער וויסן:
— „דו זעסט דאָך, מ אַ נ י אַ, ס'האַלט דאָ שמאָל...
עס וועט דעניקין מיך דערשיסן...
איז גיב זיי טויזנט ר"ך אין גאָלד." —

1) געהיים־פּאָליציי. 2) אויף דער שיף. 3) געהיימער פּלאַץ.
4) טיפעניש פון שיף.

נעמט מאַניאַ רענדלעך אין שקאַרמיצן
פון קופערט לעדערנעם אַרויס —
און ברענגט זיי גלייך צום פעטער איציק
דאָס פּנים פלאַמט איר, ווי אַ רויז.
און פעטער איציק ניצט מאַניערן,
רעדט העפלעך, ווי אַ נאָבלמאַן,
פאַרשליסט זיך באַלד מיט אָפּיצערל
אין דער קאַיוט פון קאַפּיטאַן.
דער עולם וואַרט. ס'האָט בלויז גענומען
בישט לענגער, ווי אַ צען מינוט.
דער אָפּיצער ז'אַרויס געקומען
אַן אויפגעלייגטער פון קאַיוט:
— „וואָסיאַ לאַדנאַ טוט! [1] געמאַכט אַ זוכונג.
נישטאָ דאָ ליבקע, כ'שווער ביים „ספּאָס"!" — [2]
זיין פּנים שטראַלט אין הוילע שמוכן:
— „יעזשאַיטיע, בראַטצי, וו'דאָברי טשאַס! [3]
נו, מאַרש נאַ ביערעג וואָסיאַ גאַלאָטאַ!" — [4]
ער גיט די זעלנער אַ באַפעל.
דער עולם פריי האָט אָפּגעאָטעמט.
עס שטיקט אַ טרער פון פרייד אין קעל.

מ'האָט צוגענומען שוין דאָס בריקל.
עס גיט די שיף דעם ערשטן פייף.
די הערצער רייסן זיך אין שטיקער,
נאָר גופים שטייען שטאַר, פאַרשטייפט.
טורבינען הודזשען אין געדערים.
די שיף נעמט רירן זיך פון אָרט.
באַגלייטער פאָכן ביי באַריערן,
מע זינגט „התקווה" אין אַ כאָר.
מיט ליפּן שעפּטשנדיק אַ תּפילה,
שטייט ליוליק אויף דער שיף „רוסלאַן":
— „כ'פאָר זוכן ראַיאַ'ן, מיין ליודמילאַ'ן, [5]
אין ווייטן, צוגעזאָגטן לאַנד".

---

1) „דאָ איז אַלץ אין אָרדענונג!" — 2) דער יויזל. 3) — „פּאָרט, ברידער, אין אַ גוטער שעה!" — 4) „נו, חברה, מאַרשירט גלייך אַרונטער אויפן ברעג!" — 5) רוסלאַן און לודמילאַ — צוויי העלדן פון פּושקינ'ס אַ פּאָעמע פון רוסישן פאָלקס-עפּאָס.

## א. אויף דער שיף „רוסלאַן"

### 1. צו דעם לאַנד פון די אָבות

שווימען שיפן איבער ים'ען,
שפילן זיך אין בלינדזיקייט.
איינע בלויז וועט נישט פאַרזאַמען:
זי וועט אָנקומען אין צייט.
כוואַליעס יאָגן, כוואַליעס רוישן.
צווישן כוואַליעס שווימט „רוסלאַן".
ווי אַמאָל — פון לאַנד אין גושן,
שווימען יידן קיין כנען.

פון דעם לאַנד פון בייזן המן,
פון אוקראַינע'ס יאָמערטאָל —
לויפן יידן פון פּאָגראָמען
אין דעם לאַנד ארץ-ישראל.
שווימען יידן — נישט-געדאַיגעט:
בויען וועט זיין לאַנד דער ייד,
עסן באָקסערן און פייגן,
זינגען פריי זיין אייגן ליד.
מאַסטן קרעכצן, דעקן האָצקען
איבער וואָלקנס און טומאַן —
פון דעם גלות לעניך-טראָצקי
שווימען יידן קיין כנען.
שווימען יידן דורך סכנה,
איבער כוואַליעדיקן רויש:
הינטער זיי — דער עמוד-ענן,
און פאָראויס — דער עמוד-אש.

* * *

אויף „רוסלאַן" נישטאָ קיין קלאַסן,
אַלע יידן — זעלבער קלאַס.
גרויער רוים און גרינע וואַסער,
און די כוואַליע — די מרשעת:
אַט—אָ הויבט זי אויף דאָס שיפל
אויף דער שוימענדיקער קאַם,
אַט-אָ וואַרפט זי עס אין טיפן
פון צעבושעוועטן ים.
ליגן קראַנק די פּאַסאַזשירן,
ברעכן מיט דער גרינער גאַל:
די קבצנים מיט די גבירים —
אַלעם ציט אין כף-הקלע.

בלויז דעם אַלטן פּעטער אִיציק
נעמט קיין קראַנקהייט, נעמט קיין שרעק:
מונטער, לעבעדיק און וויציק,
דרייט ער אום זיך אויפן דעק.
דאַרף מען, שטעלט ער צו אַ שולטער,
דאַרף מען, מאַכט ער גרינג דעם יאָך:
— „ס'איז אַ שיף דען? ס'איז אַ מולטער,
נאָר דערשווימען וועט זי דאָך!
פערציק יאָר איז מען געקראָכן
פון מצרים קיין כנען.
נו, און מיר — אין צוויי-דריי וואָכן
קומען וועלן מיר אין לאַנד.
פאָרט אַ ייד קיין ירושלים
אויף אַ קליינער מולטער-שיף,
דאַרף מען מאַכן אַ „לחיים" —
פון אַדעם ביז תל-אָביב!" —
שמייכלען קראַנקע אויף די דעקן
פון דעם פּעטער אִיציקס רייד,
ציען זיך פון אַלע עקן
הענט צו אים מיט דאַנק און פרייד.

* * *

שווימט אַ שיף קיין ארץ-ישראל
איבער ים דעם שוואַרצן,
זינגען יידן אויף אַ קול
מיט אַ פרייד אין האַרצן.
טופעט יוגנט-מאַלאַדיאַזש —
גאָט איז זייער מגין.
איבער רוקנס גייט אַ דראָזש,
פלאַמען אין די אויגן.
יוגנט גייט אַ קאַראַהאָד,
פון דער פרייד פאַר'שיכור'ט —
און אינמיטן פון דעם ראָד
אִיציק גייט אַ ריקוד:
— „גרויסער בורא, אונדזער פרייד
איז דאָך אין-לשער!" ——
און ס'פאַרגייט זיך אויף זיין פּלייט
בלאַנדער ליאָווקאַ פּייער.
פּעטער אִיציק הויבט די פּיס:
— „אוי, ישראל-סבאָ,
ס'וועט דאָס לעבן צוקער-זיס
זיין אין לאַנד פון אָבות!" —

ד"ר קלויזנער קרימט זיך, קרימט:
— „רק עברית דברו!" —
נאָר אין ריקוד שלעפּן אים
שוין אַריין חברים.
א י צ י ק טופּעט: — „טאַטע־קרוין,
אין דעם לאַנד פון מירטן
שלום־מאַכן וועלן שוין
ש פ ח ה מיט דער ג ב י ר ה׳ ט ע!" —

## 2. ק אַ ר אַ נ ט י ן א י ן ס ט אַ מ ב ו ל

אין סטאַמבול — ווידער שוין אַן אָפּהאַלט:
דעם טערק דערטראָגן האָט אַ „שפּיק",
אַז ס׳איז דער שטילער בחור ק אַ פ ל
אין מינסק געווען אַ באָלשעוויק.
האָט מען דערלאַנגט אין האַנט דעם אָדון —
און אָפּגעשריען דעם גזר־דין,
נאָר ר׳האָט דערביי דורכאויס געפאָדערט:
אַדורכגיין היגן קאַראַנטין.
אין שלעפּט מען יידן אין די בעדער
אויף אינדזעלע ביים מאַרמאָר־ים.
נאָר נישט געזאָרגט: הכול בסדר!
מ׳דאַרף צאָלן ציגדזן דעם איסלאַם...
עס פליושקען זיך אויף מירמל־טרעפּלעך,
ווי אין אַ שטעטלדיקער באָד,
געקרויזטע קעפּ און קינדער־קעפּלעך
אין אַ קאָלירטן קאַראַהאָד.
דער פעטער א י צ י ק, אָן די גלעזער,
צעפאָכעט זיך מיט לאַנגע הענט:
— „עס פעלט אַ שעפל און אַ בעזעם,
וואָלט ווי אין מרחץ אַלץ געווען." —

## 3. כ ת ו ת

עס האָבן אויף „רוסלאַן" זיך כתות
געשאַפן, ווי פון זיך אַליין:
געווען אַזוינע, וואָס פון שחיטות
מ׳האָט קוים געראַטעוועט ס׳געביין.
געווען אַ גרופּע פּאַסאַזשירן,
מיט קיינעם ריידן נישט געוואָלט.
מע האָט געשמועסט: דאָס זענען גבירים,
וואָס פירן־מיט אַן אוצר גאָלד.
די מערסטע אָבער — הייסע טרוימער,
געפאָרן זענען בויען היימען.

דער פעטער מיט די דלאָניעס פּליעסקעט
און י אָ ס ל ט אָ ק ע ר העלפט אים צו.
דער פעטער טראָגט אַ רויטע פּעסקע
און זינגט אַ לידל פון אַ קו:
— אויפן טערניוועקער יאַריד
איז אַ קו געפלויגן.
אויף די הערנער זיצט אַ ייִד —
פחד אין די אויגן.
ס'איז אום שבת עס געווען,
שבת נאָכן טשאָלנט.
פאָכעט ייִד מיט ביידע הענט,
ווייעט מיט די פּאָלעס.
שרייט דער ייִד: — 'איך שרעק זיך נישט
'פאַר דער בהמה'ס הערנער.
'כ'ציטער, ייִדן, ווי אַ פיש,
'פאַר גאָט-ברכו, דעם צערנער:
'היינט איז שבת... ס'אַ געפאַר,
'פאָרן ז'אַן עבירה,
'כּרת קריגט מען דאָך דערפאַר,
'ייִדן, ס'שמעקט מיט חרם...' —
דער עולם קייכט פון פעטער'ס לידל
און בעט אים זינגען נאָך און נאָך.
און ס'וויגט די שיף „רוסלאַן", אַ מידע,
אַריין זיך אין דער צווייטער וואָך.

4. פ י י ס י ש מ אַ ט ע ל י י נ י ק

צווישן עולם — אָן אַ זייט,
זיצט אַ ייִד — אַ גיבור.
שטאַרן אויגן אין דער ווייט,
אויגן מידע, טריבע.
אין דער לאַנגער, שטאַרקער האַנט
האַלט ער פעסט אַ טשאַיניק.
אַלע ווייסן: מ'רופט דעם מאַן
פ י י ס י ש מ אַ ט ע ל י י נ י ק.
ר'האָט פאַרלוירן אין פּילשטין
ווייב און עלעף קינדער:
טעכטער פיר און זיבן זין —
אין דעם גרויסן פלינדער.
זינט דעם פינצטער-בייזן בראָך
איז דער ייִד אַ שותק.
ברעכט די פינגער — קנאָך נאָך קנאָך —
מיטן גוף ער טרייסלט.

— „האָסט באַרויבט מיך פון מיין קרוין!“ —
צו דעם הימל טענה'ט:
— „און געלאָזט מיך איין-אַליין
מיט מיין אַלטן טשאַיניק!
וואָס בין איך דאָ, גאָט-ברוך-הוא?
צוועלף מאָל צוועלף אַ יתום...
נעם מיך צו די קינדער צו,
צו מיין ליבער ס אָ ס י ע'ן...“ —
נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד,
אָפּגעשפּאָרט אַ טשאַיניק,
פאָרט ער איצט קיין ארץ-ישראל —
פ י י ס י ש מ אַ ט ע ל י י נ י ק.

## 5. מ אַ ר ק א י ל א י ט ש מ אַ כ אָ ר ק י ן

צווישן עולם אויפן דעק
דרייט זיך אַ פּאַרשוין אום:
הענט געניטע אין געשלעג,
אויגן — שאַרפע, קליינע.
איז מיט אַלעם כאַוועד-לאַפּ,
זאָגט, ער קומט פון זשאָרקע,
נאָר ער רעדט, ווי אַ קאַצאַפּ:
מאַרק אילאיטש מאַכאָרקין.
ווי ער קומט אויפן „רוסלאַן“,
איז אַ סוד פאַר אַלעם.
אומעטום איז ער פאַראַן,
טענצלט, ווי אַ באַלעם.
אָנגעטאָן איז ער — אַ פראַנט,
שטיוועלעך מיט שפּאָרן.
זאָגט, ער איז אַ מוזיקאַנט,
אָנגעפירט מיט כאָרן.
ווען ער גייט פאַרביי אויף דעק
פאַרן פעטער א י צ י ק,
יענער טרעט אים אָפּ דעם וועג
מיט אַ חוזק-וויצל:
— „נח'ס תיבה איז געווען
פול מיט אַלע זוגות:
חיות, שרצים, מענטשן, שלענג —
נאַרישע און קלוגע.
ווי די תיבה, דער „רוסלאַן“
מענטשן פירט און קראָען —
דאָרט, וואו ס'איז אַ ייד פאַראַן,
דאַרף מען שבת-גויים.“ —

### 6. די טענצער

שוועבט אַרום אַ טענצער־יונג,
ברוך אַגדתי,
דרייט אַרום זיך, ווי אַ „וויון״,1)
גײשט ער גייט — ער פלאַטערט.
און מיט אים — אַ מויד, אַ גאָלד,
שיינט זי — אַ „קאַרטינע“,2)
איידל, צאַרט — אַ גלאַדיאָל,
הייסט זי מאַשאַ ווינער.
טאַנצן ביידע זיי צוזאַם,
ווי צוויי מאַטן — אויפן ים.
קוקט דער פעטער איציק אָן
די צעשטראַלטע טענצער —
און ער פאַטשט מיט פלאַכער דלאָן
איבער ברוינעם שפּענצער:
— „ווער מיט אַקער, ווער מיט שפּיז,
ווער מיט שוויים און דויער,
זיי... זיי וועלן מיט די פים
ארץ־ישראל בויען.״ —

### 7. הלכות סאָציאַליזם

זיצן יונגען אין אַ ריי,
בחורים, ווי ריזן.
יאָסל טאָקער קנעלט מיט זיי
„הלכות סאָציאַליזם״:
— „ס'איז די לערע קלאָר, ווי גלאָז,
ליכטיק, ווי דער אמת:
יידן האָבן פּשוט־פּראָסט
צופיל, צופיל קרעמער.
ס'איז געווען געזעץ פון סדום,
ס'האָט דער צאַר געצוואונגען:
'אָדער, יידן, זיצט אין קראָם,
'אָדער שטאַרבט פון הונגער!'
ס'קאָן אַ פאָלק אַ גאַנצס נישט זיין
מעקלער, סוחרים, הענדלער —
האָט מען אומעטום אונדז פיינט,
זוכט מען אונדז פאַרלענדן.
בויען וועט דער ייד זיין לאַנד
מיט אַ האָרעפּאַשנער האַנט.

---

1) אַ דריידל. 2) אַ שיין בילד.

## 8. די דיכטערין רחל

פאַרטיפט אין בוך, ביי רעטונג-לאָדקע,
אַ יונגע פרוי אויף טומבע זיצט.
אויף בלייכע באַקן בליט טשאַכאָטקע,
אין הייסע אָפּלען אומעט בליצט.
אַ לענגלעך פּנים, בלויע אויגן,
זי זיצט אַן איינזאַמע אויף דעק,
ווי ס'וואָלט אַ מידער, קראַנקער פויגל
פאַרפלויגן פון אַ ווייטן העק.
זי איז פאַר אַלעם אַ „זאַגאַדקע",
נאָר ליוליקן די יונגפרוי ציט.
ער ווייסט: אַ דיכטערין פון וויאַטקאַ
די פרוי איז — און זי שרייבט עברית.
עס שטעלט זיך לעבן איר אָפּ ליוליק,
פאַרפירט אַ פריינטלעכן געשפרעך.
די אַקסלען אין אַ „פּלעד" זי טוליעט,
די בליקן — ווי צעפלאַמטע לעכט.
זי בעט אים זיצן: — „מ'רופט מיך רחל...
איר זענט אַ רוסישער פּאָעט.
ס'איז גוט צו האָבן אַזאַ שכן..." —
איר שטימע קלינגט, ווי אַ געבעט.
— „אַנטשולדיקט מיר, — זאָגט ליוליק איידל, —
מיין ליבע פּריסטערין פון ליד:
ווי קומט עס, וואָס אַ וויאַטקער מיידל
זאָל שרייבן לידער אויף עברית?
ווען איר באַזיצט די שפּראַך פון בלאָק'ן
און פון אַכמאַטאָוואַ'ן דעם קלאַנג?..." —
זי גיט אַ קוק אויף אים דערשראָקן,
נאָר ס'קלינגט איר ענטפער — אַ געזאַנג:
— „ניין, נישט אין רוסלאַנד העלט מיין שטערן,
אין לאַנד פון אָבות גליט מיין שיין.
כ'וועל קיין אַכמאַטאָוואַ נישט ווערן,
כ'וויל בלויז אַ רחל בלאָוושטיין זיין.
און איר? ס'האָט וועגן אייך מיר ביאַליק
דערציילט. ער האַלט פון אייך אַ סך.
אויך איר קאָנט ווערן נאָך נתעלה —
און דווקאָ אויף דער חומש-שפּראַך." —
ס'פאַרנייגט זיך ליוליק: — „כ'דאַנק אייך, שוועסטער,
ס'שאַפט יעדער דיכטער זיך זיין חוק.
און איך? מיט פּושקינ'ען פאַרמעסטן
מיר ווילט זיך אויף דער שפּראַך פון בלאָק." —

אויף אונטערדעק ער טרעפט דעם פעטער,
וואָס גיט אַ שמייכל און אַ זיפץ:
— „וואָס מאַכט די ליידענדע פּאַציין?
זי זוכט אַ חתן אויף דער שיף?
פון תלמוד פּטור און פון רמב״ם,
די ווייבער דאַרפן קאָכן פיש —
און זי? אַ שיסל, פול מיט יאַמבן,
דעם מאַן דערלאַנגען וועט צום טיש.״ —

9. דור הולך ודור באָ

די נאַכט, ווען צפת'ער ייד, ר' חיים
איז אויסגעגאַנגען שטיל פון „טיף״,
האָט מאַניאַ, ס'ווייב פון ליאָווקאַ פייער,
אַ קינד געבוירן אויף דער שיף.
געוואָרן פלוצים אַ בהלה:
דער קאַפּיטאַן האָט מיט פּאַרדרוס
דערקלערט: דעם מת, לויט אַלע כללים,
אין ים אַריינוואַרפן מע מוז!
דער פעטער האָט געמאַכט אַ שטורעם:
— „וואָס הייסט, מע וועט אַ יידן סתם
אַזוי אָן תכרים און אָן קבורה
צו פיש אַריינוואַרפן אין ים?
אויב מלאך-המות מיט דער פּטירה
האָט דריי טעג וואַרטן נישט געוואָלט,
דעם נפטר וועלן מיר דערפירן
אויף שיף צום ברעג פון ארץ-ישראל.״ —
דער פעטער האָט דאָס קינד דאָס נייע
באַגריסט אין מזל'דיקער שעה:
— „מע דאַרף אים, ברידער, רופן חיים,
ווי ס'שטייט: דור הולך ודור באָ!״ —
„רוסלאַנ'ס״ סירענעס רעווען, רעווען.
דער קוימען שפּייט מיט שוואַרצן רויך.
אַרום דער שיף שווין פּאַטשן מעוועס
און אַלבאַטראָסן אין דער הויך.
דער פעטער שפּאַנט-אַרום. עס פעכלט
זיין טיף-צעקאַרבט געזיכט פון פרייד:
— „ווי שטייט אין פּסוק — נין ונכד,
אַנשים, נשים, קינד און קייט.״—
פּאַרטאָג. עס מאַניעט שוין דער האַפן.
נאָך איין-און-צוואַנציק טעג אין וועג
דערשוואומען איז „רוסלאַן״ קיין יפו —
און לאַנדן נישט געקאָנט ביים ברעג.

## 10. דער האַלבער ייד און האַלבער רוס

ס׳איז ליוליק אויפן דעק געשטאַנען
מיט הענט פאַרלייגטע אויף דער ברוסט:
— ׳וואָס טוט ער דאָ?׳ — ער טראַכט אין וואַנען, —
׳דער האַלבער ייד און האַלבער רוס?
׳אָט שטייט ער ביי די בלויע ברעגן
׳פון אַלטן, אויסטערלישן לאַנד,
׳וואו ס׳האָבן איבער וויסטע שטעגן
׳געשפּאַנט די שטאַמען פון כנען.
׳וואו ס׳האָט אברהם אויף עקדה
׳געפירט זיין יצחק׳ן — זיין זון,
וואו ס׳האָט דעם פיינט אין שרעק און שוידער
׳פון כנען אַרויסגעיאָגט בן־נון.
׳וואָס בינדט אים דאָ מיט יענע שטאַמען,
׳דעם וויטן אָפּשפּראָצלינג פון זיי?׳—
ס׳דערמאָנען רייד זיך פון מלמד
אין קיעווער נעכט פון פּרעסט און שניי.
עס האָט דער אַלטער דאַן געבריעט:
— ׳ס׳איז ארץ־ישראל אַ הייליק לאַנד,
דאָרט האָט אַמאָל געלעבט ישעיה,
געקעמפט מיט רשעות פון טיראַן.
׳דאָרט האָבן ליכטיקע נביאים
׳געוואָרט אויף ביאַת־המשיח.

׳דאָרט האָט דאָס האַרטע פאָלק פון ביבל
׳מיט גאָט מיט בייזן זיך געקריגט,
׳האָט ער אויף אייביק זיי פאַרטריבן
׳אין גלות זוכן זייער גליק.
׳צוויי טויזנט יאָר, פאַרווירטע, דולע,
׳געפּייניקט זיי דורך מאָרד און בלוט,
׳פאַרשפּראָכן ברענגען זיי גאולה,
׳ווען ס׳וועט צו־שאַרף ווערן די רוט.׳ —
ר׳געדענקט דעם פלאַטער און דעם צאַפּל
פון יעדן ביבלישן געשטאַלט.
נאָר איצט, ווען ס׳האָט זיין טרוים גע׳מפּיל׳ט,
וואָס גרייט אין לאַנד אים דער שיקזאַל?
זאָל זיין, עס וועלן אַרבן יידן
דאָס לאַנד פון ליכטיקן תנ״ך, —
ווי וועט ער קאָנען שרייבן לידער
אין אָבות־לאַנד אויף פּושקינ׳ס שפּראַך?

## ב. תל־אָביב

### 1. סוף פון דער אָדיסיי

געווען איז דאָס כ״ז כסלו,
ב׳ חנוכה פון התר״פ,
ווען ס׳האָט „רוסלאַן״ ביי סקאַלעס ליסע
פאַרענדיקט לאַנגע אָדיסיי.
דריי טעג און נעכט האָט ווילד געשטורעמט,
אַ חיה־רעה — מיטל־ים,
געכוואַליעט טורעם אויף אַ טורעם,
געבערגלט שוימיק קאָם אויף קאָם.
דריי מייל געשטאַנען מ׳איז פון האַפן
דריי כמורנע, אומעטיקע טעג.
פון ווייטנס האָט געמאַניעט יפו
מיט ברוינע הייזער אויפן ברעג.
און איבער יפו׳ר גרויען הימל
קוים מערקן קאָן מען דורך שפּאַקטיוו:
אויף לינקס — אַ רואיק שטעטל דרימלט
מיט ווייסע הייזער — תל־אָביב.
דער פעטער איציק רעדט צו יאָסל׳ען:
— „דו ווייסט, מיין זון, עס זעט מיר אויס —
די כלה שעמט זיך מיטן חתן
און לאָזט אים נישט אַריין אין הויז.״ —
דער עולם שמייכלט. נאָר עס רופעט:
אַזוינס האָט קיינער נישט דערוואַרט.
עס סוד׳עט גרופּע זיך מיט גרופּע,
און אויגן גלאָצן — פול מיט צער.
דער נעפּל איבער כוואַליעס פּויזעט,
דער עולם איבער דעקן שפּרייזט.
אַראָבער אין צעשפּרייטע הויזן
אין קליינע שיפלעך פירן שפּייז.

### 2. דער ריח פון אייגן לאַנד

אויף פערטן טאָג אַרויסגעשוואומען
די זון איז פון איר פוטערפּאַס:
ס׳פאַרשווינדט פון פּנימ׳ער דער אומעט,
אין הערצער — יובל און עקסטאַז.
אין האַפן איז אַ סומאַטאָכע:
פון גאַנצן ארץ איז מען דאָ —
די עולים געבן ערשטע ברכה:
— „זאָל אַלץ זיין אין אַ גוטער שעה!״ —

אַ קליינִיקייט, זעקס הונדערט יידן,
די ערשטע עולים נאָכן קריג!
מע קושט, מע האַלדזט זיך, ווי די ברידער,
און אַ קאַפּעליע שפּילט מוזיק.
דער ערשטער דאָ באַגריסט די עולים
אַ הויכער ייד. אין אויגן — גלי.
מע קוקט, מע שטוינט — ס׳איז מ ע נ ד ל  ב י י ל י ס:
— „שלום חברים, זיעמליאַקי!״ —
די קינדער שיילן פּאָמעראַנצן,
ווי דיניעס — קײַלעכדיק און גרויס.
און יונג און אַלט אויף גאַסן טאַנצן:
— „ס׳האָט גאָט פון גלות אונדז דערלייזט!״ —
עס שמעקט מיט בשמים און מיט האָניק,
מיט ריח פון אַן אייגן לאַנד.
דער פעטער שעפּטשעט: — „שהחינו״ —
און קושט די זיסע ערד פון כנען.

## 3. ד ע ר  ק ב ל ת - פּ נ י ם

דער עולם, ווי געשמידט אין טראַנסן,
וואַרפט לעצטן בליק אויף אַלטער שיף.
מע פאָרט אין קליינע דיליזשאַנסן
אין יידן־שטאָט קיין תל־אָביב.
עס ציט זיך לאַנג צווישן פּרדסים
דער וועג פון יפו — אָן אַ סוף.
ס׳באַגעגנט זיי מיט גרוס מיט הייסן
דער בירגערמייסטער  ד י ז נ ג אָ ף.
און פון „בית־עם״ און ביז „הרצליה״
מע פירט די עולים אין פּאַראַד:
עס שמעקט מיט „ביאת המשיח״
און מיט מאַראַנצן־אַראָמאַט.
פון ביידע זייטן „רחוב הערצל״
די תושבים שטייען אויסגעשטעלט:
אין אויגן — פרייד, און פרייד — אין הערצער,
עס שמייכלט גאַניק, טיר און שוועל.

## 4. ד י  ע ר ש ט ע  נ אַ כ ט

די ערשטע נאַכט איז מען געשלאָפן
אויף בענק און טישן פון „בית־עם״,
ווי ס׳פלעגן שלאָפן די נשרפים,
אַנטרונענע פון פייער־פלאַם.
מ׳האָט אויסגעלייגט זיך אין אַ ריי:
און ר׳ יחיאל — צווישן זיי.

אַ פּאָר משפּחות פון „ותיקים"
אַרויסגעוויזן האָבן „גנאַד":
אַריינגענומען וועם בשתיקה,
באַלייגט אויף גאַניק, צי אין באַד.
די מענער — אויף דריי האַרטע טישן,
די פרויען — אויף מאַטראַצן דריי.
דער פעטער האָט געכראָמשקעט קנישעס,
געמורמלט: — „עם ישראל חי!" —

זיך אויסגערוט, זיך אויסגעשלאָפן,
דעם טשאַד אַרויסגעיאָגט פון קאָפּ,
די עולים שפּאַנען, פול מיט האָפן,
מע קויפט זיך איין אַ גאַרדעראָב.
דער פעטער קויפט אַ נייעם סערדעט,
אַ פּאָר — מיט קורצע שפּיצן — שיך.
ער פּוצט זיך אויס — און שפּאַנט מיט ווערדע —
און ס'שיינט פון נחת זיין געזיכט.
און ל י אָ ו ו ק אַ אויף אַראַבער־מאַרקן
מציאות זוכט אַ גאַנצן טאָג:
ער קויפט אַ בלויע מאַרינאַרקע,
אַ רעגנמאַנטל און אַ שטאָק.
ער האָט אויך אויסגעפּוצט זיין מ אַ נ י אַ 'ן
אין נייעם, באַרכאַטנעם זשאַקעט,
געקויפט אַ פּעניואַר און סטאַניק
און שטילערהייט אויך אַ קאָרסעט.
און י אַ נ ק אַ טראָגט די אַלטע הויזן
און דעם צעריסענעם שינעל,
כאָטש ס'איז דער פעטער אויף אים גוזר:
אויף קליידער לייען ביי אים געלט.

און ל י ו ל י ק טראָגט דעם „פּרענטש" דעם בלויען,
די גרויע הויזן „גאַליפע" —
און שעה'ן לאַנג ער זיצט פאַרטרויערט
ביים טעפּל קאַווע אין קאַפע.
און שפּעטער ווערט ער גאָר אַנטרונען —
און בראָדזשעט אום, פאַר'חוש'ט, צ'ע'תמ'ט,
איבער די געלע זאַמדן־דיונען —
פון דעם „הרצליה" ביזן ים.
ער קוקט אַרום מיט פלאַם אין אויגן:
— 'איז ד אָ ס דאָס אויסגעטרוימטע לאַנד?
'וואָס טוט ער דאָ, אַ פרעמדער פויגל,
'אין לאַנד אין אייגענעם כ נ ע ן?' —

### 5. אַ תכלית

אַוועק אַ וואָך, אַוועק אַ צווייטע:
דער עולם קוקט זיך שנעל אַרום,
מע רייסט זיך אָפּ פון לעצטע צויטן,
וואָס בינדן נאָך מיט ווייסן „תחום".
ס'איז יאָסל טאָקער דאָ, ווי שטענדיק,
מיט הייסן וואָרט און רוף צו טאַט.
ער שמאַיעט אום און פירט די גרענדע,
אויף אַלץ ער האָט אַ קלאָרן פּשט:
— „ס'האָט קיינער נישט קיין רייכע נחלות
נישט צוגעגרייט פאַר אונדז... בכן,
איז צייט אַ טראַכט-צו-טאָן פון תכלית,
אין אַרבעט איינשפּאַנען די הענט.
אויב וועט עס וויל פון אונדז דאָ, ברידער,
דעם לאַנד באמת ברענגען נוץ,
פאַראַן איין וועג בלויז, ליבע יידן,
אַ נייעם גרינדן דאָ קיבוץ.

— „צוויי טויזנט יאָר שוין וואַרט דער „עמק",
אַז יידן זאָלן קומען צוריק,
וואו סוחרים, לופט-מענטשן און קרעמער
געפינען וועלן זייער גליק.
האָב איך באַקומען אַ סובסידיע
אין „פּאַלעסטינער אַגענטור" —
צו שאַפן פאַר „רוסלאַנער יידן"
אַ זעקס-חדשים'דיקן קורס:
צווערשט מיר דאַרפן זיך דאָ לערנען,
נישט זייען אויפן ווינט קיין קערנער." —

### 6. אויף די קורסן

אויף קורסן האָבן זיך פאַרשריבן
אַ פערציק יידן פון „רוסלאַן":
מיט פליים, התמדה און מיט ליבע
מ'האָט זיך אַ נעם-געטאָן צום לאַנד.
געבראַכט „רוסלאַן" האָט פילאָלאָגן,
דאָקטוירים פון פילאָסאָפיע,
בני-תורה, גאונים און מופלגים,
נאָר ווייניק הענט, געוואוינט צו מי.
באַזונדערס איז געווען אַ דוחק
אין טעכניקער... און שווער, ווי שווער:
אַ קרעמער, עילוי, צי אַ סוחר
פאַרוואַנדלען אין אַן אינזשענער.

אין דעם געווען איז יאָסל טאָקער,
נאָך פון אָדעסער שולע „טרוד“,
אַ ספּעציאַליסט, אַ גרויסער בקי —
האָט ער פאַרבונדן זיך מיט „גדוד“.1)
און בליומע האָט דאָס קינד געלאָזן
ביי קרובים אין „נוה־שלום“,
גענומען זיך צו ביימער, גראָזן —
זיך לערנען אויף אַן אַגראָנאָם.
דער פעטער האָט דאָך אַ ידיעה
אין הלכות־מילכיקס — פון אָדעס,
האָט מען באַשטימט אים פאַר מגיה
אויף מילך און סמעטענע און קעז.
און ליאָווקאַ פייער — דער נאַליאָטשיק — 2)
דער בקי אין רעוואָלווער־קנאַל,
געוואָרן איז דאָ אַ „ראַבאָטשי“,3)
זיך לערנט רייניקן אַ שטאַל.
און מאַניאַ מיט די האָר, וואָס ברענען
אויף שטערן מיט געקנייטשטער הויט:
— „כ׳וויל, ליאָווקאַ, ווערן אַ גננת!“ — 4)
באַשלאָסן האָט די ספּריטנע מויד.

און אַלבערט שוואָם, דער הויכער יעקע,
וואָס שטומפּיק איז אויף יידיש וואָרט,
ער לערנט זיך צו זיין אַ בעקער
און באַקן קנישעס, ברויט און טאָרט.
דער גיבור פייסי שמאַטעלייניק
באַקומען האָט אַ רעוואָלווער,
אַוועקגעוואָרפן שוין דעם טשאַיניק
און גרייט זיך ווערן אַ „שומר“.
און בלויז דער „שבת־גוי“ מאַכאָרקין
איז נישט אַריין אין קאָלעקטיוו,
נאָר מיט אַ טענצערקע־פּאַרטניאָרקע
פאַרבליבן איז אין תל־אָביב.
און די חברים יאַנקאַ, ליוליק
באַשלאָסן האָבן זאַלבענאַנד:
דערוייל מעקב זיין די גאולה —
און פאָרן אויסקוקן דאָס לאַנד.

---

1) אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, איידער „הסתדרות“ איז געשאַפן געוואָרן.
2) באַנדיט. 3) אַרבעטער. 4) קינדערגאָרטן־לערערין.

## ג. ירושלים

### 1. אַ ווייסער, אויסגעבענקטער טרוים

אויף ווייסן וועג, וואָס שמעקט מיט חומש,
אַ ברוינער האַצקעטע דיליזשאַנס.
עס קרעכצט מאַטאָר אין הייסן שלומער
און האַלט די רעדער אין באַלאַנס.
ביים טרייבער ז׳אַנגעשטרענגט די ראיה,
ער היט דעם מינדסטן שטיינער-פאַל:
איין שפּאַן אויף לינקס — איז שאול-תחתיה,
איין שפּאַן אויף רעכטס — איז כף-הקלע.
אַן אָדלער-נעסט אין שטיין-געקלעטער,
פון לעצטער שקיעה-שיין באַהעלט,
אויף סקאָס פון באַרג זיך דראַפּעט ב י ת ר,
בר-כוכבאַ׳ס לעצטער ציטאַדעל.
אין דיליזשאַנס — געפּלעפּט זיצט ל י ו ל י ק,
אַ דורכגעציטערטער פון שטוין,
און ביי זיין זייט זיך י אַ נ ק אַ טוליעט
און גלאָצט אויף קרוזשעווען פון שטיין.
די העלדזער ציען זיך און שטרעקן
צו כאַפּן מינדסטן שטיין-גיוואַנס.
און ווי אַ פליג — אויף קרומען שטעקן,
קריכט ווייטער ברוינער דיליזשאַנס.
און מיטאַמאָל — אין ים פון פייער,
מיט וואָלקנס זילבערנע באַזוימט,
אויף באַרג טוקט-אויף י ר ו ש ל י ם —
אַ ווייסער, אויסגעבענקטער טרוים.

### 2. די ערשטע נאַכט אין ירושלים

באַגעגנט האָט ירושלים
די צוויי חברים מיט גלין-גלאָן.
געוועזן איז דאָס דער טאָג פון ניי-יאָר,
געשוועבט אין רוים האָט גלאָקן-קלאַנג.
און ס׳פּיינען ל י ו ל י ק׳ן מחשבות:
ס׳האָט גלאָק אין מאַסקווע אים געפּלאָגט —
׳און דאָ, אין שטאָט פון מלך-דוד,
׳אויך דאָ — דער קלאַנג פון קלויסטער-גלאָק.׳ —
אַרוים פון דיליזשאַנס, זיי שפּריזן
דורך יפו׳ר גאַס, מיט שטויב און פּאַרכט
אַרויף צו די בוכאַרער הייזער,
וואו ס׳וואַרט דער חבר צ ב י ש ח ו ר.

דאָס ווייבל צבי שחור׳ס, שושנה
צום טיש שטעלט גרינסן, פלייש און ברויט.
מע רעדט פון היימישע באַשטאַנעס
און פון אַרבוזן סיפּקע־רויט.
די שעה׳ן פלאַטערן, ווי פייגל,
פון לאַנגן פליען אָפּגעשוואַכט.
פון מידקייט קלעפּן זיך די אויגן:
— „נו, צייט, חברים, מאַכן נאַכט!״ —
די קישנס אויף די בעטלעך בלאַנקען.
דער דיל מאַזאַאישער — ווי גלאָז.
דעם קאָפּ פאַרוואָרפן, כראָפּעט יאַנקאָ,
און ליוליק ציט אַ פּאַפּיראָס.
און מיטאַמאָל — אין וואָר, צ׳ין חלום
דערטראָגט צו אים זיך אַ געוויין,
ווי ס׳וואָלט די אַלטע „שטאָט פון שלום״
געקלאָגט מיט יעדן הויז און שטיין.
און ס׳דוכט זיך ליוליקן אין שטוינען:
דורך דיל און באַלקנס און סופיט
קלאָגט ירמיה, דער בעל־מקונן,
אויף בראָך פון פאָלק זיין איכה־ליד.
ער שפּרינגט אַראָפּ פון דעם געלעגער,
פאַרפאָלגט פון פינצטערן געקלאָג.
ער בלייבט ביים פענצטער שטיין אַ רגע —
אויף שויב שאַריעט שוין אויף טאָג.
ער עפנט ס׳פענצטער: קעגנאיבער,
אויף מינאַרעט — אַ מועדזין
מיט שטים חז׳נישער און טריבער,
זיין תפילה פּרעפּלט אין באַגין.

3. ביים כותל־מערבי

אויף מאָרגן האָבן די חברים
געלאָזט זיך צו דער „אַלטער שטאָט״.
כאָטש ליוליק איז אַן אפּיקורס,
ער שפּירט די נאָענטקייט פון גאָט.
די זון קאָן זעלטן קוים דאָ גרייכן
די שמאָלע גאַס דורך שטיין־געוועב.
דורך לאַבירינט מיט טריט, מיט ווייכע,
חברים שפּאַנען איבער טרעפּ.
אויף רעכטס — ביים שטיין־געפלעכט צופוסנס —
אַ טירל — האַלב־געוועלבט און רונד:
אַן עדה יידן בניחותא
זיך טובל׳ט אין דער טבת־זון.

און איבער זיי — דער אַלטער כותל
פּאַרדעקט דעם הימל'ס בלוי געוועלב.
די יידן שטייען אין טליתים,
פון זון באַגאָסן — גאָלד און געלב.
אַ ייד אַ דאַרער, ווי אַ נזיר,
גלעט צווישן אַלטן שטיין די גראָזן,

ווי באָרד און פּיאות פון די אָבות
געוואָקסן וואַלטן פון דעם שטיין.
ביים אַלטן כותל מערבי
זיי בלייבן שטיין פאַרווירט אין שטוין.
און ליוליק טראַכט: — 'שוין צוויי יאָרטויזנט,
'ווי בעסער שמעקט דעם יידנ'ס נאָז
'פון דופּטיקע, פון גלות-רויזן
'דאָס כותל-מערבי-גראָז.
'איז דאָ אַ זין אין סוד פון אומה?
'איז אויך אין בלוט פאַראַן באַשייד? —
און ס'הילט זיין האַרץ זיך איין אין אומעט,
וואָס זיסער איז פון זיסטער פרייד.

## 4. אַ מאַנאַשקע אויפן הר־הזיתים

אויף סאַמע שפּיץ פון הר-הזיתים
מיט גאָלד פון צלמים שעמערירט,
אין שלווה-רו צעווישן מתים,
אַ פּראַוואָסלאַוונער מאָנאַסטיר.
שטייט ליוליק דאָ פאַרווירט און יאַנקאַ
באַטראַכט פון צלמים-שיין דאָס גאָלד —
און ס'ווירבלען פינצטערע געדאַנקען:
— 'ווי קומט אַזוינס קיין ארץ-ישראל?' —
די זון מיט וואָלקנס שפּילט אין זשמורקעס:
אָט שיינט זי אויף די גאָלדנע קנעפּ
פון די סטודענטישע טוזשורקעס —
און אָט באַהאַלט זיך אין געוועב.
זיי טוען פלינק אויס די פוראַזשקעס
און ווישן מיט דער דלאָן דעם שווייס.
אַ מיטל-יעריקע מאָנאַשקע
פון גרינעם טירל קומט אַרויס.
זי קוקט אויף זיי, פאַרווירט און בליציק:
— 'וואָס זוכן דאָ די צוויי פאַרשוין?' —
— „וואַדי-ב נאַם, מאַטושקאַ, נאַפּיטסיאַ!" — 1)
אַ זיי גיט ליוליק דורך די ציין.

1) „מיר וואָלטן געוואָלט אַביסל וואַסער טרינקען." —

זי גיט אַ פליעסק פון איבעראַשונג
מיט דינע הענט, ווי אין דעליר:
— „גאַלובטשיקי, דאַ ווי־זשע נאַשי!
גאָסטמי וואָס פרימיעט מאָנאַסטיר.
יאַ איז מאָסקווי פיערוואָפּרעסטאָלנאַי,
דאַ מאַרפאָי פּאַוולאָווּנאַי זאָוואוּט.
זוואָניו פּאַראַי נאַ קאָלאָקאָלניע,
דאַ סלושאַט ניעקאָמו אוזש טוט.
דאַ טשטאָ יאַ, דורא, טאַראַטאַריו?
אַסטאַלסיאַ טשיסטים וואַדאַיאָם.
פּאַמאָזשעם וואַשעמו מי גאָריו:
סוויאַטאַי וואָדיטשקאַי נאַפּאָיאָם!" — 1)
זי פירט די יאַטן צו אַ ברונעם
און שעפּט־אָן וואַסער מיט פיאַל —
און קוקט אויף זיי פאַרווירט־משונה,
דאָס וואַסער גאַרגלט זיך אין האַלדז.

— „אַ טי אָטקודאַ־זשע, קאַרמיליעץ?
מונדיר סטודיענטשעסקי ניעסיאָש,
יאַזיק טוראַי קראַסיען אי אָביליען,
מאָסקאָווסקים גאָוואָראָם פּאָיאָש." — 2)
און ל י ו ל י ק רופט איר אָן זיין נאָמען:
— „יאָ, מאַטושקאַ, עס איז אַ נס —
זעקס הונדערט יידן פון פּאָגראָמען
אַ שיף געבראַכט האָט פון אָדעס." —
זי נעמט זיך שאַרן, פול מיט פחדים,
און צלמ'ט זיך מיט פינגער דין:
— „זשידי נאַ רוסקאָם פּאַראָכאָדיע...
יאַ סלישאַלאַ... אָ, דיאַוואָל, סגין!" — 3)

---

1) — „טייבעלעך, איר זענט דאָך פון אונדזערע. דער מאָנאַסטיר וועט אייך אויפנעמען, ווי אייגענע. איך בין פון מאָסקווע, דער ערשטער הויפּט־שטאָט. מע רופט מיך מאַרפאַ פּאַוולאָוונאַ. איך קלינג דאָ אָפט אין גלאָקן־טורעם, אָבער עס איז שוין נישטאָ ווער עס זאָל הערן. אָבער וואָס האָב איך, דער נאַר, זיך דאָ צעפּלאַפּלט? ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ ריינער ברונעם, ווען מיר אייך העלפן אין אייער צרה — און אייך געבן טרינקען פון דעם הייליקן וואַסער.

2) — „און דו, טייערער, ביזט פונוואַנען? דו טראָגסט אַ סטודענטישן מונדיר. דיין שפּראַך איז שיין און רייך און דו רעדסט מיט אַ מאָסקווער אויסשפּראַך." —

3) — „זשידעס — אויף אַ רוסישער שיף... איך האָב געהערט... אָ, טייוול, פאַרשווינד!..." —

די פויסטן יאַנקאָ גיט אַ בייל-אָן:
— „מאָלטשי, פּראָקליאַטאַיאַ, זאַטקנים!" — 1)
נאָר ליוליק, קלוג און פלינק און איילִיק,
זיין בייזן חבר גיט אַ רים:
— „לאָז, יאַנקאָ, אָפּ די מיאוסע גנידע —
זי וועט קראַפּירן דאָ פון בייז..." —
און ס'שפּאַנען שנעל צוויי שטאָלצע יידן
פון טמא מאָנאַסטיר אַרויס.

### 5. אָמאַר-מאָשע 2)

די שקיעה לעשט זיך גאָלדיק-צונטער
אין הייסן שטראַליקן צעשאָט.
מיט טרעפּ מיט שטיינערנע אַרונטער
זיי שפּאַנען צ'ריק אין „אַלטער שטאָט".
עס בליאַסקען קנעפּ אויף רעקלעך בלויע,
עס שורשען הויזן „גאַליפע" —
און פלוצים — מיט געשניצטן טויער
וואַקסט-אויס פאַר זיי „אָמאַר-מאָשע."
אַ שייך אַ יונגער — אַן אָסאָבע —
ביים הויכן טויער שטעלט זיי אָפּ:
— „ווילקאָמען, נאָבעלע „מאָסקאָבים"!" — 3)
די ווערטער שיטן זיך, ווי באָב.
ער פירט פון גאָרן זיי צו גאָרן
און רעדט אויף לשון „פּאָליגלאָט":
— „דאָ איז געשטאַנען מוטער שרה,
ווען מ'האָט איר זון געבראַכט צו גאָט!" —
נאָך יעדן פּזמון — אויגן שלויע
פאַרגלאָצט ער איידל-פרום: — „באַקשיש"! — 4)
זיי וואַרפן קופּערנע מטבעות
דורך שמאָלן שפּעלטעלע אין טיש.
און יאַנקאָ מערקט: פלינק, ווי אַ קעצל,
דער שייך דורך שפּאַלט די פּרוטות פאַנגט.
באַשליסט ער: ער איז דאָך בר-מצרא —
און לייגט אַוועק ביים שפּאַלט די האַנט.
ביים שייך די אויגן ווערן שלויער —
און ווי אַ שלאַנג ער גיט אַ ציש:
— „ניעט, עטאָ מיעסטאָ ניע סוויאַטאָיע!" — 5)
און שלעפּט אַוועק זיי פון דעם טיש.

---

1) „שווייג, פאַרשאָלטענע, ווער פאַרשטומט!" —
2) באַרימטער מעטשעט אין ירושלים. 3) מאָסקווער, רוסן.
4) כאַבאַר. 5) — „ניין, דאָס פּלאַץ איז נישט הייליק!" —

6. ליוליק און יאַנקאָ פֿאַרבלייבן אין ירושלים

און יאַנקאָ שיקט קיין תל־אָביב
צום טאַטן־אָפּ דעם ערשטן בריוו,
אויף חצי־יידיש, חצי־גוי׳איש:
— „טאַטוליע, עס געפֿעלט מיר דאָ.
דאָ דינאַסטאַיאַשטשי 1) ארץ־ישראל,
און תל־אביב איז „ניטשעוואָ!" 2)
איך האָב אַ דאָלזשנאָסט" 3) דאָ געקראַגן
ביי ענגלענדער אין פֿערד־זאַוואָד:
איך לערן זיי צו צוימען אַגערס,
מע האַלט מיך דאָ אין גרויס „פּאָטשאָט". 4)
איך בין צופֿרידן דאָ צו דינען,
נאָר סינאַגאָג די בענקשאַפֿט — די מרשעת.
איז טאַמער העכסטן וואָס פֿון דינה׳ן,
דו גיב צו וויסן מיר טאַטשאָס!" 5)

און ליוליק׳ן ז׳ירושלים
געפֿעלן מיט איר ליכטיקייט,
איז וואָס־זשע דאַרף מען לאַנג דאָ בריען:
מ׳עט לעבן דאָ אַ שטיקל צייט.
ער האָט אין היגן „ועד הצירים"
געהאָלפֿן צייטונגען סאָרטירן.

7. לשוט בארץ

עס וואָוינען באַלד שוין זיבן וואָכן
חברים צוויי אין דוד׳ס שטאָט,
אָן קרובים, פֿריינט און אָן משפּחה,
ווי פֿייגל — פֿריי, אויף גאָט׳ס באַראָט.
סוף־וואָך, באַפֿרייט זיך פֿון דער אַרבעט,
מע פֿאָרט צוזאַמען איבער לאַנד:
אויף הר־הכרמל מיניען פֿאַרבן
מיט גאָלדיק־צונטערדיקן בראַנד.
דער ים־כנרת — ווי אַ לירע
פֿון סאַמעט, איינגעפּאַסט אין גרין.
אויף הר־גלבוע האַלטן שמירה
די העלדן שאָול׳ס אין באַגין.
מיט זומפּ און זאַמד זיך שפּרייט דער עמק,
שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר פֿאַרוויסט —
און זעלטן הויערט דאָ אַ קעמל
מיט לאַנגע, אויסגעדאַרטע פּיס.

---

1) אמת׳ע. 2) גאָרנישט. 3) שטעלע. 4) כבוד. 5) באַלד.

בלויז דאָ און דאָרט — אַ נייער ישוב,
פון וויסט אַרויסגעריסן, בלאַנקט,
מיט הייזער ווייסינקע און פרישע,
מיט פרייד פון אַרבעט און געזאַנג.
צופוסנס פון הר־כנען — ראָש־פינה —
און איבער איר שוועבט־אום מיט פּאָרכט:
אַ וואָלקן, ווי אברהם־אָבינו,
מיט ווייסער, זילבערדיקער באָרד.
און גוט געווען איז די חברים
אין יעדן אָרט געפינען פריינט:
פאַרזוכן מאַנדלען אין חדרה,
אין ראשונ׳ס יקב טרינקען וויין.

8. דער טאָג פון גבורה אין תל־חי

געשען איז דאָס דריי טעג פאַר פורים,
געווען ז׳דער הימל שווער, ווי בליי.
פאַרצייכנט איז אַלס טאָג פון גבורה
דער טאָג דער פינצטערער — „תל־חי".
אין צפון פון די זומפּן חולה׳ער,
וואו ס׳קאָן נישט גרייכן קאַראַוואַן,
געגעסטלט האָט זיך ס׳דאָרף מתולה —
דער לעצטער גרעניץ־פּאָסט פון לאַנד.
דערביי — צוויי דערפלעך, ווי גאַזעלן,
מיט שטיבלעך אָפּגעקאַלכט און ניי:
נפשות פופציק אין אילת,
נפשות דרייסיק אין תל־חי.
און צווישן זיי — אַ מאַן, אַ גיבור,
דער בראַווסטער פון „געבענטשטן דור",
אויף דורי־דורות איז פאַרשריבן
זיין נאָמען: יוסף טרומפּלדאָר.
אַ מאַן — אַ העמב און אַ איש־חיל,
אין שלאַכט פאַרלוירן לינקע האַנט,
באַשלאָסן האָט, אַז מיט כלי־זין
מע מוז דעראָבערן דאָס לאַנד.
עס זענען ווילדע בעדואינער
באַפאַלן די ישובים דריי —
און ס׳איז אין פינצטערן באַגינען
דער העלד געפאַלן אין תל־חי.
מיט אים — געטרייע זעקס חברים
פאַרצוקט האָט שונא, ווי אַ וואָלף —
און ס׳האָט דאָס בלוט פון די גבורים
געהייליקט ס׳גייע ארץ־ישראל.

## 9. דער פּאָגראָם אין ירושלים

אין „אַלטער שטאָט" ירושלים
די הייזער הויערן, ווי בעק.
אויף דעכער רוט דער שם-הויה
און היט זיין שטיינערנעם פאַרמעג.
די פּסח-זון — אין אַרבע-כּוסות
גיסט וויין, ווי גאָלד, אויף שטיין און דאַך.
פון יפו-שער ביז הר-הזיתים
אינדוסן שטייען אויף דער וואַך.
עס ליפּעט זיך די שטוקאַטורקע
פון הייזער, לאַנג שוין נישט געקאַלכט.
מיט באַיאָנעטן פון די „גורקים" 1)
פאַרשייט זיך שפּילט אַ פרילינג-שטראַל.
די „אַלטע שטאָט" איז אָפּגעשלאָסן
און שטייט פאַרפראָפּקעט, ווי אַ פלאַש.
ס'דערהערן זיך אַ צוויי-דריי שאָסן —
און ס'גליווערט ס'בלוט פון איבערראַש.
מיט מעסערס, שווערדן, יאַטאַגאַנען
אַראַבער פּאָכן אין עקסטאַז:
— „כּאַביבי, על דאָולע מאַנ'אַנאַ!" — 2)
און קוילען יידן אויף דער גאַס.
די זון — אויף דעכער אַ צעבליטע:
— „אַ זון, אַ פרילינג און אַ שחיטה!" —

דורך יפו'ר טויער אין בהלה
פאַרצווייפלט רייסט זיך „הגנה":
די יונגען טראָגן אונטער פּאָלעס
אַ „שפּייער", צי אַ האַנט-גראַנאַט.
פאַרשטעלן „גורקי'ס" באַיאָנעטן
דעם וועג זיי צו דער „אַלטער שטאָט".
די זעלנער רייצן זיך און שפּעטן:
— „אָן אייך מ'עט צוימען דעם ראַיאָט!" —
די יונגען לויפן, ווי פאַר'סמ'טע,
פון שער צו שער — און אומעטום
די מיליטער-לייט און באַאַמטע
באַגעגענען זיי — שטום און שטאַר.
אַראַבער אין דער „שטאָט דער אַלטער"
דערמאָרדעט האָבן יידן זעקס,
צוויי מיידלעך יידישע פאַרגוואַלטיקט,
צעפּלינדערט ס'יידישע פאַרמעג.

---

1) אינדישע סאָלדאַטן. 2) — „טייערע, די רעגירונג איז מיט אונדז!"

ווען ר׳האָט דעם צווייטן טאָג פון פסח
דערהערט דאָס גרוילן-וואָרט „פּאָגראָם״,
געוואָרן י אַ נ ק אָ ז׳אויפגעטרייסלט,
דערזען פאַר זיך אַ שוואַרצן תהום.
דערזען האָט ער פאַר זיך זיין ד י נ ה ׳ ן,
איר שטוב, צעפּלינדערט אין הייסין,
דעם פעטער ש י י ע, וואָס וואַלינעץ
געקוילעט האָט אין פרי-באַגין.
האָט אויסגעזוכט ער אַ סוטאַנע,
אַ שוואַרצן בגד פון מאָנאַך —
און זיך געלאָזט פאַמעלעך שפּאַנען
מיט שטייניק-שיפּוע׳דיקן שליאַך.

האָט ער זיך מיט אַ הינטער-געסל
אַוועקגעלאָזט צו׳ר „אַלטער שטאָט״,
דערנענטערט זיך צום שער-דמשק
מיט פרום-מיושב׳דיקן טראָט.
אין הויף האָט י אַ נ ק אָ לעבן טויער,
אין לאַנגן בגד פון מאָנאַך,
אַריינגעשושקעט וואָס אין אויער
דעם קאָמאַנדיר פון „הגנה״.
אַ רגע-צוויי — און מ׳האָט פאַרשטאַנען
דעם בראַוון י אַ נ ק אָ ׳ ס קלוגן מיין:
באַהאַנגען אונטער דער סוטאַנע
מיט האַנט-גראַנאַטן דעם פאַרשוין.

מיט צלם אויף דער שוואַרצער בורקע
געשפּאַנט האָט י אַ נ ק אָ מיט „גאָט׳ס גנאָד״ —
און ס׳האָבן אים די פרומע „גורקים״
אַריינגעלאָזט אין „אַלטער שטאָט״.
אַ טייל געווער האָט ער געגעבן
דער חברה פון געהיימען ראַט —
און מיט הנאה, פרייד און ליבע
געקושט אַ יעדן האַנט-גראַנאַט.
געשטאַנען איז פאַר אים זיין טאַטע,
און ד י נ ה ׳ ס פּנים — פאַר זיין אויג,
און ס׳האָבן י אַ נ ק אָ ׳ ס זעקס גראַנאַטן
אַראָבער צוועלף אַוועקגעלייגט.
ווען מ׳האָט גענומען די קרבנות
צו ציילן, איז געוואָרן קלאָר:
דער ישוב צאָלן מיט עקשנות
פאַר יעדן קרבן וועט פון מאָרד.

ווען ס'האָט זיך איינגעשטילט דאָס פייער
אין „אַלטער שטאָט" — אויף דריטן טאָג,
די מאַכט האָט אין ירושלים
גענומען זוכן קרבן-באָק.
און מ'האָט דערמאָנט זיך אָן די יאַטן
פון „הגנה" — מיט הערצער-פּלאַם,
מיט רעוואָלווערן און גראַנאַטן,
וואָס מ'האָט די וועגן זיי פאַרצאַמט.
ז'די „מאַכט" אַוועק קיין „ר ו ק י ה"
און ניינצן חברה אַרעסטירט,
געכאַפּט די „אַנשי לוחמי-ציון"
מיט ז ש אַ ב אָ ט י נ ס ק י — קאָמאַנדיר.
געווען איז דאָס י"ט אין ניסן,
ווען מ'האָט זיי אַלעמען פאַרשפּאַרט
אין שימל פון דער „קישלה-תפיסה",
וואו ס'האָט אַ פּסק אויף זיי געוואַרט.
געווען ז'דער משפט אַ ספּעקטאַקל,
אַ וויסטער חלום אויף דער וואָר:
מ'האָט זיי פאַרשיקט אין פעסטונג ע כ ו
אויף פופצן קיילעכדיקע יאָר.
געלייענט ל י ו ל י ק, אַ פאַרווירטער,
האָט דעם אַכזריות'דיקן פּסק:
צעווישן צוואַנציק אַרעסטירטע —
זיין חבר י אַ נ ק אָ פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק.

## 10. אין דעליריום

דער טאָג, ווען מ'האָט זיין חבר י אַ נ ק אָ'ן
אין ע כ ו-פעסטונג אָפּגעשיקט,
געלעגן ל י ו ל י ק איז אַ קראַנקער
צו-בעט, מיט פיבערדיקן בליק.
ער טראַכט: — זאָל זיין, עס איז מאַלאַריע,
'וואָס איך האָב ערגעץ-וואו געכאַפּט?' —
ער קוקט אין שפּיגל אויף זיין מראה —
און ס'האַרץ פון וויי און אומעט קלאַפּט.
ער ליגט צוויי טעג, ווי אין דעליריום,
אין צימער איינינקער-אַליין.
עס וועקן טענער זיך פון לירע,
ער זעט אַ פינצטערן חזון:
עס טאַנצן באַלקאָנס, ווענט אַ „האָרא",
און ס'בעטל וויגט זיך אין קאַנקאַן,
עס שוועבט דער אַלמער מיט די ספרים
דורך פענצטער פינצטערן אין וואַן.

עס  גיט אַ הויב פון דיל זיך ס׳בענקל —
און הענגען בלייבט אין מיטן שטוב:
אויף בענקל זיצט אַ רויטער הענקער
מיט בלאָנדן, קרייזלדיקן טשוב.
און  י אַ נ ק אָ  הענגט פון טשוואָק אַרונטער
מיט בלאַסער, אויסגעשטרעקטער צונג —
און אויף זיין פּנים פלאַקערט צונטער
דער לעצטער שטראַל פון שקיעה־זון.

* * *

ער ליגט אין פיבער און אין שווייסן
און זעט דורך פענצטער באַרג און טאָל:
פון ווייטנס בליאַסקעט הר־הזיתים
מיט צלמים אין צעגליטן גאָלד.
דורך שמאָלער גאַס, ביים יפו׳ר טויער,
אַראָפּ שפּאַצירן מיט די טרעפּ
צוויי נאָנעס, ווי צוויי שוואַרצע קראָען,
מיט ווייסע טשיפּקעס אויף די קעפּ.
דער ווייטיק ברעכט אין אַלע קנאָכן,
אין פיין די אויגן ער פאַרמאַכט
און הערט, ווי ס׳וואָלט די מוטער  ר ח ל
געוויינט אין חלל פון דער נאַכט.
עס ליגט זיין לעבן פאַר אים נאַקעט,
אַן אויסגעקאָרטשעטער באַשטאַן.
ציט  ל י ו ל י ק  אונטער אַ סך־הכול
פון פופצן וואָכן דאָ אין לאַנד:
— ׳אויך דאָ — פּאָגראָם און תפיסה־שטאַבעס,
׳אויך דאָ — דאַרף  י אַ נ ק אָ  פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק
׳זיך שיצן קעגן די אַראַבער,
׳ווי דאָרטן — קעגן היידאַמאַק!׳ —
אויף דריטן טאָג — פון פיין און וואַנען
איז ער געלעגן אָפּגעשוואַכט,
געקומען איז  ש ח ו ר ׳ ס  ש ו ש נ ה
באַזוכן  ל י ו ל י ק ן  פאַרנאַכט.
דערזעען זיין צושטאַנד, האָט זי קודם
געבראַכט אים משקה און כינין,
אַביסל צוגערוימט דאָס חדר,
לעם אים פאַרבליבן ביז באַגין.
האָט ער געזופּט כינין און „וויסקי״,
אין בעט געלעגן נאָך דריי טעג.
סוף וואָך גענומען די וואַליזקע —
און איז קיין תל־אָביב אַוועק.

## ד. ליוליק און דינה

### 1. אַ שפּור צו דינה'ן

אין תל-אָביב אַוועק איז ליוליק
צום פּעטער איציק אויף קוואַרטיר:
— „דו זעסט מיר, ליוליק, אוים מכולה —
וואָס האָט מען דאָרט צעטאָן מיט דיר?
מיר אַלע זענען דאָ געטראָפן
פון יאַנקאָ'ס מעשים און אַרעסט.
איך האָב אויף אים געלעגט נאָך האָפנונג,
ווען כ'האָב דערזען אים אין אָדעס.
עס נויטיקט ס'לאַנד זיך אין גיבורים —
און יאַנקאָ איז אַ וואָרער העלד.
אין העגט אַזוינע ליגט דער גורל
צו בויען דאָ אַ נייע וועלט." —

דער פּעטער מערקט נישט ליוליק'ס ספיקות.
ער קוקט אויף אים מיט מילדן בליק:
— „עס הויבט זיך אָן ערשט די מחלוקה,
דער זיג וועט אונדזער זיין, דער זיג!
דו מיינסט, מע שווייגט? אין שטעט, אין קבוצות
איז אויפגעשטורעמט ס'גאַנצע לאַנד.
פּראָטעסטן קומען פון די תפוצות:
'באַפרייט די העלדן פון געפאַנג!'
אַ שאָד: דער אַלטער ר' יחיאל
איז קראַנק פון וויטיק, גרוי — ווי לון.
— 'כ'וויל האָבן, זאָגט ער, נאָך די זכיה
'צו'ר חופּה פירן דאָ מיין זון.' —
דו רו זיך אוים אויף בעטל שמאָלן,
מיר וועלן גיין צו אים כעלות:
ער האַלט זיך אויף אין „נוה-שלום",
אין אַלטער סאַדיגורער קלויז." —

* * *

דער אַלטער איז ביים הויכן שטענדער
געזעסן, אין אַ „שיעור" פאַרטיפט,
ווי ס'וואָלט הייסינער קלויז געווען דאָ —
און נישט ביים ברעג פון תל-אָביב.
ס'האָט ליוליק אים דערציילט באַריכות
די העלדישקייט פון בראַוון יונג.
געטרייסט דעם אַלטן: — „ס'איז אַ יחוס,
פאַרוואָר, צו האָבן אַזאַ זון!" —

דער אַלטער הערט־אויס ל י ו ל י ק ׳ ס שבחים
און שאַקלט מיט דער סיווער באָרד:
— „כ׳האָב נישט געזען שוין פופצן וואָכן
מיין זון, מיין י ע ק ב ׳ ן, מיין בכור.
אין פסוק שטייט: אַנטקעגן מלכות
מע טאָר נישט אויפהויבן קיין האַנט.
אַנישט — וועט קריגן שווערע מלקות
דער מורד קעגן דעם טיראַן.
נאָר י ע ק ב האָט זיך נישט דערצויגן
ביי מיר אין שטוב, נאָר אין דער פרעמד —
און איצט, אַז ער איז אונדזער מגין,
מסתם איז דאָס פון אַדושם!" —
ער שווייגט אַ ווייל און שלינגט די סלינע:
— "כי שומר בורא כל יצור...
פון מיין פלימעניצע, פון ד י נ ה ׳ ן
האָב איך געפונען שוין אַ שפור.
זי אַרבעט איצט אַלס קראַנקען־שוועסטער
אין חיפה׳ער יידישן שפּיטאָל,
אַ שפּאַן בלויז פון דער עכו׳ר פעסטונג...
געלויבט דער גאָט איז פון ישראל!" —

2. אַן איבערבלייב פון דור־הפלגה

אַוועק אַ טאָג, אַוועק אַ צווייטער —
און ל י ו ל י ק וואוינט אין תל־אָביב.
ער שווייגט, ווי אַ געפּלאַצטע פּליטע,
וואָס האָט פאַרלוירן איר מאָטיוו.
ס׳דערציילט דער פעטער אים: — „די קורסן
וועט באַלד פאַרענדיקן דער „סקלאַד".
ס׳האָט י אַ ס ל ט אַ ק ע ר שוין רעסורסן
באַקומען אין דעם העכסטן „ועד".
און ס׳קלייבט זיך עולם גאָר אינגיכן
אין „עמק" גרינדן אַ קיבוץ,
וואָס קעגן שונא׳ישע רציחות
זאָל זיין אַ בייער פאַסט און שוץ.
עס האָט דער היגער „ועד עליה"
אַ נאָמען אונדז רעקאָמענדירט:
מ׳וויל רופן אים „קיבוץ א ו ר י ה" —
און שוין באַשטימט פאַר אים אַ ווירט.
און דו — מאַגיסטער פּילאָלאָגיע,
דו דרייסט זיך אום דאָ שלינג־און־שלאַנג,
אַן איבערבלייב פון דור־הפלגה,
פון בבל־טורעם — לעצטער שטאַנג.

„— דאָ ז'יעדער שטיין אונדז ליב און טייער,
און דו? דו ביזט, ווי אין אַ טראַנס,
און האַלסט זיך „נאַשאַ כאַטאַ ס'קראַיו",
אַ סקריפּענדיקער דיסאָנאַנס." —
און ל י ו ל י ק ענטפערט קורץ דעם פעטער
און קנייטשט די ליפּן אין אַ שמוך:
— „ביז איר וועט שאַפן נייע געטאָ,
איך פאָר צו י אַ נ ק אָ 'ן אויף באַזוך." —

## 3. אויף באַזוך ביי יאַנקאָ'ן

צום טאַקט פון קלאַפּענדיקע שינעס
טראַכט ל י ו ל י ק אין אַ ספּק-פּענט:
'צי זאָל ער גלייך זיך זען מיט ד י נ ה 'ן,
'צי פריער פאָרן י אַ נ ק אָ 'ן זען?'
אין חיפה האָט ער גלייך באַשלאָסן:
ס'קאָן ד י נ ה וואַרטן נאָך אַ וויל.
געקויפט פינף שאַכטלעך פּאַפּיראָסן,
אַוועק קיין ע כ ו אין געאייל.
געשטאַנען ז'ל י ו ל י ק לאַנג אין שורה,
געוואַרט אַ שעה און נאָך אַ שעה,
געוואָלט וואָס גיכער שוין די בשורה
אים אָנזאָגן, אַז ד י נ ה ז'דאָ.
און זיך דערוואַרט: מע פירט גיבורים.
די קרובים שטייען אין געדרענג.
מע שווייגט אַ וויל — און צוויי חברים
מיט פרייד דערלאַנגען זיך די הענט.
ס'קוקט ל י ו ל י ק אויף זיין חבר י אַ נ ק אָ,
אויף הויכן שטערן און געניק:
אַזויפיל רו אין איברים שלאַנקע,
אין שטאָלצן, אַדלערישן בליק.
ס'דערציילט אים ל י ו ל י ק אַלע פרטים
פון נייעם ישוב, וואָס מע פלאַנט:
— „איך האָב די טעג געזען דיין פאָטער,
ער האַלט, דו ביזט אַ בראַוער מאַן!
ער נעמט אים אָן מיט האַנט מיט פעסטער,
און ס'גיט אַ קוילער זיך זיין שטים:
— „עס אַרבעט ד י נ ה דאָ אַלס „שוועסטער"
אין חיפה'ער נייעם „בית-חולים"." —
ס'נעמט י אַ נ ק 'אָ ן האַמערן אין שלייפן,
ווי פייקלעך פון אַ באַראַבאַן:
— „מיין גאָט! ס'איז ד י נ ה... דאָ... אין חיפה...
אַ קורצע שטרעקע בלויז פון דאַן..." —

ער קומט צו זיך פון טראַנס פון דולן:
— „נו, זאָג אַליין — ס'איז דאָך אַ נס!
איז בעט איך דיך, מיין חבר ל י ו ל י ק,
יאַק באַך טיע מיל... און נישט פאַרגעס!" —
אין פיבער י אַ נ ק אָ 'ס אויגן בליצן
און ס'פליסן רייד, ווי אין דעליר:
— „דו זוך זי אויס אין דער באַלניצע —
און לאָז איר גריסן דאָרט פון מיר..." —

## 4. ל י ו ל י ק  ב אַ ג ע ג נ ט  ד י נ ה 'ן

די שקיעה פלאַקערט, ווי אַ זשאַר-מיל
אויף שפּיץ פון יידישן „אָלימפּ".
אינמיטן פון דעם הר-הכרמל —
אַ ווייסער בנין: „בית-חולים".
ס'בלייבט ל י ו ל י ק שטיין אין קאָרידאָרן,
וואו ס'שמעקט מיט כלאָראָפאָרם און יאָד,
ער שטייט אַ ווייל, פאַרווירט, פאַרלאָרן,
ווי ר'וואָלט געזוכט ביי וועמען גנאָד.
אַ מיידל אין אַ ווייסן טשיפּיק
דעם פרעמדן נייגעריק באַטראַכט.
זי גיט אַ שמוצער מיט די ליפּן:
— „מה יש?" — זי פרעגט אים מיט פאַרדאַכט.
ער קוקט זי אָן, אין טראַנס געפּענטעט,
און שטאַמלט-אויס, ווי אַ פּינטאַק:
— „איך בין אַהער געקומען זען דאָ
די „שוועסטער" ד י נ ה  פּ אַ ס ט ע ר נ אַ ק." —
דאָס מיידל קוקט מיט שמייכל קרומען
און צווישן ציין זי גיט אַ ציש:
— „די שוועסטער" ד י נ ה ז'איצט פאַרנומען,
זי איז ביים אָפּעראַציע-טיש". —
אויף באַנק אויף הילצערנער זיצט ל י ו ל י ק —
די הענט אין קעשעניעס — און וואַרט.
ער קוקט מיט אויגן צער-פולע,
ווי ס'לעשט די זון זיך אויפן באַרג.
ער טראַכט: — 'ווער איז זי, אַט-די ד י נ ה?' —
און פלוצים ווערט ער שטאַרק נערוועז:
— 'זי איז דאָך ר אַ י אַ 'ס אַ פריינדינע,
'אַוועק צוזאַמען פון אָדעס'. —
ער הויבט זיך אויף — און וויל אַנטרינען.
ער לאָזט זיך שפּאַנען צו דער טיר.
און מיטאַמאָל: — „מיך רופט מען ד י נ ה.
איך האָב געהערט — איר פרעגט אויף מיר". —

זי שטייט אין בלויער אוניפארמע
מיט ווייסן טשיפיק אויפן קאפ.
דער שארפער גרוך פון כלאראפארמע
נאך שמעקט פון אירע הענט אראפ.
די אויגן טיף און גרוי־פארנעפלט
מיט אפשיין פון פארגליווערט שטאל
א זכר פון אוקראינער סטעפעס,
באזוימט מיט קווייטעלעך פון גאלד.
קאפריזנע ליפן, שטייף־פארשטשעמעט.
און ס׳ווייט מיט פרייד, געמישט מיט גרויל:
דער פיילן־בליץ פון אירע ברעמען,
דער רויטער אויפשניט פון איר מויל.
פון אייביק־אן דער סוד פון מינים
איז ווי די הארבסטע שלאכט אין קריג.
א רגע בלויז האט בליק פון דינה׳ן
זיך אפגעשפיגלט אין זיין בליק.
און ס׳האבן צוויי פאר טיפע אויגן
אין הארצן זיך אריינגעקוקט...
א רגע בלויז — א פייל פון בויגן:
א בליק, א צוק — און א פארצוק...

* * *

געכאפט האט ליוליק זיך דער ערשטער —
און העפלעך — מעשה קאוואליער —
אין שטומער רגע, אין דער שווערסטער,
פלינק איינגעבראכן דעם באריער:
— „איך האב געבראכט א גרוס אייך, דינה,
פון פעטער כיעל פאסטערנאק —
נישט לאנג פארלאזן האט הייסין ער,
א קרבן פון דעם היידאמאק.
ער איז אנטרונען פון בהלה
מיט מיר צוזאמען אויף „רוסלאן",
איצט וואוינט ער דא אין „נוה־שלום",
ער איז אן אלטער, פרומער מאן.
— „מיט אים צוזאמען, גאט צו דאנקען,
האט זיך געראטעוועט אהער
זיין זון, זיין איינציקער, זיין יאנקא,
א חבר מייַנער אין געווער.
ער זיצט געפאנגען איצט אין עכו
צוזאמען מיט נאך צוואנציק מאן:
ער האט זעקס היגע היידאמאקעס
אוועקגעלייגט מיט בראווער האנט." —

די ווערטער שווימען — שווערע ברעטער
אַנטקעגן שטראָם — אויף פּרילינג-טייך:
— „דאָס האָט מיך, ד י נ ה, ע ר געבעטן
אין „בית-חולים" באַזוכן אייך.
און אייך דערמאָנען, ליבע ד י נ ה, " —
און ל י ו ל י ק לאָזט אַראָפּ דעם בליק:
— „אַ זומער-טאָג אין וואַלד הייסינער
מיט איבער זיבן יאָר צוריק." —
זי גיט אַ צוק מיט אַקסלען שמאָלע —
און ס'טוט אַ זונג איר וואַרעם קול:
— „מיין גאָט, דאָס קלינגט דאָך, ווי אַ חלום,
אַ צויבער-מעשה פון אַמאָל!
דער וואַלד... און י אַ נ ק אַ — דער ציגיינער...
דער זומער האַלב-טאָג ביי הייסין...
און אָט-דער י אַ נ ק אַ איז גאָר מיינער
אַן אייגענער, אַ שוועסטער-קינד..." —
זי קוקט אויף ל י ו ל י ק'ן: אין העמדל
ער זעט איר אוים — אַן עכטער רום:
— „און איר ווער זייט, מיין ליבער פרעמדער,
וואָס האָט געבראַכט מיר אַזאַ גרוס? —
זיין פּנים פלאַמט — אַ העליש פייער:
— „מיין נאָמען ל י ו ל י ק איז... געווים
האָט וועגן מיר דערציילט אייך ר אַ י אַ,
וואָס וואוינט אַצינדער אין פּאַריז." —
און ד י נ ה'ס בליק — ווי פייל פון בויגן:
— „דער דיכטער ל י ו ל י ק פון אָדעס?...
איך קאָן קוים גלויבן מיינע אויגן —
ס'איז יעדער וואָרט אַ נייער נס!" —
ער שטייט און שווייגט. די רגע'ס לויפן.
ער גיט אַ שטרעק איר ביידע הענט:
— „איך בלייב אַ צוויי-דריי טעג אין חיפה,
כ'וואָלט וועלן נאָכאַמאָל אייך זען..." —

* * *

אויף מאָרגן ד י נ ה האָט באַקומען
איר פרייען טאָג, האָט זי מיט פּאַרכט,
מיט ציטער-פרייד, געמישט מיט אומעט,
באַגעגנט ל י ו ל י ק'ן ביים פּאָרט.
פון האַפן, וואו סירענעס ליאַרמען
און טרעגער איילן מיט געפּעק,
זיי הויבן זיך אַרויף צום כרמל —
און בלייבן שטיין אויף ווילדן שטעג.

עס ליגט פאַר זיי די אַלטע חיפה
מיט קרומע געסלעך, שטויב און מאַרק,
און נייע שטאָט — מיט פרייד און אייפער
אויף רוקן דראַפּעט זיך פון באַרג.
זיי שוויגן. זינט באַגעגנט דינה'ן
האָט ליוליק נעכטן אין שפּיטאָל,
ר'האָט וועגן ראַיאַ'ן אויסגעפינען
ביי איר מער פּרטים שטאַרק געוואָלט.
נאָר נישט געוואַגט האָט ער צו פרעגן,
די צונג פאַרביסן מיט די ציין,
געהאָפט, געוואַרט איעדע רגע:
זי וועט זיך אָנשטויסן אַליין.
ביז דינה האָט זיך אָנגעשטויסן —
און שטיל אַזוי, כלאַחר־יד,
אַ בליץ־געטאָן מיט אויגן גרויסע,
ווי גרויער, שטאָלענער אַגאַט:

— „וואָס זאָל איך, ליוליק, לאַנג דאָ ברייען?
כ'וועל גלייך אייך זאָגן אויפן שטעל:
ס'האָט נאָך אויף שיף געזאָגט מיר ראַיאַ,
אַז ליוליק איז איר גאָט און העלד.
זי האָט געקראָגן באַלד חרטה,
וואָס ז'האָט געהייראַט מיט ד'אָרסעט,
נאָר ווי אַן אייפערדיקער שטן,
געמאַניעט זי האָט דער באַלעט.
ווען ראַיאַ וויסט, — זיך רויטלט דינה, —
אַז איר זענט דאָ, אין ארץ־ישראל,
וואָלט זי די קרוין פון באַלערינע
און גאָר איר רוישיקן דערפאָלג
אַוועקגעגעבן פאַר אַ שיבוש:
באַלעט, ד'אָרסעט'ן און פּאַריז —
און דאָ מיט אייך, אין קלענסטן שטיבל
זיך אויפגעבויט אַ פּאַראַדיז!" —

און ליוליק הערט די ווערטער דינה'ס —
אויף קראַנקן האַרצן אַ באַלזאַם.
ער זעט, ווי וואָלקנדלעך קאַרמינע
זיך טוקן אין דעם שקיעה־פלאַם.
ער מערקט נישט, אין זיין טרוים פאַרהריזנעט,
ווי דינה זיצט אויף גרויען שטיין —
און אויף די ליפּן די קאַפּריזנע
שוועבט־אום אַ שאָטן פון געוויין.

עס לעשט זיך לעצטער שקיעה־פייער
אויף ליסע שפּיצן פון דעם באַרג.
אַראָבער שטומע אין „אַבאַיעס"
אויף פרידות איילן זיך פון מאַרק.
די שטראַלן גאָלדענע, ווי שלייקעס,
פון באַרג זיך ציען ביזן ים.
עס בערגלט זיך דער שליאַך, צעהויקערט —
ווי קעמלען הויערן אויף זאַמד.
און ס'דוכט זיך ליוליק'ן: די אָבות
אויף פרידות פאָרן דאָ פאַרביי.
פאַרטיפט אין גראָזיקע מחשבות,
זיי שווייגן לאַנג און שווער, ווי בליי.
די אויגן דינה'ס מיט אַ רויכל
פאַרצויגן, ווי אין וואַלד — אַ זומפּ.
אויף ליוליק'ס פּנים בליט אַ שמייכל,
און מיטאַמאָל ער גיט אַ ברום:
— „אַ דאַנק פאַר גרוס אייך, ליבע דינה,
איר האָט אַ טעות: אין פאַריז
מע בייט נישט קרוין פון באַלערינע
אויף שענצטן היגן פאַראַדיז.
נישט גרינג איז אויפגעבן די קרוינען,
ווען מ'איז שוין נאָנט, גאָר נאָנט צום ציל..." —
און דינה קוקט אויף אים מיט שטוינונג —
און ס'שרעקט איר האַרץ אַ פאָרגעפיל:
— „כ'ווייס, ליוליק, נישט ווי אייך צו דאַנקען
פאַר אייער טייערן וויזיט.
ווען איר'ט זיך פאָרן זען מיט יאַנקאָ'ן
קיין עכו, כ'בעט אייך, נעמט מיך מיט." —

### 5. דעם פעטער'ס בטחון

אין תל־אָביב האָט ער געטראָפן
דעם פעטער אין אַ „גוטער לוין":
— „עס ווערט מקוים אונדזער האָפנונג,
מע קלייבט זיך אין קיבוץ צו גיין.
דער פעטער שטראַלט — אַן אימעניניק. 2)
ס'דערציילט אים ליוליק פון באַזוך
ביי יאַנקאָ'ן און דערנאָך ביי דינה'ן.
דער פעטער הערט־אויס מיט אַ שמוך:
— „ס'קומט־אָן אַהער דער נייער נציב,
סער הערבערט סאַמועל די טעג,
מע שמועסט אין הויז, אין גאַס, אין חצר.
אַז רחמים פירט ער גאַנצע פּעק.

— „ער וועט באַגנאַדיקן די העלדן —
און יאַנקאָ וועט אַרויסגיין פריי.
ער וועט, ווי מיר, פאַרזייען פעלדער —
און זיין וועט: עם ישראל חי!
אַז יאַנקאָ האָט געפונען דינה׳ן
אין חיפה׳ער יידישן שפיטאָל, —
וועט ס׳לעבן זיין, ווי אַ מאַהינע:
אי צוקער־זיס, אי שיין, ווי גאָלד.
כ׳בין, ליוליק, איצט שוין נישט מסופק,
אַז אַלץ וועט זיין דאָ מצוין:
מ׳עט שטעלן, מירצעשעם, אַ חופה,
די ערשטע חופה פון „רוסלאַן".״ —

## 6. דינה׳ס באַגעגעניש מיט יאַנקאָ׳ן

און ליוליק ווידער איז געקומען
צו חבר יאַנקאָ׳ן אויף באַזוך —
און דינה׳ן מיט זיך מיטגענומען,
געבראַכט אים פרישע וועש און פרוכט.
געשטאַנען ז׳יאַנקאָ אַ צעמישטער,
געקוקט אויף דינה׳ס בלייך געזיכט,
מיט אויגן פלאַמיקע גענישטערט,
דערמאָנט זיך יעדן מינדסטן שטריך.
די ווערטער אירע פליסן, פליסן,
און ס׳קול איר׳ס, ווי אַ פלייטע, זינגט:
— „איך בין געקומען דאָ באַגריסן
דעם גרויסן העלד — מיין שוועסטערקינד!״ —
אין גרויע אויגן בלישטשען טרערן —
און זי פאַרהאַקט זיך אויפן וואָרט.
זי גיט אַ קוש אים אויפן שטערן,
אַ גלעט זיין שוואַרצן שויבער האָר.
— „אָ, דינה, כ׳גלויב, ס׳פּאַסירן ניסים...
און דו? דו ביסט דער שענצטער נס...
ס׳וועט איצט מיר גרינגער זיין אין תפיסה
דער לאַנגער, פינצטערער מעת־לעת.״ —
זיין שטימע פליסטערט, ווי אַ תפילה:
— „כ׳הער, אַ קיבוץ, אַ נייער וואַקסט...
אויב, דינה, וואָלסט געוועזן נאָר וויליק...״ —
און ס׳גיט זיין קול זיך אַ פאַרהאַק.
און ליוליק שטייט אַ צוגעשמידטער
און קוקט אויף זיי, ווי דורך טומאַן.
און מיטאַמאָל — ער גיט אַ ציטער:
— ׳מע מוז זיך אָפּטראָגן פון דאַן!׳ —

## ה. קיבוץ „אוריה"

### 1. מע בויט אַ ישוב

צעווישן חיפה און כנרת,
צופוסנס פון דעם באַרג תבור,
געפלעקטע שטיינער, ווי פּאַנטערעס,
מיט מאָך באַוואַקסן, ווי מיט האָר.
פּאַרטאָג. די זון קריכט איבער „עמק" —
אַ פּריש־געבאַקענער מאַלאַי — 1)
און זעט: עס הויערן, ווי קעמלען,
צוויי־דריי געצעלטן אין אַ ריי.
און מענטשן, ווי פּאַר'כישופ'ט, טאַנצן
אין הויכע ווילדגראָזן, אין זומפּ —
און ביימלעך יונגינקע זיי פּלאַנצן
מיט הוילע הענט, אָן ווערטער — שטום.
מע קלאַפּט מיט האַמערס און מיט זעגן,
מיט פּיאַשן 2) קאָרטשעט מען דאָס פעלד —
און צווישן גראָזן וואַקסן וועגן,
און לעבן שפּראָצט פון טיל־און־תל.
עס פּאָכען אין דער לופטן רידלען,
ס'באַהעפט זיך ציגל מיט צעמענט.
ווי אויף אַ חתונה — די פידלען,
עס זינגען האַרעפּאַשנע הענט.
און ס'וואונדערט זיך דער בליק פון חמה:
'צוויי טויזנט יאָר שוין באַלד אַוועק —
מ'האָט נישט געהערט קיין קלעפּ פון האַמער
און נישט ס'געזאַנג דאָ פון קיין העק.'
פון שטוין פאַרשטעלט זי זיך די ראיה
מיט וואָלקנס זילבערנע — ווי הענט:
ס'האָט יענעם טאָג קיבוץ „אוריה"
אַוועקגעשטעלט דעם פונדאַמענט.

* * *

אַוועק אַ חודש — ס'וואַקסט דער ישוב,
ווי אויפגעגאַנגענער פּאַרזיי:
עס ווייסלען זיך צוויי הייזלעך פרישע
און צען געצעלטן אַרום זיי.
ווען מ'האָט איבער חדר־האוכל
אַרויפגעקלאַפּט דעם קאָסע דאַך,
געמאַכט דער פעטער האָט אַ ברכה,
געוויינט פון חדווה און געלאַכט.

---

1) געבעקס פון קוקורוזע. 2) אַ העקל צום גראָבן.

ערשט נעכטן האָט דער ווילדער „עמק"
געגענעצט דאָ אין וועלק־און־וויאַן —
היינט קלינגט אין טאָלן שוין אַ זמר,
דאָס אַרבעט־ליד פון פערציק מאַן.
איז רייסט מען גראָזן מיט די ציינער
און פעלדזן — מיט די הוילע הענט —
און ס'לייגן ווילִיק זיך די שטיינער
אַריין, ווי לעמער, אין צעמענט.
אויב נויט ברעכט אייזן, ברעכט דער ווילן
פון מענטש דאָס אייזן און די נויט.
אין הייסע טעג, אין נעכט אין קילע
האָט מען אַ ישוב אויפגעבויט.

## 2. חבר שמעון ניר

דער יונגינקער קיבוץ „אוריה"
באַקומען האָט אַ גוטן ווירט —
אַלס פירער האָט דער „ועד עליה"
באַשטימט דעם חבר שמעון ניר.
געשטאַמט האָט ער פון זיד־אוקראַינע,
נאָר ז'אויסגעוואַקסן דאָ אין לאַנד.
אין „פינפטן יאָר" זיין מוטער ברײנע
ז'געפאַלן פון אַ קאַזאַק'ס האַנט.
גבריאל ליכטנשטיין — זיין טאַטע
געווען איז אַ ייד — אַ ריז,
אין שטעטל נאָך, אין כאַשטשעוואַטע,
געווען אַ הייסער ציוניסט.
געהייראַט מיט אַ רייכער מיידל.
דער שווער געהאַנדלט האָט מיט פעטס,
אַראָפּגעבראַכט דעם יונגען איידעם
ביי זיך אין „פליגל" אים באַזעצט.
און אַז דער אומגליק האָט געטראָפן
אין יענער חשוון'דיקער נאַכט,
איז ער קיין ארץ־ישראל אַנטלאָפן,
געווען איז ס'יינגל אַ יאָר אַכט.
אַז שמעון האָט גענומען בליען —
אַ יונגער צעדער אויף אַ ריף —
האָט ער געשיקט אים אין „הרצליה",
אין יידן־שטאָט, אין תל־אָביב.
אין ניינצן־אַכצן האָט באַקומען
אין „אַגר־עקאָל" ער זיין דיפּלאָם,
אַהיים צום טאַטן צ'ריקגעקומען
איז שמעון ניר — אַן אַגראָנאָם.

נאָך נישט אַוועק אין טאַטנ׳ס דרכים,
זיך נישט געקוואַפּעט אויף זיין גוטס.
הערשפּירט: עס ליגט די מזל-ברכה
אין בויען ס׳לאַנד דורך דעם קיבוץ:
— „יאָרהונדערטער האָבן די זיידעס
דעם קאַרק געבויגן פאַרן האַר.
פון גרויסער צייט — מיר קליינע עדות,
מיר ווייסן נישט, וואָס מיינט געפאַר.
נאָך יאָרן אומגליקן און פלוכן,
נאָך גלות פון צוויי טויזנט יאָר —
נישט ווייניקער פון אַ מלוכה
פאַרלאַנגט אַצינד דער נייער דור." —
און אַז געקומען איז „א ו ר י ה",
געפּועלט האָט דער חבר נ י ר
אַז דווקא אים זאָל „ועד עליה"
אַוועקשטעלן אַלס ערשטן ווירט.

3. י אַ נ ק אָ ׳ ס ב אַ פ ר י י א ו נ ג

מ׳האָט אויפגעשטעלט לאַנג דעם מטבח שוין
און ר ו ת מיט ברעמלאָזן געזיכט
מיט שטשופּלען תימנ׳ער, מיט נ ח ש ו ן
צוזאַמען אַרבעטן אין קיך.
ס׳איז פּרייטיק פרי. אויף ווייסן הימל
די זון ז׳אַרוים פון פּוטערפאַס.
ס׳זעט-אויס, ס׳וועט זיין אַ גרויסע חמימה,
ווען ס׳איז דער הימל אַזוי בלאַס.
דער ערשטער איז פון ברוינעם ביידל
אַרויסגעקומען ש מ ע ו ן נ י ר,
מיט אים געלאָזט זיך צו׳ר געביידע
האָט י אָ ס ל ט אָ ק ע ר — דער מזכיר.
זיי ריידן ווייניק אין פרימאָרגן,
באַגריסט זיך — און אַריין אין קיך:
פאַראַן אַזויפיל מי און זאָרגן —
עס דאַרפן אָנקומען די פיך.
זיי קייען שטיל אויף ביידע באַקן,
דער פרישטיק איז שוין באַלד פאַרצערט.
און פלוצים קומט אַריין פון ע כ ו,
פאַרשטויבט, דער חבר ח י י ם - ב ע ר:
— „איך קום, חברים, אייך דאָ מעלדן, —
זיין פּנים פלאַקערט, ווי אַ שייט:
— „מ׳האָט נעכטן נאָך די צוואַנציק העלדן
פון ע כ ו ׳ ר פעסטונג שוין באַפרייט." —

דער יונג גיט שנעל פון קוואָרט אַ זשליאָקע:
— „און יאַנקאָ קומט נאָך היינט אַהער!" —
און ס'נעמט אַרום אים יאָסל טאָקער
און קושט דעם חבר חיים-בער:
— „אַי, וועט מען צוגרייטן אַ ליאַמע,
אַז ס'וועט געדענקען דער קיבוץ.
העי, רות, שושנה און שולמית,
זאָל אַלץ זיין גרייט און שיין-פאַרפּוצט!" —
* * *
ביי טאָג איז אָנגעקומען יאַנקאָ
און ליוליק'ן מיט זיך געבראַכט.
די ערשטע האָט דערזען זיי מאַנקע
פון וויטנס קומען מיטן שליאַך.
האָט זי אויף שנעל געקלאַפּט טרעוואָגע —
געקומען איז מען מיט געזאַנג,
דעם העלד אַראָפּגעבראַכט פון וואָגן,
געקושט אים און געדריקט די האַנט.
פאַרנאַכט איז אָנגעקומען דינה
אין בלוי-און-רויט געבלימלט קלייד.
געזונגען האָט מען ביז באַגינען —
און ס'האָט געגאָסן זיך די פרייד.
געגעסן ביי געדעקטע טישן
מיט פּראָסטן, ליימיקן געשיר —
און ס'האָט אַ דרשה וועגן ישוב
געהאַלטן חבר שמעון ניר:
— „אַ העלד איז יאַנקאָ — בלתי ספק,
ר'האָט דאָס באַוויזן מיט גראַנאַט.
נאָר, ברידער, העלדישקייט איז סופ'יק
און נצח'דיק איז בלויז די טאַט.
נישטאָ ביי אונדז דאָ סתם קיין העלדן,
דער העלד איז דער קיבוץ אַליין.
דער העלד איז דער, וואָס אַקערט פעלדער
און גראָזן רייסט און האַקט דעם שטיין.
בלויז דער, וואָס טראָגט אַ דיכטער-באַנטיק,
דער קאָן נישט בויען דאָ קיין היים.
פאַראַן אַן אַנדער דאָ ראָמאַנטיק,
וואָס זיסער איז פון שענצטן טרוים.
און די, וואָס בענקען נאָכן קנאָבל,
נאָך פלייש-טעפּ פון מצרים-לאַנד,
מיר זאָגן פשוט זיי — 'מיר האָבן
'פאַר אייך קיין פּלאַץ נישט אין כנען.'" —

און ל י ו ל י ק  שווייגט. ער שפירט, אַז  ש מ ע ו ן
האָט אים געמיינט מיט זיינע רייד.
און ס'פּיקט אין מוח אים אַ דמיון:
— 'ער איז גערעכט — ס'איז נישט מיין פרייד!" —
ער הויבט זיך ראַפּטאָם אויף פון בענקל
און גיט אַ שפּאַן־אַרויס פון קיך —
און  ד י נ ה  קוקט אים נאָך מיט בענקשאַפט
אויף בלייך און שטראַלנדיק געזיכט.

4. אַ  וו י כ ו ח  מ י ט ן  פּ ע ט ע ר

ביז זונטיק  ל י ו ל י ק  איז פאַרבליבן
אין דעם קיבוץ — דעם פּעטער'ס גאַסט.
געקוקט מיט אויגן ברוינע, טריבע
אויף זייער חדווה און עקסטאַז.
און  ד י נ ה' ן  האָט ער אויסגעמיטן,
און בלויז געהערט איר צאַרטע שטים —
און ס'האָט געדוכט זיך אים: מיט ציטער,
אַז יעדער וואָרט אירס צערטלט אים.
ר'איז זונטיק שפּעטלעך אויפגעשטאַנען,
גענומען קלייבן זיך אין וועג.
ער זעט: דער פּעטער טראָגט די קאַנען
פון שטאַל אַרויס אויף שמאָלן שטעג.
אין הימלען באַקט די זון פון יולי
און הילט די בערג אין בלוי־אַזשור:
— „גוט־מאָרגן, פּעטער!" — גריסט אים  ל י ו ל י ק, —
מ'האָט צוגעזאָגט מיר היינט אַ פור!" —
דער פּעטער שטעלט זיך אָפּ ביים גאַניק,
טרייבט־אָפּ אַ רווישנדיקע בין:
— „וואָס איילסטו זיך אַזוי פונדאַנען
אַנטלויפן,  ל י ו ל י ק  — און וואוהין?" —
ער שטעלט אַוועק אין קיך די קאַנען
און זעצט אַוועק זיך אויף אַ באַנק.
אין קיך איז קיינער נישט פאַראַנען,
דער עולם אַרבעט שוין פון לאַנג.
— „נו,  ל י ו ל י ק,  זעסט: מע ציט די שטריקלעך,
נישט צו פאַרגלייכן מיט אַדעם.
און גלויב מיר, גלויב: איך בין דאָ גליקלעך,
ווי ס'איז אַ מויז — אין שווייצער־קעז.
וואָס דאַרף אַ ייד אין מיינע יאָרן?
אַ טיש, אַ בעט, אַ רואיק אָרט,
אַ פרעס, אַ ריקוד'ל, אַ „האָראַ" —
אַ טרוים, וואָס איז געוואָרן וואָר..." —

ער גיט אַ וויש דעם נאַסן שטערן:
— „דו זעסט, אין ווינקל שטייט דער „פּיאַש" —
ער איז דאָ הייליק, כ'קאָן דיר שווערן,
ווי ס'איז, להבדיל, דער של־ראש.
נישט אַלע זענען דאָ צדיקים,
נאָר ס'איז קיין רשע דאָ נישטאָ.
דו זעסט: נישטאָ קיין גרויסע גליקן,
נאָר פרייד און נחת זענען דאָ.
איך ווייס נישט, צי מע דאַרף די „איזמען",
נאָר ד אָ ז'דער סוף פון וואַנדערוואַנד...
איז אַקערן דאָס פעלד, דאָס מוז מען,
ווייל ס'בויט זיך דאָ אַן אייגן לאַנד.
און דו? כ'פיל שולדיק פאַר דיין קומען, —
אַ ציטער גיט דעם פעטער'ס קול:
— „דאָס האָב איך דיך פון פּאָניע'ס טומאה
אַרויסגעשלעפּט קיין ארץ־ישראל.
ס'איז, ל י ו ל י ק, דאָ די לעצטע „סטאַוקע".
געזאָגט ניעקראַסאָוו ריכטיק־פיין:
— 'צו זיין אַ דיכטער איז לאָו־דוווקאָ,
'אַ בירגער אָבער מוז מען זיין...' —

— „קאָן זיין, דו ביזט אַ גוטער דיכטער,
נאָר ביזט אַ שלעכטער רעאַליסט —
און דאָ, ביי אונדז, איז, ל י ו ל י ק, וויכטיק
צו זיין אַ גוטער טראַקטאָריסט.
ס'קאָן שיינקייט אומעטום געפינען
אַן עכטער, אמת'ער פּאָעט...
אַך, ר אַ י אַ גייט דיר נישט פון זינען,
נאָר ר אַ י אַ טענצלט אין באַלעט.
דו זוכסט אין הימל שוואַרצע ראָבן,
פאַרזעסט די טויבן, מיין פּאָעט...
מיר היטן קיינמאָל, וואָס מיר האָבן,
און ווייגען, ווען עס ווערט צו־שפּעט...
דו דרייסט זיך אום דאָ, ווי אַ חתן,
וואָס ווייס נישט, וועך זיין כלה איז —
און פול דיין האַרץ איז מיט פאַרדראָסן...
נאָר ס'מזל דייגס איז נישט פאַריז." —

הערט ל י ו ל י ק אויס די רייד פון פעטער —
און ס'נעמט שאַריען אים אין מאַרך:
— 'זאָל זיין, ער גיט מיר דאָ אַ היתר
'אויף ד י נ ה'ס האַנט און ד י נ ה'ס האַרץ? ' —

— „ניין, פעטער, זעסט נישט איין מיין לאגע:
פאראן אין לעבן אזא זיג,
וואס מעכטיקער איז פון קאַרטאַגע:
דאס גליק זיך אפזאגן פון גליק.
וואס קאן דא טאן אין ארץ־ישראל
א רוסישער, א פילאלאג?
זיך אומדרייען אין ווילדן תוהו —
א שטומע צינגל אן א גלאק." —
און ליוליק קנייטשט דעם הויכן שטערן:
— „דאס אלץ, וואס מיר איז דא באשערט —
צו פאשען קי און לעמער שערן
און אקערן מיט שוויים די ערד?
ס'איז נישט פאר מיר. איך האב גע'חלומ'ט
דער גאנצער מענטשהייט ברענגען נוץ —
און נישט פארשפארן זיך אין גליל,
אין שענצטן, הערלעכסטן קיבוץ.
וואס שייך ראיא'ן... גלויב מיר, פעטער:
אויף בלויען לייטער פון „פארנאס",
קאן זיין, פאריז איז נאך איין קלעטער,
נאך איין עטאפ צו העכסטער מאסט..." —

דער פעטער קוקט אויף אים מיט ביטול:
— „אנטשולדיק, ליוליק, ס'שארפע ווארט.
איך דענק, דו דרייסט דא גלאט א היטל —
און ס'איז דיין ציל דיר ווייט נישט קלאר.
און ווייסט, וואס כ'וועל דיר זאגן, ליוליק?
דער אמת איז, אז קעגן שטאם
דיין דור צעבויטעטן און דולן
האט די „אקטיאבער־שלאנג" פאר'סמ'ט." —
ער גיט א קרעכץ אין טיפן אומעט,
און ס'קלינגט זיין קול אפ מיט א פאלץ:
— דו וועסט צו אונדז צוריק נאך קומען,
ווען וועסט אנטוישן זיך אין אלץ." —
ס'איז ליוליק נאך געשפרעך מיט פעטער
צוריק קיין תל־אביב אוועק.
ער דרייט זיך אום אין שעה'ן שפעטע,
אין הארצן — פינצטערניש און שרעק.
ער טראכט: — 'איך טאר עס נישט דערלאזן.
'איך האב אויף דינה'ן נישט קיין רעכט.
'איך מוז אוועק — און בחיפזון
'און נישט באגיין דא קיין פארברעך...' —

## ו. פריינטשאַפט־קרבן

### 1. אַן אומדערוואַרטע באַגעגעניש

אוועק אַ וואָך. עס ברענט אַ שריפה.
און ליוליק'ס האַרץ מיט אומעט טריפט.
האָט ער אַ באַן געכאַפּט קיין חיפה:
זיך אָנצודינגען אויף אַ שיף.
אין חיפה שווין ער ווערט געוואוירע:
אין האַפן שטייט די שיף „ספּאַרטאַק".
וואָס פירט אַן אָנגעלאָדן מיט סחורה
פון לאָנדאָן צום אַרכיפּעלאַג.
האָט ער געוואַרט, אין פּיין געקאָוועט,
אין קליינעם האַפן־רעסטאָראַן —
פון צוועלף בייטאָג ביז שפּעט אין אָוונט
און זען געהאַפּט דעם קאַפּיטאַן.
זיך נישט דערוואַרט. האָט ער געגעכטיקט
אין לאָדקע ליידיקער ביים ים.
און איידער ס'איז געוואָרן ליכטיק,
געלאָזט זיך שפּאַנען מיטן זאַמד.

ער שפּאַנט פון האַפן, ווי פאַר'כישופ'ט,
אַרויף צו בערגלדיקער שטאָט.
אין שווערע נעצן שלעפּן פישער
פון שיפלעך זייער אָנגעלאָד.
די וואָלקנס דעכען, ווי אַ פּאַר־מיל,
אויף באַרג — מיט הייסן קיפּיאַטאָק.1)
ער הויבט זיך העכער אויפן כרמל,
ווי ס'וואָלט אים עמיצער געיאָגט.
ר'בלייבט שטיין אויף קרומען שטעג, אויף ווייסטן,
אַ שטומער שמייכל ליפּן קרימט.
מחשבות שמייסן אים, ווי כליסטן —
און פלוצים זעט ער: „בית־חולים".
אין מאַרגן־זון די לאָדנס העלן.
וואָס האָט פאַרטראָגן אים אַהער?
ער לאָזט זיך שפּאַנען שנעלער, שנעלער
ווי ר'וואָלט געיאָגט זיך פון פאַרשווער.
און מיטאַמאָל — דורך ווילדער פּאַניק,
ווי ס'וואָלט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ —
עס שמייכלט דינה אויפן גאַניק:
— „שלום! כ'האָב, ליוליק, דיך דערוואַרט!" —

1) זודיק וואַסער.

ער גיט אַ שפּרייז פאַראויס צו ד י נ ה ׳ ן —
און פאַלט אַנידער אויף דער באַנק.
זי שטרעקט אים אויס אַ האַנט אַ דינע:
— „אַך, ל י ו ל י ק, ל י ו ל י ק, זעסט אויס קראַנק!״ —
ער ענטפערט שטיל: — „כ׳בין שלעכט געשלאָפן,
פאַרטאָג אַרויס אויף אַ שפּאַציר,
און פּלוצים דיך דאָ אָנגעטראָפן,
בין איך אַביסל בלויז פאַרווירט.״ —
זי קוקט אויף אים אין פרייד און שטוין:
— „דו זעסט אויס הונגעריק און מאַט!״ —
זי ברענגט אַרויס אַ קריגל מילעך
אַ חתיכה ברויט מיט מאַרמעלאַד.
ער טרינקט די מילך און בייסט די חתיכה
מיט שאַרפע, הונגעריקע ציין.
די שטומע רגע׳ס קריכן, קריכן.
זי קוקט אויף אים אין גאַף און שטוין:
— „כ׳קאָן היינט פון אַרבעט זיך באַפרייען.
נישטאָ אין חיפה נאָך קיין פאַרק.
קום, לאָמיר גיין — די לופט ז׳מחיה
אויף העכסטן שפּיץ פון כרמל-באַרג.״ —
ער הויבט זיך אויף פון באַנק אַ שטומער
און גייט איר נאָך —— אַ סאַמנאַמבול.
זיי שפּאַנען איבער שטעגלעך קרומע,
די הערצער ביידנ׳ס — איבערפול.

## 2. אַ געפּלאַצטע פּליטע

עס גיט איר קול אַ לייכטן ציטער:
— „דו מיינסט, איך האָב עס נישט באַמערקט —
האָסט אין קיבוץ מיך אויסגעמיטן,
ווי ס׳וואָלט מיין זיין דאָרט דיר געשטערט.
זאָג, ל י ו ל י ק, אויב איך מעג עס וויסן:
וואָס איז די סיבה פון דיין פּיין?
און אפשר איז פאַראַן אַ שליסל?
מיר זענען... דוכט זיך. גוטע פריינט.״ —
ער שווייגט אַ ווייל — און ווען ער ענטפערט,
זיין קול איז הייזעריק און שאַרף:
— „ער איז געווען מיט מיר אַ קעמפער,
פאַרהיט מיין לעבן פון געפאַר.״ —
ער קוקט אויף איר מיט שטומען שמייכל —
און ס׳קרעלן ווערטער אים אין שלונג:
— „און דאָ אַלס העלד זיך אויסגעצייכנט —
ער איז אַ וואונדערלעכער יונג.

— „זיין נאָמען שמ'ט אין וועלט אין ברייטער,
פון לאָנדאָן ביז קיין תל-אָביב.
און איך בין אַ געפּלאַצטע פּליטע,
וואָס האָט פאַרלוירן איר מאָטיוו.
וואָס וועט פון מיר דאָ, ד י נ ה, ווערן:
צעווישן גרויפּן — נאָך אַ גרויפּ?...
נישט ד אָ ס פאַרשריבן אין די שטערן
פאַר מיר האָט גורל'ס האַנט, איך גלויב". —
זי הערט געדולדיק זיין טיראַדע
און בייסט די ליפּן מיט די ציין:
— „דו רעדסט צו מיר, ווי אין שאַראַדעס,
כ'פאַרשטיי נישט, ל י ו ל י ק, זייער מיין.
דו זינגסט אַ הלל'דיקן הימען
צום חבר דיינעם — נאָבל-שיין!
דו לויבסט רק י אַ נ ק אָ'ן ביזן הימל —
און מאַכסט צו קליין-געלט זיך אַליין.
איז דאָס עניוות פון אַ פּיטן?" —
און ס'גיט אַ ציטער ד י נ ה'ס שטים:
— „געהערט, דו ביסט געווען אין שטרייטן
אַ העלד — נישט ווייניקער פון אים.
איך בענטש דעם וואוּנדעלעכן גורל
וואָס האָט געטריבן דיך אַהער...
און דו? דו טראַכסט, ס'איז אַן עבירה
צו בלייבן דאָ, אויף היגער ערד." —
די אויגן גליען, ווי די שפּענער.
און ס'קלינגט איר קול מיט וויי און וואָן:
— „איך ווייס נישט, וואָס דו האָסט פאַר פּלענער...
נאָר כ'וויל... זאָלסט בלייבן דאָ... אין לאַנד." —

### 3. ד אָ ס ג ל י ק ז י ך אָ פּ ז אָ ג ן פ ו ן ג ל י ק

ער זיצט, פון ד י נ ה'ס רייד פאַר'שיכור'ט,
צום שטיין געשמידט, ווי פּראָמעטעי.
ער קוקט אויף איר מיט שטומע בליקן —
און ס'האַרץ זיינס קאָרטשעט זיך פון וויי:
— „אַ דאַנק דיר פאַר די רייד די קלאָרע,
אַ דאַנק דיר פאַר דיין אָפן האַרץ —
זיי זענען ביטערער פון מרור,
פון האָניק זיסער און נעקטאַר.
דיין ליבע האָט מיין האַרץ פאַר'שיכור'ט,
נאָר ווי, אַ פינצטערער דראַקאָן
מיט שאַרפע נעגל היט די בריקן —
און כ'קאָן צו דיר נישט קומען נאָנט." —

ער שטעלט זיך אָפּ, זי הערט אין שטוינונג
דעם פּלוים פון וויטיקדיקע רייד:
— „גלויב, דינה, כ׳האָב געוואָלט דיך שוינען,
נאָר פליכט איז ביטערער פון טויט.
ס׳איז נישט קיין טרוים און ס׳איז קיין וואָר נישט,
ס׳איז זיסע פרייד, געמישט מיט פּיין:
פאַרשטיי מיך, דינה, כ׳קאָן נישט, כ׳טאָר נישט —
ס׳איז יאַנקאָ דאָך מיין בעסטער פריינט.
ער איז אַ העלד, ער איז מיין חבר,
ער איז אַרוים ערשט פון געפענג,
ער איז אַ גוטער און אַ בראַווער —
ער האָט נאָך דיר אַזוי געבענקט...
ווי קאָן מען חבר׳שאַפט פאַרראַטן?
ווי קאָן מען צינדן יענעמ׳ס בריק?
נאָך יאָרן וואַרטן, פּיין און מאַטער
אויך ער האָט רעכט אויף ביסל גליק?" —

* * *

ער גיט אַ קוש זי אויפן שטערן,
אַ לייכטן גלעט איר אויפן קין,
און רעדט צו איר דורך פּיין און טרערן,
ווי צו אַ קליין, קאַפּריזנע קינד:
— „ווי קאָן איך, דינה, יאַנקאָ׳ס טרוימען
פאַרשווערכן מיט אַ חבר׳ס האַנט?
אַ מענטש דאַרף קאָנען אין זיך צוימען
דעם קוואַל פון ליבע — דורך פאַרשטאַנד.
יאָ, דינה, איבער האַרץ דער מוח
דאַרף קאָנען אָפּהאַלטן אַ זיג...
געבענטשט זאָל זיין דער זיסער טרויער,
דאָס גליק זיך אָפּזאָגן פון גליק!" —
עס לעשט זיך פרייד אין זיין שוואַרצאַפּל.
ער גיט אַ שויבער ברוינעם טשוב:
— — „נאָר שווער מיט האַק פון „האָמאָ־סאַפּיענס"
צעהאַקן ליבע׳ס „גאָרדיוס־קנופּ".
און שווערער נאָך צו זיין אַ רשע —
צעשטערן פרעמד און אייגן גליק...
נישט אַלע מיטלען זיינען כשר
אין ליבע, ווי אין פּאָליטיק...
אָ, גלויב מיר, גלויב — כ׳וויל דיר נישט וויי־טאָן..." —
ער רעדט צו איר, ווי מיט געבעט:
— „נאָר ביידע מוזן מיר דאָ טייטן
די ליבע, איידער ס׳ווערט צו־שפּעט..." —

ער ציט דעם רויך פון פּאַפּיראָסל:
— „עס איז פֿאַר דיר נישט קיין סורפּריז —
איך האָב די טעג ביי זיך באַשלאָסן:
כ'פֿאָר זוכן ר אַ י אַ'ן אין פּאַריז.
און וואָס מיט מיר זאָל נישט געשען דאָרט:
אַ נידערלאַגע, צי אַ זיג —
וועסט, ד י נ ה, בלייבן אַ לעגענדע,
אַ טרוים, וואָס קערט זיך נישט צוריק..." —

**4. דער געץ פון פריינטשאַפט**

פון אירע וויעס רינט דער טרויער,
ווי אַן אַלמנה'ס לעצטע טרער,
וואָס פאַלט אין קבר־גרוב אין רויער
מיט לעצטער לאָפּעטע, פון ערד:
— „דו ווייסט, אַז ס'האָט מיט מיר געטראָפן
אַן אומגליק מיט פיר יאָר צוריק, —
איז זאָג מיר, ל י ו ל י ק, פריי און אָפן:
איז ד אָ ס אַ שטער צו אונדזער גליק?
דו האָסט זיך אפשר גאָר דערשראָקן
פאַר אומגליק מיינעם אין פּאָגראָם?
דו ווילסט נישט האָבן קיין עסקים
מיט ד ע ר, וואָס האָט געליטן ס ד ו ם?" —
זי גיט אַ בליאַסקע מיט די ציינער —
אין אויגן — וואָן, אויף פּנים — שרעק:
— „און ר אַ י אַ? ר אַ י אַ איז אַ ריינע,
מיט האַנט פון צורר נישט באַפלעקט..." —
ער נעמט אַרום איר גוף דעם דינעם
און קוקט אויף איר אין ווילדן שטוין:
— „אַך, ד י נ ה טייערע, מיין ד י נ ה,
ווי קאָן דיר איינפאַלן אַזוינס?" —
פאַרצווייפל גליט אין אויגן ברוינע —
און ס'ברעכט זיין שטים זיך אין געוויין:
— „דו ביזט פון ר אַ י אַ'ן שענער, ריינער —
דו ביזט די הייליקייט אַליין!" —
— „דיין ד י נ ה — א י ך?" — זי רעדט דורך טרערן
און טריפעט זיך אין זיינע הענט:
— „זאָג, ל י ו ל י ק, האָסט געמיינט עס ערנסט,
צי ס'איז אַ חנ'דל בלויז געווען?" —
זי קוקט אויף אים מיט בליקן דולע:
— „איך בין אַ ה י י ל י ק ע — זייער פיין...
איז ווילסטו מקריב זיין מיך, ל י ו ל י ק,
צום געץ פון פריינטשאַפט... כ'האָב דיך פיינט!

— „דו ביזט אַ שלעכטער... פּאַרסט צו ר אַ י אַ ׳ ן —
און מיך דאָ לאָזסטו אין ווילקיר:
מיין האַרץ, ווי אונטער שווערע בלייען,
וועט אויסגיין, בענקנדיק נאָך דיר;
צו וואָס ביזטו אַהער געקומען,
אַליין אַ האַלב־צעפּלאַצטע פּליים —
מיך לאָזן דאָ אין פּיין און אומעט,
אַ לעבן — ערגער נאָך פון טויט?

— „איך וויים, דו ביזט געווען פאַר ר אַ י אַ ׳ ן
איר גאָט און העלד, — זי רעדט מיט זשאַר:
— „נאָר ריכטיק איז דער אַלטער רעיון:
׳פון אויגן ווייט — איז ווייט פון האַרץ׳.
ווי י ו ס ף, פאַרסט אין ווייטן ג ו ש ן,
נאָר אים האָט ברודער־האַס פאַרקויפט.
און דו? וועסט זיך אין איר אַנטוישן,
ווייל פאַרסט באַצאָלן פאַלשן חוב...
פאַרסט זוכן דאָרטן פאַלשע גליקן —
און לאָזט מיך דאָ אין הינערפּלעט...
איך זע פאַראויס שוין דיין צוריקקער,
נאָר זיין וועט, ל י ו ל י ק, שפּעט, צו־שפּעט!" —

ער שווייגט עקשנות׳דיק, פאַרבּיסן —
און ס׳ראַנגלט זיך אין בייזן קריג:
די ליבע־פרייד און דאַס געוויסן —
און ס׳האַלט ס׳געוויסן אָפּ אַ זיג:
— „אַ, ניין, נישט אַלץ, נישט אַלץ צעשטערן
וועט קאָנען גורל׳ס בייזע האַנט —
די פרייע זעל, וואָס בענקט נאָך שטערן,
וועט פירן מיך צום חלום־לאַנד." —
זי קוקט אויף אים מיט חוזק־שמייכל:
— „דו ווייסט, כ׳האָב, ל י ו ל י ק, נישט געוואוסט —
דיין גאַנצער שטרעבן צו די הייכן
באַווייזט בלויז איינס — דו ביזט אַ טרום!
ערשט איצט פאַרשטיי איך ש מ ע נ ג ׳ ס דרשה
ביי י אַ נ ק אַ ׳ ס יום־טוב: אין געפּעכט
געווען איז האַרב און שאַרף זיין לשון,
נאָר ע ר, נישט ד ו, ז׳געווען גערעכט!" —
מיט חוזק־שטשיר אויף בלייכן פּנים,
מיט אויפגעהויבן־שטאָלצן קאָפּ —
די אויגן: צוויי צעגליטע שפּאָנען —
זי לאָזט זיך לויפן באַרג־אַראָפּ...

ער קוקט איר נאָך מיט אויגן שטאַרע
און טראַכט מיט ביטערניש און פרייד:
— 'פאַר פריינטשאַפט דאַרף מען צאָלן שכר'ן,
'ווי ס'זאָל נישט וויי־טאָן דער באַשייד.
'ער וואָלט זיין לעבן דאָס פאַרבלענדטע
'אוועקגעגעבן, ווי אַ פאַנט:
'מקדש־זיין איר לייב ס'געשענדטע
'מיט ליבע'ס בענטשנדיקער האַנט.
'ער וואָלט געוואָלט אַ פאַל־טאָן כורעים
'פאַר איר עקידה'דיקער הויך...
'נאָר נישט באַשערט האָט אים דער גורל
'דערהויבן זיך צו איר דערגרייך...' —
פאַרנאַכט האָט ער זיך אָנגעדונגען
אויף שיף אויף בריטישער „ספּאַרטאַק" —
און ס'האָט דער וואָגל אים פאַרשלונגען
אויף בלויען, כוואַליעדיקן טראַקט.

## 5. אין וואַנדער

ס'האָט אויפגעהויבן אים די לופט צום ווייטן וואַנדער —
און צווישן ים און הימל אָפּגעווישט זיין שפּור.
און גרויע פראַכט־שיפן צום לאַנד פון אַלעקסאַנדער
געטראָגן האָבן אים — צום בלויען סינגאַפּור.
און אומעטום האָט ער — אין פאַרוסינע־זעקל
אַרומגעשלעפּט אויף דעם מהלך־רב:
אַ בינטל לידער אין אַ געניטער טעקע,
געשריבן אין אַ פּערלדיקן כתב.
און אומעטום — אין פרייד און אין סכנה —
האָט ער געפּירט — אַ סגולה קעגן בייז:
דעם זייגער גאָלדענעם — דעם זיידנ'ס אַ מתנה.
און די קמיע: ס'הארץ, דאָס רינגל און די רויז.
וואו אַ קיאָסק, געלייענט האָט ער אָפּישן
און ראיאַ'ס בילד געזוכט — נאָר אַלץ אומזיסט!
און אַלץ געהאָפט, ער וועט ווי דורך אַ כישוף
זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן קיין פּאַריז.
און ס'האָט געיאָגט אים יאוש און חרטה
פון לאַנד צו לאַנד אויף קיינעם'ס נישט באַראָט —
און ס'האָט געראַנגלט זיך מיט ווינטמילן, ווי שאָטנס,
אַנטקעגן גרויער וואָר דער דיכטער — דאָן־קיכאָט.
געוועזן זיין גיד איז הונגער און די בויט — זיין קוואַטער,
זיין לעבן — ווילדער שפּיל פון צופאַל און קאַפּריז.
נאָך רוימער „קאַפּיטאַל", נאָך ווינער „פּראַטער"
געלאַנדעט האָט דער דיכטער אין פּאַריז.

דריטער טייל:

# די שטערער

(פּאַריז — 1923)

## א. מאַדאַם ד׳אָרסעט

### 1. פּאַריז

נישט שריפות פלאַקערן אין שקיעה׳דיקן פיבער,
נישט טעמפּלען וויירעכן מיט בשמים׳דיקער היץ —
דאָס רויכערט זיך פּאַריז — צום גאָט פון לוסט און ליבע
אַ רויטער אָפּפער-בראַנד אויף שפּיז פון אייפעל-שפּיץ.
אַ גרינער רעגן שפּריצט אויף פינקלדיקע דעכער —
און ס׳בלישטשען טראַפּנס אין לאַמטערן-שיין,
ווי ס׳וואָלט אַ גאָט, אַ שיכור, פון אַ בשמים-בעכער
געגאָסן אויף פּאַריז מיט פרילינגדיקן ווײַן.
דאָ איז אַמאָל געגאַנגען צו דער גיליאָטינע
מיט קאָפּ דערהויבענעם, מיט לייבן-קאָפּ — ד א נ ט א ן,
און ר אָ ב ע ס פּ י ע ר — מיט חבר׳שאַפט און שנאָה,
האָט אים באַגלייט אין קיניג׳ס פּאַעטאָן.
דאָ האָט אויף חרוב׳ן באַנקראָט פון רעפּובליקן
פאַר קיסר זיך געקרוינט דער קאָרליק ב אָ נ אַ פּ אַ ר ט,
דאָ האָט אַ גענעראַל, פון בלוט און רשעות שיכור,
צעשאָסן חלום-וואָן פון לעצטן קאָמונאַר.
דאָ האָט ב אַ ל ז אַ ק זיין „מענטשלעכע קאָמעדיע״
פאַרטרונקען דורך די נעכט מיט קאַווע — שטאַרק און שוואַרץ
און ס׳האָט דער טויט געהיט דאָ, ווי אַ שד אים,
ביז ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט צו פופציק יאָר זיין האַרץ.
דאָ האָט ב אָ ד ל ע ר אין פינצטערער נאָסטאַלגיע
דורך וואַנזין-נעכט געטרוימט זיין „פלער דע מאַל״.1)
דאָ האָט ו ו ע ר ל ע ן אין רינשטאָק זיך געוואַלגערט,
מיט גאָט און לוסט פאַר׳שיכור׳ט, ווי מיט גאַל.
דאָ האָט אויף מאָנפּאַרנאַס דער קראַנקער מ אָ ד י ל י אַ נ י
געמאָלן און געזופט ביים שענקל-טיש,
ביז ס׳האָט דער טויט אים, ווי אַ טרייע ניאַניע,
דערשטיקט מיט צאַרטע הענט פון שווינדזוכט און האַשיש
פיר יאָר שוין נאָכן קריג, נאָר ס׳יובלען נאָך פּאַריזער
די זיגן איבער „באָש״ 2) אין בלוטיקן רעוואַנש.
עס הוליען אויסלענדער אין ליבע-פּאַראַדיזן —
און ס׳האַלט דער דאָלאַר באַלד ביי צוואַנציק פראַנק.
נאָך וואַנדער איבער וועלט׳ס צעהויקערט-קרומע שליאַכן
אין הויזן-גאַליפע, פּאָעט-אימאַזשיניסט,
אין בוזעם-טאַש — צען פראַנק, אין רעקל — אַ תנכ׳ל,
שפּאַנט ל י ו ל י ק אום אין ליכטיקן פּאַריז.

1) „בלומען פון שלעכטס״. 2) דער דייטש.

## 2. אויף א באַנק אין פּאַרק

פּאַריז אין פרילינג. די קאַשטאַנען —
אין גרינעם, פליושענעם צעבלי.
די וואָלקנס — שנייאיק־ווייסע שוואַנען
אַרום דעם שפּיץ פון אָבעליסק.
אויף שטיינער שפּיציקע די לאַסט־פערד
פאַרגיכערן דעם שפּאַן מיט פאַרכט,
ווען ס'טוט אין אויגן זיי א בליאַסקע
די בראָנדזן־פערד פון „פּלאַס־קאָנקאָרד". 1)
די קינדער שפּילן זיך אין פּאַרקן
און קייקלען רייפן — גרין און געל.
עס בלענדט די „טריאומפאַלע אַרקע" 2)
ביים עק פון „עליזייער פעלד". 3)
באַסטיל 4) איז איינגעהילט אין טרויער
ביים ראָג פון „רי דע רעוואָלי" — 5)
און ס'לאַקן קרוזשעוועס פון טויער
צום בלויען גאָרטן „טילערי". 6)
דער פרילינג בליט. פאַרווירט און איינזאַם,
זיצט ליוליק אויף א גרינער באַנק.
אין האַנט אין הונגעריקער, בייזער
ער האַלט פאַרקלעמט דעם לעצטן פראַנק.
די טויבן קלייבן פּעטע קרישן
פון צאַרטע, קינדערישע הענט.
און מיטאַמאָל — פון אַן אַפּישע
פאַר מידע אויגן גיט א בלענד:
— 'היינט אָוונט שפּילט מען „שוואַנען־אָזיער"
'אין „פאַרפענאָן" — אויף „רי ראָזעט".' —
אין ראַם פון קרוזשעוועס פון ראָזע —
דאָס בילד פון טענצערין ד'אָרסעט.
ער הויבט זיך אויף. אין אויגן שווינדלט.
ער לאָזט זיך לויפן — שטום און שטאַר.
און טויבן און דערשטוינטע קינדער
באַגלייטן אים אַרויס פון פּאַרק.

## 3. דער לעצטער פראַנק

ס'האָט קיינמאָל נישט צו זשאָזעפינע'ן
אַזוי געאײַלט נאַפּאָלעאָן,
ווי ליוליק — איבער גאַסן גרינע
האָט זיך געיאָגט צום „פאַרפענאָן".

---

1־2־3־4־5־6) באַרימטע פּלעצער אין פּאַריז.

עס ציען שאַטנס זיך לילאַווע
און לייגן זיך אויף גאַסן בלייך.
געוווען איז שוין אין אָנהייב אָוונט,
ווען ר'האָט דעם „פאַרפענאָן" דערגרייכט.
אַפישן בלענדן מיט פיגורן,
מיט בילדער, סצענעס פון באַלעט.
פאַר קאַסע ציט זיך לאַנגע שורה.
ער שטעלט זיך קויפן אַ בילעט.
די ריי דערנענטערט זיך. אַ טריבע,
דערהערט זיך דער קאַסירשע'ס שטים:
— „בלויז איין בילעט איז נאָך פאַרבליבן —
צען פראַנק מיט זיבעציק סאַנטים." —
ר'בלייבט שטיין ביים פענצטער אַ פאַרשעמטער —
און רוקט אַרויס זיך פון דער ריי.
דער לעצטער פראַנק אין האַנט פאַרקלעמטער
אים בריט, ווי אָנגעגליטער בליי.

ער דרייט זיך אום אַרום טעאַטער —
אַ לייב, געפּענטעט אין אַ שטייג:
דאָס האַרץ — אַ רוויכערדיקער קראַטער —
ער ציילט די רגע'ס, שפּאַנט און שווייגט.
דער הונגער נאָגט, דער גוף זיך וואַקלט.
ער האַלט זיך אָן אין דער פאַרענטש:
— 'כ'וועל וואַרטן ביזן סוף ספּעקטאַקל —
'און אפשר היינט נאָך ר א י א'ן זען.
'ס'מוז נאָך דער פאָרשטעלונג דאָך ר א י א
'אַרויסקומען דורך בינע-טיר.' —
און פאַר די אויגן — רעדער פייער,
דער קאָפּ — אין פריידיקן דעליר.

די שפּיל ז'צו-ענד. און פרויען, מענער
דורך טירן שפּאַרן — ראַשיק-וואַך:
פראַנצויזן, רוסן, איטאַליענער —
און פאַרביק מישט זיך שפּראַך מיט שפּראַך.
אין בינע-טיר באַווייזט זיך ר א י א,
מיט איר — אַ מאַן מיט האַרטן קין.
און אַ שאָפער — פלינק, ווי אַ שלאַיען,
צעעפנט טיר פון „לימוזין".
ס'וויל ל י ו ל י ק אויסשרייען זיין ווייטיק,
נאָר ס'בלייבט אים שטעקן ס'וואָרט אין האַלדז.
עס גיט אַ ריר זיך פלינק דער אויטאָ —
און יאָגט אַוועק זיך מיט אַ שאַל.

## 5. דאָס לעבן פול איז מיט קאַפּריזן

עס בליט די מאַי-נאַכט די פּאַריזער.
ער קאָן נישט צומאַכן קיין אויג:
— ׳דאָס לעבן פול איז מיט קאַפּריזן —
׳אי האָניק-זיס, אי ביטער-לויג.
׳ס׳איז ר א י א — פּרימאַ-באַלערינע,
׳און איך — אַן אָרעמער פּאָעט.
׳וואָלט מיך דערקענט, דעם יאַקאָבינער,
׳די קרוין פון רוסישן באַלעט?
׳האָט זי געוואוסט, אַז ביים טעאַטער
׳האָב איך געשפּאַנט, ווי אין דעליר?
׳האָט זי געזען מיך, ווי אין מאַטער
׳האָב איך געוואַרט ביי ביגע-טיר?
׳וואָס דאַרף זי מיך — פון ווייטן עבר
׳אַן אָפּבליאַקירטן אַרלעקין,
׳ווען ס׳פירט אַהיים זי יעדן אָוונט
׳דער גרויער מאַן אין „לימוזין״?׳
ר׳ווערט היינט נאָך ר א י א ן אפשר זען —
און זאָל געשען, וואָס ס׳דאַרף געשען.

## 6. דעם זיידנ׳ס זייגער

אַ, שעה׳ן ליכטיקע, געזאַלבטע
נאָך לאַנגן שלאָף — אין הינערפּלעט.
ער כאַפּט זיך אויף. די זון פון האַלב-טאָג
מיט האָזן שפּילט אויף קויטיק בעט.
ער וואַשט זיך איין נערוועז און האַסטיק,
פאַרקעמט דעם שויבער ווילדע האָר,
און לויפט-אַראָפּ, דאָס העמד צעכראַסטעט,
אין געסל לעבן „גאַר די נאָרד״.
די זון דורך צווייגן פון קאַשטאַנען
וואַרפט שטראַלן אויפן טראָטואַר.
געיאָגט פון אויסטערלישע וואַנען,
ער יאָגט צום נאָענטן „לאָמבאַרד״.
ער האָט באַשלאָסן זיך צו בייגן,
ווי פאַרן שטורעם-ווינט — אַ זאַנג,
פאַרזעצן זיין בר-מצווה-זייגער,
דעם זיידן מ ר ד כ י ׳ ס אַ געשאַנק.
ר׳שפּאַנט אין „לאָמבאַרד״ אַריין פּאַמעלעך
מיט זייגער גאָלדענעם אין האַנט.
ס׳באַטראַכט אים, ווי אַ בייזער כלב,
אַ פעטער, נידעריקער מאַן:

— „ק'עסק' וואו וואולעי?"[1] ער פרעגט פארדעכטיקט.
דעם זייגער ל י ו ל י ק ווייזט מיט שטאָלץ.
און יענער קוקט: אויף לאַם — אַ שעכטער.
— „סאַן פראַנק!"—[2] קלינגט הייזעריק זיין קול.
און ל י ו ל י ק שפּאַנט אַרויס אַ זיגער,
ווי קרעז — מיט הונדערט פראַנק אין האַנט —
און לאָזט זיך האַסטיק, ווי אויף פליגל,
צום „פּאַרפּענאָן" — מיט דיליזשאַנס.
ער שטייט אין ריי ביים פענצטער שמאָלן,
דער קאָפּ — אין ליכטיקן דעליר.
און צוואַנציק פראַנק, ווי אין אַ חלום,
ער לייגט אַוועק פאַרן קאַסיר.

## 7. א י ן ט ע אַ ט ע ר

דער זאַל איז פול מיט דאַמען, מענער:
עס בלענדן דעקאָלטע און בערד.
ער זיצט, פאַר'כישופ'ט פון די טענער,
אין ערשטע רייען פון פּאַרטער.
עס לעשן זיך די בלויע ליכטער.
דער פאָרהאַנג הויבט זיך לאַנגזאַם, לאַנג.
עס ווערן אָפּגעמעקט געזיכטער,
ווי פון אַ צויבערדיקער האַנט.
עס פלאַטערן פאַרביי, ווי שאָטנס,
אין העלן, זילבערדיקן קרייז
די טענצערינס, ווי ווייסע מאָטן,
ווי ס'וואָלט זיי נאָכגעיאָגט אַ גייסט.

און מיטאַמאָל — פון גרינעם אָזיער —
אויף בלוי-לבנה'דיקן לאָן
באַווייזט זיך צווישן הויכע גראָזן
אַ ווייסע, זילבערדיקע שוואָן.
און ס'טוט אַ שוועב אים פאַר די אויגן:
גראַנאַווסקי'ס פעלדז אויף לאַנזשעראָן —
און ר אַ י אַ טאַנצט — אַ ווייסער פויגל,
אין העלן בלוי-ליכט אָנגעטאָן.
עס קראַכט דער זאַל פון די אַפּלאָדן
ער הויבט זיך אויף, ווי אין דעליר —
און לאָזט זיך שפּאַנען בחיפזון,
אַ סאָמנאַמבול — צו בינע-טיר.

---

1) — „וואָס פאַרלאַנגט איר?" — 2) — „הונדערט פראַנק!" —

## 8. אין ראַיאַ'ס גאַרדעראָבע

ווי ס'וואַרט אַ קריגספּירער אין גראָבן
אויף ענד פון שלאַכט מיט ציטער־פרייד,
ביים שוועל פון ר אַ י אַ 'ס גאַרדעראָבע
ער וואַרט אויף שעה פון זיין באַשייד.
ער קלאַפּט אין טיר אָן, ווי אין דרימל.
זיין האַרץ — אין פּראָסטיקן געפריר.
— „אַנטרעי!" — ער הערט אַ פרויען־שטימע.
ער עפנט די פּאַטאַלע טיר.
אין לייכטער, בלווילעכער קימאָנאָ —
אַ פרויען־גוף אויף טאַבורעט.
אין בלוי־ליכט זעט ער נישט איר פּנים.
זי ענדיקט אוים איר טואַלעט.
אויף בלאָנדע האָר — אין בלענד פון שפּיגל
אַ גרינע ליענטע, ווי אַ שלאַנג,
די הענט פאַרבראָכן, ווי די פליגל
פון ווייסער, זילבערדיקער שוואַן.
זיין האַרץ — אַ לאַם אויפן מזבח —
איז גרייט צום הייליקן פאַרלענד.
און ס'טוט אַ זעץ אין נאָז דער ריח
פון שאַרפער, זיסלעכער ווערבען.
זי קוקט אים אָן מיט אויגן דולע.
איר האַנט — ווי ראָזער פאָרצעליי.
זי שפּרינגט־אויף: — „ל י ו ל י נ ק אַ, מיין ל י ו ל י ק!" —
ער ענטפערט: — „ר אַ י אָ ט ש ק אַ, מ אַ י ר אַ י!" —
עס פּלאַצן צווייפלען און יסורים,
און ליכטער וואַקלען זיך און ווענט:
פון ערשטן פלאַטערדיקן צוריר
פון הילפלאָזע, פאַרבענקטע הענט.
פאַרביי — צעשייד פון לאַנגע יאָרן.
ווי אַ מיראַזש, די צייט פאַרשווינדט.
זי פאַלט פאַר'חלש'ט אויף זיין אָרעם —
און זי צעוויינט זיך, ווי אַ קינד.
זי ווישט פון אויגן אוים די טרערן
מיט ווייסן טיכל פון באַטיסט:
— „זאָג, ל י ו ל י ק, ביזטו פון אַ שטערן
אַראָפּגעפאַלן קיין פּאַריז?
איך האָב געמיינט, ביזט דאָרט געבליבן...
ביזט שוין מסתם אַ גענעראַל...
האָסט שוין פאַרגעסן אונדזער ליבע
אין טראָצקי'ס רויטן זיגער־שאַל..." —

ער שטייט מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן
און מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט:
— „ס'האָט מיך אָן אָפּטיילונג דעניקינ'ס
נאָך קורצער שלאַכט פאַרכאַפּט אין „פּלען".
דערנאָך — מיט פּיין און גרויל און ווייטיק —
אויף שיף אויף רוסישער „רוסלאַן"
פאַרלאָזט אָדעס מיט יידן־פּליטים,
מיט זיי געלאָזט זיך קיין כנען.
אויף זומפּן גליל'ער און זעמדער
געשאַפן האָט מען אַ קיבוץ,
נאָר איך האָב דאָרטן, ווי אַ פרעמדער,
אַרומגעדרייט זיך אָן שום נוץ.
כ'האָב נישט געקאָנט דאָרט זיין אַ „ראַבאָט"..." —
און פלוצים גיט דאָס האַרץ אַ זינק...
אויף שוועל פון ר א י א 'ס גאַרדעראָבע —
דער גרויער מאַן מיט האַרטן קין.

ס'האָט ר א י א גאָר זיך נישט פאַרלוירן:
זי גיט אַ שפּרונג, ווי אַ גאַזעל.
זי נעמט־אַרום דעם גרויען אורח —
און גיט אַ קוש אים פריידיק־שנעל.
זי לאַשטשעט זיך צו אים און טוליעט
און שפּילט מיט קייט זיך פון זיין וועסט:
— „האַלאָ, מ י ש ע ל! דאָס איז מיין ל י ו ל י ק...
אַ פריינט... אַ קרוב... פון אָדעס.
זיך נישט געזען מיט אים שוין יאָרן,
ער איז געקומען ערשט צו פאָרן...

— „אָך, ל י ו ל י ק, דאָס איז מיסטער ס י ב ע ל —
אַ רייכער סוחר פון נויאָרק.
איז זייט באַקאַנט־זשע, מיינע ליבע —
מיר פאָרן צום ציגיינער־כאָר." —
אין דיכטער'ס האַרצן זידט דער צאָרן,
נאָר ר'צוימט דעם ווייטיק און די פּיין:
— „אַ דאַנק, איך קאָן מיט אייך נישט פאָרן —
איך האָב אַ ראַנדעוואו נאָך היינט!" —
ער שפּאַנט צו'ר טיר, ווי דורך אַ כמאַרע,
ס'איז ר א י א 'ס פּנים טויטלעך־בלאַס:
— „גאָסטינניצאַ „סוויאַטאַיאַ קלאַראַ",
פרידי מאַי מילי, זאַווטראַ וו'טשאַס! — (1

(1 — „האָטעל „די הייליקע קלאַראַ". קום, מיין ליבער, מאָרגן איינס בייטאָג!" —

## ב. אין ליבע׳ס מדבר־ווינט

### 1. פּאַריז אין באַגינען

ווי שיין פּאַריז איז אין באַגינען,
ווען ערשטער זון־שטראַל טוט אַ שפּריץ
דורך וואָלקנס — קרוזשעוועס פון פּינע —
אויף אייפל־טורעמ׳ס בלויען שפּיץ.
אַ טייך אַ גאָלדענער אין שטראָמען
פליסט דורכן פענצטער פון מאַנסאַרד.
עס צינדט די זון אויף פּלאַץ וואַנדאָמער
דעם מאָנומענט פון באָנאַפּאַרט.
פאַרבלענדט פון זון און פרילינג־יום־טוב,
כאַפּט ליוליק אויף זיך פרי־קאַיאָר.
ער וואַשט זיך איין און נעמט זיך אָנטאָן —
און שפּאַנט אַוועק מיט „פּלאַס־קאָנקאָרד״.

ווי גוט צום רויכן אַ ציגייער
אויף דער אַלייע פון בולוואַר —
און הערן קינדער־פלוידערייען,
ווי פייגל־זמר, טיף אין פּאַרק.
ווי גוט אויף זוניקער טעראַסע
אין אַ „קאַפע״ אויף ברייטן סקווער
באַשטעלן קאַווע אין אַ טאַסע
מיט גרויסן סאַנדוויטש פון „גריער״.1)
די יונגע, הונגעריקע ציינער
דעם פרישטיק שלינגען, ווי די וועלף.
און פּלוצים — ערגעץ נאָענט, בשכינות
דער טורעם־זייגער קלינגט שוין צוועלף.

ער הויבט זיך אויף אַן אָפּגעבריטער,
צעצאָלט זיך אייליק מיט „גאַרסאָן״ — 2)
און ווי אין שלאַכט, אַ בראַווער ריטער,
ער לאָזט זיך גיין צו „רי לאַ שאָן״.
עס קלינגען זינגעוודיק די שפּאַנען.
דער זייגער ז׳איינס. אויף ברייטן סקווער
בליצט־אויף אין שאָטן פון קאַשטאַנען
אַ גרינע שילד : „האָטעל סאַן־קלער״.
דאָרט וואַרט אויף אים אַ יונגע דאַמע
מיט אויגן רויכיקע, ווי בעז —
אַ זכר פון די יוגנט־פלאַמען
אין היימשטאָט ליכטיקער אָדעס.

1) קעז. 2) קעלנער.

## 2. ראַיאַ וואָרט אויף ליוליק׳ן

מיט טריט מיט פעסטע, ווי אַ זיגער,
ער שפּאַנט אַריין אין וועסטיביול.
ביים פענצטער, ווי אַ בייזע שוויגער,
שטעלט־אָפּ אַ מאַן אים, פרעגט און דול:
— „ק׳עסק׳ וואו וואולעי?" — ער פרעגט מיט חידוש —
און קוקט אויף דיכטער׳ס טואַלעט.
און ליוליק ענפטערט, ווי אַ ווידוי:
— „כ׳וויל זען דאָ די מאַדאַם ד׳אַרסעט!" —
ער מעסט אים אָפּ מיט אויגן — שפּינען.
זיין שמייכל — פּראַקטיקער געפּריר:
— „איר מיינט די פּרימאַ־באַלערינע?" —
— „יאָ, כ׳מיין ד׳אַרסעט! זי וואַרט אויף מיר." —
ער הויבט דאָס טרייבל אויף מיט ביטול
און רעדט הכנעה׳דיק און באַנג.
אַ רגע־צוויי... — „אַנטשולדיקט, ביטע!
אויף צענטן שטאָק, שאַמבר מיל קאַראַנט!" —[1]

אַ מאַן מיט גאָלדענע „פּאָליעטן"
אין „ליפט" אין ליידיקן אים פירט,
ער שפּאַנט אויף טעפּיך פּיאַלעטן —
און קלאַפּט אין ראַיאַ׳ס ווייסער טיר.
אין האַרצן זינגען פרילינג־פליוטן,
דער קאָפּ — אַ פלאַמעדיקע שייט.
ער וואַרט אַ רגע און אַ צווייטע,
ס׳איז יעדע ווייל אַן אייביקייט.
פיר יאָר האָט ער אויף אָט־דער רגע
געוואַרט מיט האָפענונג און פרייד:
דערשווימען צו די בלויע ברעגן
פון אויסגע׳חלומ׳טן באַשייד.

דורך בלויער שויב דער טורעם אייפל׳ס
גיט פאַר די אויגן אים אַ בלענד.
עס קלאַפּן העמערלעך אין שלייפן...
און ס׳וויגן זיך קאַלירטע ווענט...
און מיטאַמאָל — אין הייסן פיבער
עס גיט די טיר זיך אַ צעפּראַל.
ער שפּאַנט די ווייכע שוועל אַריבער —
און ראַיאַ פאַלט אים אויפן האַלדז.

---

1) צימער טויזנט פערציק.

### 3. די נאַכט איז מיין

אויף בלאָנדע האָר — אַ בלויע ליענטע,
דער גוף — אין לייכטן פּעניואַר.
דער וואַנדער איבער קאָנטינענטן
צערינט — אַ פינצטערער קאָשמאַר:
די ליפּן — זאַפטיקע און פולע,
דער קוש פאַר׳שיכור׳ט אים, ווי בראַי:
— „אַ, ליוליק. ליולינקאַ, מיין ליוליק!״—
— „אַ, ראַיאַ, ראַיאַטשקאַ, מאַי ראַי!״—
— „איך האָב געציילט די טעג און וואָכן!״—
— „איך האָב נאָך דיר אַזוי געבענקט!״—
אין ליבע׳ס ליכטיקן נצחון
עס ווערט דער אָטעם ענג זיי, ענג...
און גאָר דער ווייטיק פון צעשיידונג
אין רגע איינציקער פאַרשווינדט,
ווען לייבער פלאַמען אויף עקידה
פון ליבע׳ס צאַרטן מדבר-ווינט.
זיי ליגן ביידע אויף קאַנאַפּע.
עס זוכן פיבערדיק די הענט.
די זיסע רגע׳ס קאַפּען, קאַפּען,
ווי הייסער האָניק, אויף די ווענט.
איר שטייפער גוף, ווי אַ וואולקאַן, איז,
ווי רייפע עפּל — אירע בריסט.
און ס׳פלאַטערן, ווי ווייסע שוואַנען,
אין ספּאַזם די אויסגעטאָקטע פיס.
אין זיסן, תאווה׳דיקן ריח
פון דינעם, רייצנדן פאַרפום
די לייבער זינגען למנצח
און זינקען אין פאַרגעסונג-תחום.
ווי קרבן-עולה׳ס שעה׳ן גליען
אין שיכור׳דיקן הינערפלעט.
עס לעשט זיך סאַמעטענע שקיעה
אויף בלויען פענצטער-פאַראַפּעט.
אַריבער ווענט, ווי מאַנעקענען,
די שאָטנס קריכן פון באַלקאָן.
און מיטאַמאָל — ווי אַ סירענע
צערייסט די לופט דער טעלעפאָן.
זי נעמט דאָס טרייבל מיט פאַראיבל
און רעדט מיט בייזער און מיט פיין:
„האַלאָ! אַנטשולדיקט, מיסטער סיבעל!
היינט טאַנץ איך נישט! די נאַכט איז מיין!״—

### 4. אין קאַפּע „נאַרצים"

דער אָוונט הויערט אויף סטאַטועז.
מיט פרישע בלומען שמעקט פּאַריז.
אין נייעם, גלאַנצנדיקן „ביואיק"
זי פירט אים אין קאַפע „נאַרצים".
אין רעסטאָראַן איז שטיל און טונקל.
די טריט פון קעלנער — פלינק און ווייך.
עס גליען פּאַפּיראָסן-פונקען
אין בלויען, קרייזלדיקן רויך.
אויף פּנים'ער — צעשטראַל פון בליקן.
עס שמעקט מיט קימל און אירים.
און ביים קלאַוויר — אַ רוס, אַ שיכור,
ראָמאַנסן זינגט, דער פּיאַניסט.
אויף ר א י ס א ' ס פּנים — זיסער אומעט,
אין בלויע אויגן — הייסער טריב.
ווי בינען גאָלדענע — סוף-זומער,
די ווערטער זשומען אויף איר ליפּ.
פּאַריזער אָוונט שמעקט מיט פרילינג,
מיט פרישן בעז און ליבע-צער.
אַ פרוי אַ צאַרטע, ווי אַ תפילה,
דערציילט אים אוים איר ביטער האַרץ:
— „ווען כ'בין אַוועק פון קריוואָבאַלקע
אין יענעם פינצטערן פאַרנאַכט,
אין רוים געשריען האָבן האַלקעס:
„פאַרלוירן, ר א י ס א , האָסט די שלאַכט,'
כ'האָב קיין אָדעם געבראַכט די קראַנקע,
דערוואוסט זיך: ס'האָט דער באָלשעוויק
דעם טאַטן מיינעם אין לוביאַנקאַ
דערשאָסן מיט אַ חודש צ'ריק.
און דעמאָלט האָב איך אָנגעטראָפן
דעם טענצער א נ א ט אָ ל ד ' אָ ר ס ע ט ,
האָט אויפגעבליט אין מיר די האָפענונג
אויפסניי צו טאַנצן אין באַלעט.
— „אַ יאָר האָט ט אָ ל י א מיך געלערנט
די קונסט פון עקספּרעסיוון טאַנץ.
ס'האָט ער אין מיר פאַרזייט די קערנער,
אַז טאַנץ מיינט תפילה און געזאַנג.
מיט וואָס האָב איך געקאָנט אים צאָלן?
מיט לייב — מיין איינציקן פאַרמעג.
האָב איך געהייראַט דאַן מיט ט אָ ל י א ' ן —
און קיין פּאַריז מיט אים אַוועק.

— „פון שענצטע טרוימען ווערן וואָרן —
און ס'בלאָנדע מיידל פון אָדעס,
דיין ר אַ י אַ ז'איבער נאַכט געוואָרן
אין „באַלעי רים" — „פּרעמיער דאַנסעז".
דער גורל טשאַטעוועט זיין קרבן
און מאָנט דעם חוב איין בליציק-שנעל —
איז ט אָ ל י אַ פון אַ שלאַק געשטאָרבן,
בעת געטאַנצט איך האָב „זשיזעל".
* * *
די אַפּלען גליען, ווי אין פיבער.
מיט טרויער מיניעט זיך ס'געזיכט:
— „ס'איז, ל י ו ל י ק, נישט געווען קיין ליבע,
געווען בלויז דאַנקבאַרקייט און פליכט.
דערנאָך געווען איז פיין, חרטה —
און דימענטן און שוואַרצע פּרעק...
נישט אַלעמאָל איז דאָך באַשאָטן
מיט רויזן-צווייט דער ליבע-וועג..." —
דער אָוונט פאַטשט מיט בלויע פליגל
און שטאַרבט אַ מידער אויף דער שויב.
אין פוסטע גלעזער זינגען פליגן
דעם טאָג פאַרגאַנגענעם אַ לויב.
די שעה'ן פליסן, היים און ריסיק,
מיט טרויער אָנגעזאַפּט און צער.
און ס'פאַלן אירע רייד, ווי פּריסעק,
אויף פרישע וואונדן פון זיין האַרץ.
מיט אַפּלען בלויע, צער'פולע
זי קוקט — אַ אינדין אין אַ שטייג:
— „כ'האָב אַלץ, כ'האָב אַ ל ץ דערציילט דיר, ל י ו ל י ק —
און דו? דו הערסט זיך צו — און שווייגסט." —
אין האַרצן ברענען ווערטער-קוילן
און לעשן-אויס זיך אויף דער ליפּ:
— „וואָס קאָן איך וועגן זיך דערציילן?
געלעבט, געוואַנדערט און געליבט.
געליבט?... אין לעבנס וויסטן תוהו,
אין פיין פון וואַנדער און ווילקיר —
מיט אַלע צופעליקע פרויען
גע'חלום'ט האָב איך וועגן דיר.
אין האַרצן האָט אַ טרוים געליכטיקט,
אויף פאָן — אַ פלאַמיקער דעוויז:
עס זאָל דער דאָן-קיכאָט און דיכטער
געפינען ר אַ י אַ'ן אין פאַריז.

„און ס'האָבן יאָרן זיך געקוילערט,
געשוימט, ווי כוואַליעס, אָן אַ צאַם,
געוואַלט מיין ליבע־ווייַ דערציילן
דער זון, דעם הימל און דעם ים.
און איצט, אַז איך האָב דיך געפונען
דאָ אין פּאַריז, ווי דורך אַ נס —
אַלץ זעט מיר אויס אַזוי משונה:
מיין ר אַ י אַ — אַ „פּרעמיער־דאַנסעז"...
און איך — אַ וואַנדערער אין שמאַטעס,
אין האַנט פאַרקלעמט דעם לעצטן פראַנק,
זוך אין אַמעריקע מיין טאַטן
און דריי אַרום זיך שלינג־און שלאַנג.
איך האָב פאַרזעצט דעם זיידנ'ס זייגער
צו זען די פאָרשטעלונג און דיך..." —
דער טרויער בליצט אין ר אַ י אַ 'ס אויגן —
און ס'גליט מיט שטוינונג איר געזיכט.

* * *

זי גיט צו אים זיך צאַרט אַ טוליע,
און אַ פאַרשאַר דעם בלאָנדן לאָק:
— „אָך, ליבער ל י ו ל י נ ק אַ, מיין ל י ו ל י ק,
וואָס האָסטו באַלד מיר נישט געזאָגט?" —
און ס'טוט דאָס קול ביי איר אַ ציטער.
אַ וואָרט —— און ווידער זיך פאַרהאַקט:
— „ס'איז דיין... צעריבענער גאַרניטער...
מיר ליבער... פון דעם שענצטן פראַק...
כ'וועל מאָרגן פרי מיט דיר פאַרפאָרן
אין רייכסטן קליידער־מאַגאַזין...
אָ, לאָז מיך פאַר די בענקשאַפט־יאָרן
מיט עפּעס כאָטש דיר צאָלן צינדז."
אין בלויע אויגן בליצן וואַנען:
— „אָ, ל י ו ל י ק, כ'בעט דיך, זאָג נישט אָפּ!
גאַרסאָן! דערלאַנג אַ פלאַש שאַמפּאַניער!
עס שוימט פון פרייד ביי מיר דער קאָפּ.
האָב איך אַמאָל גע'חלום'ט, ל י ו ל י ק,
מיט דיר זיך טרעפן אין פּאַריז?
אויב יאָ אַזוי, זאָל זיין געהוליעט,
זאָל לעבן זיין אַ פּאַראַדיז!" —
זי גיט דעם קוטשער אים אַ שויבער
מיט צאַרטער, בריענדיקער דלאָן:
„מיר וועלן פייערן דעם צויבער
פון ערשטער נאַכט אויף לאַנזשעראָן." —

דער קעלנער ברענגט-צו דעם שאַמפּאַניער.
עס פליט די פּראָבקע צום סופיט.
דער רוס, דער שיכור — ביי דער פּיאַנאָ
שפּילט ווידער אויף אַ סומנע ליד.
עס קלינגען טענער פון „נאָקטיורן"
דורך שיכור׳ס פינגער — צאַרט און דין.
אויף הימלען איבער אייפל-טורעם
גייט-אויף אַ בעזישער באַגין.

## 5. זיין גורל איז פאַר׳חתמ׳עט

ער ווייסט: זיין גורל איז פאַר׳חתמ׳עט,
נישטאָ, נישטאָ קיין וועג צוריק!
אַ, שייטער-נעכט מיט ר אַ י אַ ׳ס לאַסקעס,
מיט אייביק נישט-דערשעפּטן גליק!
באַשטעלט האָט ס י ב ע ל פאַר זיין געטין
ביים דיכטער פאַר צוויי טויזנט פראַנק:
צו שאַפן ביבלישע ליברעטאָ
„די נביאה דבורה פון כנען".
אין אָוונטן, אין גאַרדעראָבע,
וואו ס׳שטיקט די לופט אים — היים, ווי צין,
צוויי אויגן טרעפט ער, ווי צוויי ראָבן,
פון גרויען מאַן מיט האַרטן קין.
פאַרשטיינערט, ווי אַ האַרטע גליבע,
קאָרעקט, בנימוס, רעזערווירט,
עס גריסט אים העפלעך מיסטער ס י ב ע ל,
אויף ליפּן — שמייכל, ווי געפריר.
אַ „ספּאָרט" איז דער אַמעריקאַנער:
נאָך לעצטן אַקט — ביז פרי-באַגין —
אין קאַבאַרעט, קאַפע-שאַנטאַנען
ער פירט זיי אין זיין „לימוזין".
ער זיצט אַ שטייפער ביי די טישלעך,
באַשטעלט די ווייַנען און די שפּייז —
און קוקט מיט אויגן — שוואַרצע פישלעך —
פאַרדעכטיק, אומעטיק און גרייז.
און ר אַ י אַ פלאַפּלט: — „מיסטער ס י ב ע ל,
כ׳שטעל-איין אַ נייעם איצט רעזשים:
און האָט אויף מיר נישט קיין פאַראיבל —
דער טאָג — פאַר אייך. די נאַכט — פאַר אים!" —
און ס י ב ע ל קוקט גאַלאַנט און ניכטער:
— „כ׳נעם, ליבסטע, גלייך אָן דיין ווערדיקט —
דו קאָנסט פאַרברענגען מיטן דיכטער,
אויב דאָס וועט דיר פאַרשאַפן גליק." —

## ג. דערפאַלג

### 1. נאַכטיגאַלן אין פּאַריז

עס שמ׳ט פּאַריז מיט נאַכט-לאָקאַלן
אין קרוזשעווע פון נעאָן-ליכט.
נאָר ס׳זינגען נישט קיין נאַכטיגאַלן
אין „לוקסעמבורג", צי „טילערי".
אַ שאָד! ס׳וואָלט שטאָט געוואָרן שיכור —
פון „לואווער" ביז „שאַן-ז׳עליזעי",
ווען ס׳וואָלט צעטרילערט זיך מיט מתיקות
אַן עכטער קורסקער סאָלאָוויי.
און ליוליק טראַכט: — ׳ווען איך בין ראָטשילד,
׳און נישט אַן אָרעמער פּאָעט,
׳כ׳וואָלט נישט געקייט קיין בירזשע-קליאָטשע,
׳נישט אויסגעהאַלטן קיין סוברעט,
׳כ׳וואָלט אימפּאָרטירט אַ טויזנט פייגל
פון קורסק, פון טולע, פון אוראַל —
׳און זיי געלאָזט מיט בלינדע אויגן
׳פּאַרטרילערן בולאָנער וואַלד.
׳ס׳וואָלט אויפגעכאַפּט זיך אין באַגינען
׳פון שלאָף פּאַריזער „סיטאָיען" 1)
׳און נישט געקאָנט צוערשט באַזינען,
׳וואָס מיט זיין פראַנקרייך איז געשען?
׳ער וואָלט אַ צי-געטאָן דאָס שטריקל
׳און אויפגעפראַלט די „זשאַליוזי", 2)
׳געמיינט: די בערן-באָלשעוויקעס
׳פאַרנומען האָבן שוין פּאַריז.
׳נאָר ס׳וואָלטן קלאַסישע בורזשויען,
׳אין נאַכט-העמדער און אין שלאָף-רעק,
׳פון פייגל-כאָרן זיך באַרואיקט —
׳און אויסגערונען וואָלט די שרעק.
׳ווייל וואָלט פּאַריזער „סיטאָיענער"
׳ס׳געזאַנג פון נאַכטיגאַל דערהערט,
׳וואָלט נישט געוואָלט ער מער די טענער
׳שוין הערן פון זיין שאַנטעקליער.׳ — 3)
נאָר ס׳זינגען נישט קיין נאַכטיגאַלן
אין „לוקסעמבורג", צי „טיליערי".
עס שמ׳ט פּאַריז מיט נאַכט-לאָקאַלן
אין קרוזשעווע פון נעאָן-גלי.

---

1) בירגער. 2) שטאָרן, לאָדנס. 3) האָן.

### 2. די רוסישע „עליט“ 1)

אין פענצטער הענגען פרייז-קוראַנטן.
עס שמעקט מיט „פּיראָזשקי“ 2) און באָרשט.
די קעלנער — רוסן-עמיגראַנטן:
פּאָרוטשיק 3), פּראַפּאָר 4) און מאַיאָר.
פון גלות מיד און מיד פון וואַנדער,
אויף ליפּן — חניפה׳שע „מערסי!“,
פּאָלקאָווניקעס מיט שוך-וואַקס האַנדלען
און גראַפן טרייבן אַ „טאַקסי“.
עס שלעפּט זיך אום מיט „קאַטערינקע“ 5)
אַ גענעראַל פון צאַרסקן שטאַב,
און ז׳גרייט צו טאַנצן אַ „ליעזגינקע“ 6)
פאַר אַ „שאַשליק“, צי „שישקי-באַב“. 7-8)
גראַפיניעס, פירשטינס, באַראָנעסעס,
די גאַנצע רוסישע „עליט“,
זיך שטרייכן אין דעם אידנ׳ס חסד —
און רופן אין געהיים אים „זשיד“.
מע חלומ׳ט וועגן דאָן און דניעפּער,
מע לעבט, מע הונגערט און מע האָפט:
׳היינט-מאָרגן פאַלן וועט „סאָוודעפּיע“ — 9)
׳וועט נעמען צום קאָשמאַר אַ סוף.׳
און צווישן זיי, ווי מידע לאַסט-פערד,
וואָס רוען שוין אין אַלטער שטאַל,
זיך טוליעט שרייבערשע כאַליאַסטרע
אַרום אַ מאָגערן זשורנאַל.
אַהינטער זיי — די שיין און גלימער
פון רום און שאַפונג און פאַרמעג.
און דאָ — אַ פרעמדער, קאַלטער הימל
און טריבע, הונגעריקע טעג.

### 3. אין שרייבער-קלוב

און יעדן פרייטיק — אַ סאָבראַניע“: 10)
באַרימטקייטן מיט שטעל און פּאָמפּ —
פאַרקלייבן זיך, ווי בייזע קאַניעס,
אין שרייבער-קלוב „דער גרינער לאָמפּ“.
דער זאַל איז אויסגעצירט מיט בלומען.
דער עולם שטופּט זיך ביים בופעט.
פון גאַנץ פּאַריז איז מען געקומען
אַ יונגן אויסהערן פּאָעט.

---

1) פּני. 2) קנישיקלעך. 3־4) אָפיצערן. 5) שפּיל־קאַסטן.
6) קאַווקאַזער טאַנץ. 7־8) קאַווקאַזער מאַכלים.
9) אַ צונאָמען פאַר סאָוועט־רוסלאַנד. 10) פאַרזאַמלונג.

אין סומנער, אָפּבליאַקירטער גדולה
דאָ זיצט דער רוסישער פּאַרנאַס —
און פון לאָרנעטן און שפּאַקולן
שפּריצט גאַווה, ביטערניש און האַס.

מיט שלויער מינע פון מפונק,
די ציין פאַרשטשעמעט — אויבנאָן,
אָן טישל אָנגעשפּאַרט זיצט בונין —
אַ יוסטער מלך אויפן טראָן.
לעם אים — פאַרזויערט און פאַר'אַלמנ'ט,
אין גרינעם, נישט געפּרעסטן ראָק,
אַן אויסגעדייוווערטער זיצט באַלמאָנט,
צו האַלטן גרייט אַ נעקראַלאָג.
מיט בליק פאַרלוירענעם, באַטריבטן
אויף רונדן פּנים — ווי אַ נוס,
זיצט מערעזשקאָווסקי, אַ פאַרליבטער
אין זינאַאידאַ גיפּיוס.

אין האַלבן טראַנס קלינגט-אָפּ אַ שטימע:
— „דער דיכטער יוליאַן אָרלאָוו!" —
און ליוליק שפּאַנט איבער דער בימה,
צעווישן וועלף — אַ בלודנע שאָף.
עס בליצט אַ רעיון, ווי אַ פויגל:
— 'מיין אויסטערליץ, צי וואַטערלאָ?
'אַזויפיל שטראַלנדיקע אויגן —
'און בלויז מיין ראַיאַ איז נישטאָ!' —
וואָס וואָלט זי נישט געוועגן געגיבן
צו זיין דאָ לעבן איר פּאָעט...
נאָר ס'האָט געפּאָדערט מיסטער סיבעל:
זי מוז היינט טאַנצן אין באַלעט.

ער הויבט-אָן לייענען שטיל און שפל.
און איבער אַלץ — פון פּיין באַטריבט,
ער זעט בלויז ראַיאַ'ס צאַרטן פּראָפיל,
דעם רויטן שניט אויף קרום פון ליפּ.
ער לייענט — און ס'פּאַכן ווייסע שרפים:
„אַ זומער-נאַכט ביים שוואַרצן ים" —
און ס'קלינגען זינגעוודיקע סטראָפן
אין הייסן, פּושקינישן יאַמב.
די שלייפן פיבערן — צום פּלאַצן.
די שטילקייט הילכט — אַ באַראַבאַן.
עס פּלייצט, עס שטורעמט די אָוואַציע.
ער שטייט מבולבל, ווי אין טראַנס.

ער הערט: ווי כוואַליעס, רווישן שטימען.
די דיכטער שטייען אַרום אים.
מע דריקט די האַנט, מע לויבט, מע הימענט —
דער קאָפּ — אין וואָלקנס פון אָלימפּ.
און מיטאַמאָל — פון דער חברותה
ברעכט־דורך דעם פריידיקן געפּליעסק:
— „ווי קומט אַזאַ־אַ רייכער רוסיש
גאָר צו אַ „מאָשקע” פון אָדעס?” —
און ל י ו ל י ק קוקט מיט שטאַרע אויגן —
און ס׳גייט נישט אַיין אים דער דערפאָלג —
און ווי אַ קראַנקער, מידער פויגל,
ער זוכט זיין ר אַ י אַ ׳ ן... מיטאַמאָל —

ווי אַ מיראַזש, אין ווייטסטן ווינקל
האָט ער דערזען זיין בלויע פרייד:
מיט אויגן שטערנדיק צעפינקלט,
אין פאַרביק־אויסגענייטן קלייד.
אַריבער לויכטנדיקע הייכן,
אַריבער רווישנדיקן זאַל
ער זעט: מיט פרייד און ליבע שמייכלט
איר ליכטיק פּנים אין צעשטראַל.
ער לויפט אַרונטער פון דער בימה,
זיין האַרץ — אין פלאַטערדיקן גלי.
ער הערט, ווי ס׳ציטערט־אויף איר שטימע —
און ס׳ווילט זיך פאַלן אויף די קני.
אין הייסע אַפּלען שטערנפולע —
אי פייַן, אי טרויער, אי געבעט:
— „אַנטשולדיק, ל י ו ל י נ ק אַ, מיין ל י ו ל י ק,
כ׳האָב ערשט פאַרענדיקט דעם באַלעט!” —

און שפּעטער האָט זי שנעל געטריבן
דעם אויטאָ אין צעבליצטן וואָן,
ווי ז׳וואָלט געשראָקן זיך די ליבע
און ס׳גליק פאַרלירן אין טומאַן.
געלעגן איז זי חוה־נאַקעט,
ווי זומער־זאַנגען, גרייט צום קלייב,
ווען ס׳האָט זיין חתן־פרייד צעאַקערט
די כלה־בייטן פון איר לייב.
און וואָס באַשערן זאָל דער גורל
זיי ביידן אויפן לעבנס־שליאַך,
זיין האַרץ וועט שטענדיק פאַלן כורעים
פאַר יענער אויסטערלישער נאַכט.

## ד. דער ערשטער רוגז

### 1. דאָס מיידל און די זון

פּאַריז. „פּיגאַל״ 1) איז פול מיט סודות,
מיט תּאווה און מיט פרילינג-פרייד.
אַרום „מעטראָ״ 2) שוועבט-אום אַ מיידל
אין רעגנבויגנדיקן קלייד.
ווער איז דאָס מיידל? אַ פּרינצעסין?
אַ נייטאָרין, צי אַ סוברעט?
אַ באָנע, ערשט אַרויס פון מעסע?
אַ זונה, ערשט אַרויס פון בעט?
די שוואַרצע האָר אין שיין פון שקיעה,
ווי שלענג — אַרום איר שוואַנען-האַלדז.
אויף לאַנגער, אָנגעפּאַרבטער וויע
אַ טרער זיך מיניעט, גרייט צום פאַל.

זי הויבט די אויגן, די פאַרוויינטע
צו ווייסער הויך פון „סאַקר-קער״ 3) —
און הענגען בלייבט אויף באַק פאַרברווינטער
אַ פּערל שטראַליקע — די טרער.
אין גרינע, תּאווה׳דיקע אויגן —
געמיש פון צערטלעכקייט און מאָרד.
און ס׳טרעפּעט זיך — אַ שטורעם-פויגל:
אַ גרויער לאָק — אויף שוואַרצע האָר.
די וואָלקנס איבערן מאָנמאַרטער — 4)
אַ שאַל אַ פּערזישע צעשפּרייט.
דאָס מיידל שפּאַנט — אַ שלאַנקע, צאַרטע
אין רעגנבויגנדיקן קלייד.

אין מאַטער שיין פון געלע ליכטער
טויכט ווידער אויף איר צאַרט געשטאַלט —
און ס׳מאַניען שוואַרצע האָר דעם דיכטער,
ווי שוואַרצע שלענג אַרום איר האַלדז.
עס צינדן זיך לאַמטערנעס געלע
אויף גרין-צעבלעטערטן בולוואַר.
און פּלוצים ווערט דאָס מיידל נעלם —
און ס׳שטעלט זיך אָפּ דעם דיכטער׳ס האַרץ.
ער זוכט זי אום מיט פרייד און שווידער.
און פּלוצים — זע: די זון פאַרגייט
אויף „סאַקר-קער״ — דאָס צאַרטע מיידל
אין רעגנבויגנדיקן קלייד.

---

1) די גאַס פון נאַכט-קאַבאַרעטן אין פּאַריז. 2) סאָבווײ.
2) שענסטע קאַטעדראַלע „דאָס הייליקע האַרץ״. 4) קינסטלער-קוואַרטאַל.

## 2. זשאַנעט

אַ, נעכט פון אײפּערזוכט און ליבע!
זײ זיצן אין קאַפע־שאַנטאַן:
דער דיכטער, ר אַ י אַ, מיסטער ס י ב ע ל —
אין הערצער — האַס, אין מוח — וואַן.
אין לאַץ בײ ס י ב ל ׳ ע ן — אַ ראָזעטקע,
אין ר אַ י אַ ׳ ס האָר — אַ היאַצינט.
אויף בינע טאַנצן שאַנסאָנעטקעס
אין קלײדער — דורכזיכטיק און דין.
ס׳וואַקסט־אויס בײם טיש אַ פרוי אַ דינע,
מיט גרויען לאָק אויף שווארצע האָר:
אין אויגן תאווה׳דיקע, גרינע —
געמיש פון צערטלעכקײט און מאָרד.
אַ לענגלעכער אָוואַל פון פנים,
אַ דינער האַלדז — אין פּערל־ציר,
ווי פון אַ רוסישער איקאָנע
וואָלט נאָרוואַס זי אַראָפּשפּאַצירט.
אין האָר — אַ שרונט, אין קלײד פון סאַמעט,
זי זעט־אויס, ווי אַ שווארצע קראָ:
ווי פּושקינ׳ס „פּיקאָוואַיאַ דאַמאַ״,
צי קיניג שלמה׳ס מ ל כ ה ־ ש ב א.
זײ קושן זיך — און ר אַ י אַ ׳ ס פּנים
ווערט בלײך און רויט און וויאָלעט:
— „דו זעסט דאָך אויס, ווי אַ מאַדאָנע!
באַקענט זיך, ל י ו ל י ק און ז ש אַ נ ע ט!
קניאַזשנאַ[1] ג אַ ג אַ ר י נ אַ י ע ו ו ג ע נ י אַ,
פון די ג אַ ג אַ ר י נ ס אין טאַמבאָוו,
אַ נאָענטער חבר פון י ע ס ע נ י ן,
דער דיכטער י ו ל י אַ ן אָ ר ל אָ ו ו.״ —
די גרינע אויגן — פול מיט סודות.
און ס׳גיט אַ בליץ: ׳די זון פאַרגײט
׳אויף „סאַקר־קער״ — דאָס צאַרטע מײדל
׳אין רעגנבויגנדיקן קלײד׳. —
זי שטרעקט אים אויס אַ האַנט אין זאַמשע.
ער קושט די האַנט מיט אַ פאַרנויג.
עס מיניעט זיך, ווי גרינער ים־שוים,
דער בליץ פון עמעראַלדן־אויגן.
— „אָ ר ל אָ ו ו ?... איך האָב געהערט דעם נאָמען....״ —
ווי זיסער סם, די ווערטער שטראָמען.

---

1) פּירשטין.

— „אַך, יאָ, מיין פריינדין זינאַאידאַ,
די גרעפין באַרסאָוואַ-קאָוויל,
האָט אייך געהערט דאָך לייענען לידער,
איז איר געפעלן אייער „סטיל“.
עס וואַרט אויף מיר די פירשטין לאַניאַ.
אָרלאָוו, איר מוזט אונדז קומען זען.״ —
זי גיט אַ זופּ פון כוס שאַמפּאַניער,
אַ הויב זיך — —און אַ שטרעק די הענט.
און מיט אַ זשעסט, ווי אַ מלוכה
וואָלט זי געוואָרפן צום המון:
— „יאָ, ראַיאַ, זיי נישט קיין „סווינױוכאַ״ —
און האַלט אים נישט פאַר זיך אַליין!״ —

### 3. ליוליק שרייבט צום פעטער

די טעג, די פרילינגדיקע בליצן
מיט שיין — האָט ליוליק מיטאַמאָל
דערמאָנט זיך אין זיין פעטער איציק
אויף צווייטער וואָך פון זיין דערפאָלג.
אין וואַנדער-טעג אויף ים'ען זיבן,
אין נע-ונד — פון קרעם צו קרעם —
אַ בריוול-צוויי ר'האָט אים געשריבן,
נאָר נישט געשיקט אים קיין אַדרעס.
און אַז אַ רעיון וועגן דינה'ן,
ווי פּריסעק, פלעגט אים טאָן אַ ברי,
פאַרטריבן האָט ער, ווי אַ שפּין, אים —
און דעם ציגייער אַ פאַרצי.
און איצט, אַז ס'האָט אים זיין נסיעה
געבראַכט צו ראַיאַ'ן און צו גליק, —
האָט ער צום פעטער קיין „אוריה״
אַ קורצן בריוו אַוועקגעשיקט:

— „ס'איז ראַיאַ פּרימאַ־באַלערינע,
און טאַליאַ טויט איז שוין צוויי יאָר.
איך האָף אַ שפּור נאָך צו געפינען
פון טאַטן מיינעם אין נויאָרק.
וואָס הערט ביי אייך זיך אין „אוריה״?
וואָס מאַכט די חברה אין קיבוץ?
האָט שמעון ניר שוין זיין משיח
אין דיכטער־באַנטיק אויסגעפוצט?
דאָ, אין פּאַריז, אַ דיכטער־באַנטיק
איז אַלץ נאָך, פעטער, אין „פּאַטשטאַט“...
ס'איז נישט קיין מיאוסיערע ראָמאַנטיק,
ווי האַקן שטיין און פּאַשען יסקאַטי.״ —

### 4. אין מוטנעם שטראָם

ס'פּאַסירט: דעם רײנסטן קוואַל פון ליבע
צעקלויצעט אָפּט אַ מוטנער שטראָם.
עס קומט אומזיסטיקער פּאַראיבל —
און ס'עפנט זיך פאַר דיר אַ תהום.
דער מאַן אין ליבע זוכט חלומות
און אָפט פון שטורעם — אַן אַזיל.
די פרוי זוכט אויסגעבענקטע שלימות —
און לעבט אין פּײן פון פאַרגעפּיל.
ס'טרעפט ליוליק יעדן טאָג זײן ראַיאַ'ן —
און אַלץ איז פּונקט, ווי ס'איז געווען,
נאָר אָפּט — —אַ וואָרט בלויז, אַ העויה
דײט־אָן, אַז עפּעס איז געשען.
זי קוקט אויף אים — אַ מידער פויגל,
וואָס איז פאַרפלויגן פון זײן נעסט.
זי פאָרשט מיט טרויעריקע אויגן
און היט זײן יעדן קוק און זשעסט.
ער דרײט זיך אום און קאָן נישט טרעפן,
וואָס איז די סיבה פון איר צער.
ער שטעלט זיך אָפּטמאָל אָפּ אין פּלעפּן
און שפּירט, ווי ס'טריפט מיט פּײן איר האַרץ.
ער גיט אַ פרעג זי: — „זאָג, מײן ליבע,
וואָס קלעמט דײן האַרץ און דײן געמיט?" —
זי ענטפערט: — „גלויב, מיך אַלץ דאָ איבלט
פון דעם באַלעטישן יאַריד!" —
ער נעמט זי טרײסטן: — „דאַרפסט אַן אָפּרו,
דו טאַנצסט כסדר, אָן אַן עונג". —
זי גיט אַ גלעט זײן ברוינע טשאָפּרע:
— „ס'וועט, ליוליק, גוט נאָך זײן, וועסט זען!" —
עס שמעקט מיט גרוך פון גלאַדיאָלן,
מיט בעז אין ראַיאַ'ס גאַרדעראָב.
עס ציט אַנטראַקט זיך, ווי דער גלות.
אָרקעסטער פּרעפּלט, ווי אַ פּאָפּ.
די פידלען קלײבן, ווי די בינען,
דעם זיסן האָניק פון מוזיק.
און ליוליק'ס האַרץ איז ווי אַ כנור,
וואָס ציטערט אונטער ריר פון סמיק.
מיט בלאָנדע האָר, פאַרקניפּט אין צעפּלעך,
אין ברײטן, ראָזן פּעניואַר
מיט ווײסע פּערלמוטער־קנעפּלעך,
זיצט ראַיאַ — ס'פּנים פול מיט צער.

זי נעמט זיך פּלוצים צום אים טוליען.
אין אויגן עקשנ׳ט זיך אַ טרער:
— „אַך, ליוליק טייערע, מיין ליוליק,
דאָס האַרץ איז שווער מיר, אַזוי שווער!״ —
און מיטאַמאָל — פון ווינקל צימער
אַ פאַרהאַנג גיט זיך אַ צעוויג:
אַ לעמפּל גיט אַ בליץ, אַ גלימער —
און ס׳גיט אַ קאַמעראַ אַ טליק...
שפּרינגט ליוליק אויף אין פּלעף און שטוינונג.
און ראַיאַ פּליסטערט צאַרט און שטיל:
— „כ׳האָב לאַנג געוואָלט שוין, נאָר דו איינער,
מיט דיר אַראָפּנעמען אַ בילד.״ —

* * *

ס׳איז שטיל אין ראַיאַ׳ס גאַרדעראָבע.
פאַרביי דער צווייטער שוין אַנטראַקט.
ס׳זיצט ליוליק — קאָפּ אין הענט באַגראָבן,
און וואַרט אויף שלום פון דריטן אַקט.
דער זייגער איז שוין באַלד־באַלד עלעף.
עס טאַנצט ד׳אַרסעט היינט אין „זשיזעל״.
עס עפנט זיך די טיר פאַמעלעך —
ס׳שטייט מיסטער סיבעל אויף דער שוועל:

— „העלאָו, וואָס מאַכט איר, מיסטער דיכטער?
געהערט, איר האָט געהאַט „סוקסעס״.
די „פּייפּערס״ 1) האָבן עס באַריכטעט —
און איר? איר זיצט דאָ, ווי אַ מת.
אַ „באָי״ 2) מיט אַט אַזאַ טשופּרינע
קיין „טראָבל״ 3) האָט נישט אין „אַמור״: 4)
אַ שאַנסאָנעט, צי באַלערינע —
וואָט איז די דיף? 5) לאַ פּאַס טוזשור! 6)
איך וויים, פאַר׳שיכור׳ט איז אַ דיכטער
פון פרויען־גלידער, צי פון ליד.
ער מוז אַמאָל דאָך ווערן ניכטער —
מיין ראַיאַ איז פון דיכטונג מיד...״ —

פאַר ליוליק׳ס אויגן — רעדער פייער:
— ׳מיין ראַיאַ׳... — גיט אַ ברי, ווי ספּירט...
ער ביילט די פויסט... אויף שוועל שטייט ראַיאַ...
ער לאָזט זיך לויפן צו דער טיר.

---

1) צייטונגען. 2) בחור. 3) צרות. 4) ליבע. 5) וואָס איז דער חילוק?
6) „אייביק די פּרוי״. 7) גוט! 8) אויסגעצייכנט.

## 5. „אַלץ, אָדער גאָרניט"

דער פרילינג שפרינגט אַריין אין זומער
מיט טלאָיען רויטע, ווי אַ הירש.
אויף מאָרגן ר א י א איז געקומען
און ציטריק אָנגעקלאַפּט אין טיר.
אין ל י ו ל י ק ׳ס זוויבער-קילן צימער
האָט זי זיך שטיל אַריינגעשאַרט.
אין בלויע אויגן טרויער שימערט,
אַרום איר מויל — אַ שטומער צער.
אַ דינער שמייכל פּאַכעט, פּאַכעט
מיט הייסער פרייד אַרום זיין ליפּ.
אין האַרצן יובלט דער נצחון:
— ׳זי האָט מיך ליב! זי האָט מיך ליב!׳—
די אַפּלען אירע — ווי חלפים:
— „פאַרלוירן, ל י ו ל י ק, האָסט דעם קאָפּ.
איך האָב פאַרשעמט זיך, ווען אַנטלאָפן
ביזט נעכטן פון מיין גאָרדעראָב.
— „דו האָסט צעהיצט זיך דאָרט, מיין ליבער,
נאָך אייער נאַרישן געשפּרעך.
ס׳האָט גלאַט געפּלאַפּלט מיסטער ס י ב ע ל,
נאָר נישט געמיינט דערמיט קיין שלעכטס.
פאַרקערט, ער האָט אַ האַרץ אַ זוויבערס,
ס׳איז פרעמד אים אייפערזוכט און האַס:
ער האָט אַוועקגעשיקט אַ „קייבל"
און אָנגעפרעגט זיך אין „האַיאַס".
כ׳בין זיכער, ער וועט שוין דיין טאַטנ׳ס
געפינען ריכטיקן אַדרעס.
איצט וועסטו פאָרן אין די שטאַטן —
און מיך פאַרגעסן, ווי אַ מת.
— „איך דענק, דאַרפסט דאַנקבאַר זיין דעם גורל,
וואָס ס י ב ע ל איז צו דיר קאָרעקט:
ער האָט ביי דיר באַשטעלט דאָך „דבורה",
איך האָף, עס גייט שוין אויף אַ וועג.
דו קאָנסט אויף אים זיך נישט באַקלאָגן,
ער האַנדלט, ווי אַ גוטער „ספּאָרט"...
איך האָב געוואָלט נאָך דיר זיך יאָגן,
נאָר כ׳האָב געשעמט זיך — דאָס איז וואָר!
כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנדער תרופה —
און שטיין געבליבן אויף דער שוועל.
איך האָב געהאָפט, דו וועסט מיך רופן,
צי קומען זען מיך אין האָטעל." —

ער שטייט ביים פענצטער, פול מיט פלעפונג.
אויף שויבן מיניעט זיך די שיין.
און פלוצים גיט זיך אַ צעעפן
דער קוואַל פון ווייטיק און פון פיין:
— „איך האָב געהערט דיך, ר א י אַ, ריידן
ס׳שמייסט יעדער וואָרט דיינס, ווי אַ רוט.
ווער איז דער שולדיקער? כ׳בין מודה,
אַז עפּעס איז מיט אונדז נישט גוט.
אַ זאָג, דערויף האָב איך געוואָגלט
פון ים צו ים, פון לאַנד צו לאַנד,
מיט הייסן האַרץ — אַ פולן לאָגל
פון ליבע׳ס וואונדערלעכן וואַן, —
דערויף געוואָלט האָב איך געפינען
דעם בלויען טרוים פון לאַנזשעראַן,
צו טרעפן דיך אַ באַלערינע
דאָ אין טעאַטער „פּאַרפענאַן” —
און טיילן דיך מיט רייכן „שיבער”:
דער טאָג — פאַר אים, די נאַכט — פאַר מיר...
און דאָס-אַ, ר א י אַ, רופסטו „ל י ב ע”?
ניין, דאָס איז פינצטערער דעליר!

— „איך וויים, ס׳איז נאַריש, דאָן-קיכאָטיש
פאַר מיר דאָ פּרעדיקן מאָראַל...
נאָר וואָס דו טוסט, איז האָטענטאָטיש —
און פּילט מיין האַרץ מיט ביטער-גאַל.
ווּעסט מיינען, ל י ו ל י ק זאָגט דיר מוסר,
ווען כ׳בין אַליין נישט ריין פון זינד:
כ׳האָב אויך אין הפקר׳ער חברותאַ
דאָס האַרץ אין לוסט געטונקען בלינד.
נאָר אין דער פינצטערער ממשלה
פון תּאווה׳ס זינקענדיקען זומפּ
ביזטו געווען מיין ב ל ו י ע ר ח ל ו ם,
דער ריינער ליבע׳ס צאַרטע בלום.
און דו? אין זיסטן ליבע-צאַפּל,
איך שפּיר מיט איבל און מיט שוים.
ווי ס׳גאָלד אין ס י ב ע ל ׳ ס גראָבע לאַפּעס
פּאַרפּלעקט די בלומען פון מיין טרוים.
כ׳האָב נישט דערפאַר קיין אויסדרוק קלאָרן,
נאָר גלויב. ס׳איז נישט קיין אייפערזוכט.
ס׳איז, כ׳וואָלט געזאָגט, ע ב ו ד ה - ז ר ה —
און ס׳האָט אַ טערפקען ביי-געדוך.

— „ס'איז שווארצע זינד פון סדום-ועמורה,
ס'איז ט ר ו י ם, פֿאַרפּעסטעטער פון וו אַ ר...
האָסט פריי'ר דערמאָנט מיין אַרבעט „ד ב ו ר ה",
זי רירט זיך, ר אַ י אַ, נישט פון אָרט.
ווי קאָן איך שרייבן דאָ ליברעטאָס,
ווען ס'האַרץ איז אייטערדיקע וואונד?
ביים דיכטער „מיטאָס" מיינט אויך „עטאָס" —
זיי זענען ביידע אין איין בונד." —
ער גיט אַ ריס פון העמד דאָס שניפּסל.
די ווערטער קרעלן אים אין האַלדז:
— „געדענקסט דעם גלח „ב ר אַ נ ד ט" פון איבסען,
זיין לאָזונג: „ג אָ ר נ י ש ט, אָ ד ע ר אַ ל ץ!"?" —

איך שמייכל גליט, ווי דזשיאָקאָנדאַ'ס,
מיט טראַציקייט, מיט לוסט און גאַל:
אויף אָרעאָל פון האָר פון בלאָנדע,
אויף פּנים'ס גאָלדענעם אָוואַל:
— „האָסט נישט געענדערט זיך אַ האָר נים.
דו לעבסט אין חלום אויף דער וואָר.
פֿאַרשטיי, דער לאָזונג „אַלץ, צי גאָרניט"
איז לאַנג שוין טויט אין אונדזער דור.
אַך, ל י ו ל י ק, ביזט צו-היים געבאָדן..." —
דאָס וואָרט בלייבט שטעקן איר אין קעל:
— „וויים, אַז מע לעבט אויף פרעמדע חסדים,
איז שווער צו שפּילן דעם רעבעל.
אין לעבן דאַרף מען זיין געדולדיק —
און אָפט פֿאַרשטשעמען מיט די ציין.
אַפילו אויב ס'איז עמיץ שולדיק,
מע דאַרף פֿאַרגעבן און פֿאַרשטיין.
און דו? דו ווילסט פון גאָרנישט וויסן,
דו לעבסט אויף קריש פון בעטלער-טרוים:
וואו וועסטו נעמען ערשטן ביסן?
ווי וועסטו בויען אונדזער היים?" —

זיין האַרץ — אַן אויפגעפּלאַצטער קראַטער.
ער ענטפערט טראַציק איר: „פּאַרוואָר!
ווי נאָר כ'פֿאַרבינד זיך מיטן טאַטן,
מיר פאָרן ביידע קיין נויאָרק.
דו דענקסט, מיין פּלאַן איז נישט קיין וואָרער?" —
ער גיט אַ שמוצער מיט דער ליפּ:
— „איז הער: צו אים וועסט מער נישט פאָרן,
אויב האָסט מיך ליב, באמת ליב!" —

זי הויבט זיך אויף, אין אַפּלען שוועבלט,
איר ענטפער — אַ צעגליטער שפּאַן:
— „איך האָב דיך ליב, נאָר קאָנסט מיין לעבן
נישט פורעמען לויט דיין פּאַסאַן.
דערויף בין איך אַהער געקומען
צו קריגן זיך, ווי מאַן און ווייב?" —
און ווידער שמעלצן זיך תרעומות
אין גלי און נאָענטקייט פון לייב.

### 7. ראַיאַ פּאָרט אויף גאַסטראָלן

עס הענגט דער טאָג, ווי צוגענאָגלט
צום בלויען פלאַנק פון „זשאַליוזי".
ער כאַפּט זיך אויף. ס'איז שווער צו זאָגן,
צי שפּעט איז שוין, צי ס'איז נאָך פרי.
— 'און וואו איז ראַיאַ?' — גיט אַ צאַפּל
אַ ווילדער רעיון: — 'כ'בין אַליין!' —
ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער קאָנאַפּע —
און ווערט פאַרווירט ביים טישל שטיין.
אויף טישל וויילט זיך אַ צעטל:

— „אַ דאַנק פאַר נאַכט פון גליק און פּיין.
איך פאָר איצט מעסטן טואַלעטן.
איך מוז פאַריז פאַרלאָזן היינט.
אַ דאַנק דיר פאַרן זיסן חלום.
אַנטשולדיק פאַר די טעג — ווי סם.
איך פאָר מיט סיבליען אויף גאַסטראָלן
קיין לאָנדאָן און קיין אַמסטערדאַם.
— „וועסט בלייבן דאָ אָן מיר, אַ פּרוש,
און אפשר — ניט? און אפשר — ניט?
נאָר דאָס, וואָס רופסט עבודה־זרה,
זע, נישט פאַריסמיען זאָל דיין ליד.
נישט זיי קיין דאָן־קיכאָט, איך בעט דיך,
פאַרגעס אָן איבסעניס דולן „בראַנדט",
פאַרענדיק, ליוליק, די ליברעטאָ,
איך גלויב, איך גלויב אין דיין טאַלאַנט.
אַ מענטש דאַרף האָר זיין איבער גורל,
פאַרגעס עס קיינמאָל נישט, מיין פריינט.
אַז אַ דערפאָלג וועט זיין דיין „דבורה",
וועט אונדז אַ בלענד־טאָן נייע שיין.
כילאָז טויזנט פראַנק דיר איבער, ליוליק,
ביי דעם קאַסיר פון „פּאַרפּענאָן".
כיוועל זיין צוריק אינמיטן יולי.
אַדיע, מיין טרוים פון לאַנזשעראָן!" —

## ה. די „מלכּה־שבֿא"

### 1. אַ בלונדנער הונט

אַ וואָך זינט ראַיאַ ז'אָפּגעפאָרן
מיט מיסטער סיבעל פון פּאַריז —
און נעכט נאָך נעכט ביז פרי־קאַיאָרן
שפּאַנט ליוליק ביי „קאַפּע־נאַרצים".
פאַר אויגן שווימט דער נאָנטער עבר:
דער ציטער־קלאַפּ אין ווייסער טיר,
דער ערשטער, אויסטערלישער אָוונט,
דער רום, דער שיכּור — ביים קלאַוויר.
זינט דאַן — חדשים, ווי אין פיבער,
פאַרביי אין פאַרביקן געפלעכט:
מיט נעכט פון שייטערדיקער ליבע,
מיט גליקלעכע, פאַרשייטע נעכט.

אין קראַנקער זעל ער זוכט און נישטערט.
דער ווייטיק נאָגט אים, ווי אַ שד.
ער שפּאַנט אַרום, ווי אַ צעמישטער,
אין הייסער בענקשאַפט נאָך ד'אָרטעט.
ווי האָט געקאָנט ביי זיך זי פועל'ן
אַזוי פאַרשווועכן זייער בונד —
און לאָזן אים אין פּיין און גרוילן
אין פרעמדער שטאָט — אַ בלונדעם הונט?
נישט אַנדערש, עפּעס איז געשען דאָ?
אין מוח קלאָר איז און נישט קלאָר...
ער שווימט — אין טייך אַן עלנט שפּענדל,
אויף פּנים שפּראָצט אַ ברוינע באָרד.

ער שפּאַנט אין גרינלעכע פאַרטאָגן —
אַ סאָמנאַמבול, וואָס זוכט אַ ליכט.
אין יעדער פרוי אויף אַלע ראָגן
ר'זעט ראַיאַ'ס שמייכלענדיק געזיכט.
ער וויל אַ רוף־טאָן דעם קאַסירער
נאָר ס'פאַלט דאָס טרייבל פון דער האַנט:
זאָל ער פון הונגער דאָ קראַפּירן,
נישט נעמען ר'וועט די טויזנט פראַנק.
עס קריכן טעג און נעכט, ווי זשאַבעס:
ס'וועט אפשר אָנקומען אַ בריוו?
אויב ר'הערט פון איר נישט ביזקל שבת,
ער וועט זיך אָנדיינגען אויף שיף.

## 2. אַ באַגעגעניש

ווען ס'שלאָפֿט פּאַריז נאָך שווערער פּראַצע,
נאָך טעג פֿון זאָרגן און פּאַרדרוס,
פֿון שלומער וואַכן־אויף פּאַלאַצן
פֿון זינד און שיכרות און פֿון זנות.
און צווישן שיכור'ע געזיכטער,
פֿאַרביי פֿאַרוואָרלאָזט־גרויע ווענט
שלייכט־דורך אַ הונגעריקער דיכטער
מיט הילפֿלאָזע און צאַרטע הענט.
מיט פּערל־שיין דער מילך־וועג רעגנט
הויך איבער הימלען פֿון „פּיגאַל".
אַ מיידל קומט אים אַן אַנטקעגן
מיט קרוציפֿיקסל אויפֿן האַלדז.
זי קלאַפּט מיט העמערלעך — אָפּצאַסן —
אַ לאַנגער, שוואַרצער סילועט.
ער בלייבט פֿאַרוואונדערט שטיין, אַ בלאַסער:
— „יעווגעניאַ פּאַוולאָוונאַ? זשאַנעט!" —
— „מיין גאָט!" — מיט פֿרייד מיט אויפֿגעהעלטער
קלינגט־אָפּ איר שטימע אין דער נאַכט:
— „אַרלאָוו? איר זעט־אויס אַ פֿאַרשטעלטער.
מיט ברויגעם בערדל — אַ מאָנאַך!" —
ער שפּאַנט מיט איר אין שטערן־שימער —
און אַלע חושים ווערן וואַך.
און ס'גיט אַ קוילער זיך איר שטימע,
ווי אַן אַרויסרוף אין דער נאַכט:
— „איר דרייט זיך אום דאַ, ווי אַ שלייען,
אַליין — אַ ניט־געטויפֿטער פּאַפּ...
איך האָב געמיינט, אַז איר מיט ראַיאַ'ן..." —
און ליוליק שטעלט זי פּלוצים אָפּ:
— „זשאַנעט, דו ביזט אַזאַ טשיקאַווע.
פֿאַרגעס אַן ראַיאַ'ן, ווי אַ מת!
די נאַכט איז דיינע — לאָמיר פּראַווען
מיט פֿרייד די ליבע, ווי אַ פֿעסט.
— איך — אַ מאָנאַך און דו — —אַ נאָנע,
מיר זענען דאָך אַ גלייכע פּאָר.
די זומער־נאַכט איז זיס, ווי האָניק —
און אַלץ מעג גיין צום שוואַרצן יאָר!" —
זי נעמט ביים אָרעם אַן אים האַסטיק
און שלעפּט אים מיט, ווי אַ טראָפּיי.
זיי לאָזן זיך — צוויי שטומע מאַסקעס —
געאָרעמט צום „שאַן־ז'עליזעי".

## 3. דער טאַנץ פון דער מלכה־שבאָ

עס שמעקט מיט דומפּיקע גערוכן
אין הייזער אויף דער „רי־ראָזעט”.
מיט טרעפּ צעהויקערטע און טוכלע
אים פירט אַרויף צו זיך ז ש אַ נ ע ט.
שליסט־אויף די טיר. אַ קוועטש דאָס קנעפּל —
און ס׳גיט אַ בלאַנק אויף גרויער וואַנט:
אַ בילד פון מאַן מיט קוצן קעפּל,
מיט גאָלד־געוועבטן אַקסלבאַנט.
עס גיבן פון „פּאַיע” אַ פינקל:
צוויי קליינע שטיבלעך — פיר אויף פיר.
אין ערשטן — איבער גאָר דעם ווינקל
אַ שוואַרצער, בייכיקער קלאַוויר.
אין צווייטן צימער פון אַ נאָנע:
אַ בעט, אַ ליכט פאַר דער איקאָנע.

זי שפּאַנט אַריין אין ערשטן חדר
מיט הייסן, זיגערישן שפּאַן,
אַ צי אַראָפּ פון זיך די קליידער —
און לאָזט אַוועק זיך אין אַ טאַנץ.
און ס׳גיט אַ בלענד אים פאַר די אויגן
איר שלאַנקער אַנטילאָפּן־גוף —
אַ שוואַרצער, אויסטערלישער פויגל,
אַ זינדיק־פלאַמעדיקער כרוב.
איר טונקל לייב — אין ראָזע שוימען
שוועבט־אום, אַ גילגול פון „ניט־דאָ“,
ווי ס׳האָט אַמאָל פאַר קיניג שלמה׳ן
געטאַנצט די שוואַרצע מלכה־שבא.

און ווי אַ פלאַמעדיקער דאָרן,
זי פאַלט אַנידער אויפן בעט —
און ס׳ציען נאַקעטע אים אָרעמס
צו זיך — אַן אויסטערלישער שד.
ווי שייטן, גליען הייסע רגע׳ס —
און הענט און לייבער ווערן לייכט.
און ס׳טוט אַ פלייץ אַריבער ברעגעס
די תאווה, ווי אַ פרילינג־טייך.
זי שמעקט מיט הורישער קאָסמעטיק
און שעפּטשעט: — „טייערער, פאַרבלייב!” —
און ל י ו ל י ק האָט זיך אָנגעזעטיקט
מיט רייכער סעודה פון איר לייב.

ער קושט די גיפּלעך פון די בריסטן,
די גלאַטע האָר — ווי ביי אַ קראָ,
און היים און וואַנזיניק ער פליסטערט:
— „ז ש אַ נ ע ט, מיין שוואַרצע מ ל כ ה - ש ב אָ!“ —
זי קושט אין וואַן די ווינקלען שאַרפע
פון זיין פאַר'עקשנ'ט מויל — און גליק
אין גרינע אויגן גליט און שרפ'עט
מיט פרייד און גרויליקייט און זיג:
— אָ, ליבער טייערער, געגאַרטער,
מיר ווילט זיך שטאַרבן דאָ פון פרייד,
צו ליבע צאַרטער, לאַנג-דערוואַרטער,
האָסטו אַ בריק מיר אויסגעשפּרייט!“ —

## 4. דער „זיגער“

פאַרנאַכט אַוועק איז פון איר דירה
גלייך אין טעאַטער דער פּאָעט,
דאָס געלט גענומען ביים קאַסירער,
צוויי בריוו געפונען פון ד'אָ ר ס ע ט.
ער קוקט אויף די קאָנווערטן ראָזע
מיט — שטעמפּלען לאָנדאָן, אַמסטערדאַם:
מיט צאַרטער שמעקן זיי מימאָזע,
מיט זיסן גרוך פון ליבע-סם.
ער עפנט-אויף דעם בריוו פון לאָנדאָן,
בלייבט שטיין פאַרגליווערט אויפן אָרט.
עס פאַלט אַרויס אַ לאָק אַ בלאָנדער
פון ר אַ י אַ'ם שמעקעוודיקע האָר:
— „געדענקסטו נאָך דיין קליינע הירשין?
ווי ווילסטו דיינע נעכט און טעג?
דריי וואָכן כ'בין אַוועק פון דיר שוין,
ווי ס'וואָלט אַן אייביקייט אַוועק.“ —
אין צווייטן: „כ'וועל אינגיכן קומען...
עס טוט פאַר אַלץ מיר, ל י ו ל י ק, באַנג...
אין האַרצן נאָגט אַ שווערער אומעט...
ווי פילסטו?... אפשר ביזטו קראַנק?...“ —
ער גיט אַ פליק די בריוו אין שטיקער
נאָך איידער ער האָט זיי דערלייענט:
— 'נישטאָ, נישטאָ מער ר אַ י אָ ב ל י ק ע ר!' —
און גיט אַ שליידער זיי אין סעין.
ער זעצט אַריין זיך אין פיאַקער.
עס טריפט אַ רעגנדל אין גאַס.
עס וואַרט ז ש אַ נ ע ט נאָך איר ספּעקטאַקל
אויף אים אין רעסטאָראַן „קאַווקאַז“.

### 5. זשאַנעט׳ס ווידוי

די נאַכט איז שטורעמדיק. עס פליוכעט.
נאָר ליכטיק ז׳אין קאַפע „קאַווקאַז״.
דער זאַל איז פול. דער עולם דוכנט
ביי טישלעך איבער גלעזער קוואַס.
פאַרבענקטע צימבלען באַלאַלאַיקעס.
ציגיינער זינגען אין אַ כאָר:
— „אין אַדלער האָט פאַרליבט זיך טשאַיקאַ״ —
און ס׳ברומען געסט צו אין אַקאָרד.
ס׳איז שפּעט. עס איז שוין איינס דער זייגער.
אויף ברוינעם קוטשער אַ בערעט,
דער דיכטער וואַרט — אינגאַנצן אויגן.
און פּלוצים — אויפן שוועל זשאַנעט.
אויף קאָפּ — אַ זילבערנע טיאַראַ,
אויף גרינעם קלייד — אַ רויטע בלום,
ווי ס׳וואָלט אַ וויי־געטאָן סאַהאַראַ
מיט הייסן, זאַמדיקן סאַמום.
זי שטרעקט אים אויס די האַנט אין זאַמשע.
ער דריקט די ליפּ צו דינער האַנט.
אין שלאַנגען־בליק, ווי גרינער ים־שוים:
אי גרויל, אי צערטלעכקייט, אי בראַנד.
עס פלאַטערט, ווי אַ שוואַרצער כישוף,
אויף בלייכן פּנים שוואַרצע ברעם.
זי זעצט זיך ביים געדעקטן טיש —
גראַנד־דאַמיש, שטאָלץ, מיט אַ פאַרנעם.
ר׳באַשטעלט ביים קעלנער „סקאָטש און סאָדאַ״,
אַ „וואָדקאַ־קאָקטעיל״ זי באַשטעלט.
אויף פולע ליפּן — זים, ווי פלאָדן,
אַ קלוגער שמייכל בליט און וועלקט.
זיי טרינקען שטיל. די רגע׳ס שווימען.
און פּלוצים — ס׳קול איר׳ס הייס, ווי זשאַר:
— „כ׳בין היינט אין זייער אַ מאָדנער שטימונג,
אַ, לאָז מיר אויסגיסן דאָס האַרץ!״ —
זי רעדט פאַרטרויערט, ווי אַן אָבל.
ער הערט — אין פלום פון אירע רייד
די טריבע יאָרן פון איר עבר,
ווי טשאַטעס פייגל, פאַלן טויט:
— „מיר האָבן אַלע אין דער יוגנט
געליבט, געליטן און געטרוימט,
נאָר ס׳האָט די וואָר געטייט די טוגנט,
ווי ס׳פרעסט אַ וואָרעם אויף דעם בוים.

אין לעבן גיין, ווי אויף דער פלאַכע,
מיר זענען גרייט געווען צופוס,
די הערצער נישט באַרירט פון פחד,
געפלאַקערט, ווי דער דאָרן־קוסט.
געיאָגט זיך, ווי פאַרשייטע רייטער —
און זע: וואָס האָבן מיר דערגרייכט?
אין אָפּגעבראָכענע הערצער־שייטערס
בלויז האַלאָוועשקעס — אַש און רויך.

— „מיין פאָטער פּ א ו ו ע ל, קניאַז ג אַ ג אַ ר י ן
האָט פון די טאָטערן געשטאַמט.
זיין זיידע מירזאַ — אַ באַיאַרין, 1)
אויף קרייץ פאַרביטן האָט איסלאַם.
געווען מיין פאָטער „פּרעדוואָדיטיעל", 2)
גע'שמ'ט זיין נאָמען אין טאַמבאָוו,
פאַרמאָגט זאַוואָדן, רייכע גיטער
און גאַנצע סטאַדעס רינד און שאָף.
די מאַמע איז מיר פרי געשטאָרבן,
אַ יונגער, בליענדיקער בוים.
געווען איז זי אַ שטומער קרבן
פון שווינדזוכט — איך געדענק זי קוים.
און איך? כ'פלעג טרוימען ביז באַגינען
צו טאַנצן אין באַלעט אַמאָל.
נאָר ס'האָט דער טרוים פון באַלערינע
זיך אויסגעטרעפעט, ווי אַ טראָלד.
איך בין געוואָקסן צווישן גיטער
אַליין — אויף אייגענעם באַראָט,
אויף אַלץ געקוקט מיט פיין און ביטול,
געבענקט נאָך ליבע און נאָך גאָט.
— „אין יאָר אין זעכצנטן פאַרפאָרן
וו ל אַ ד י מ י ר איז אויף אונדזער „גוט" —
אַן אָפיציר מיט הייסע שפּאָרן —
און אויפגעברויזט אין מיר דאָס בלוט.
אַ וואָך איז ער ביי אונדז געזעסן,
דערנאָך איז ער אין קריג אַוועק.
אַ, ניט־פאַרגעסענע מעת־לעת'ן
פון ליבע, קושן און פון שרעק!
ער איז פון אונדז אַוועק אין קריג —
און נישט געקומען מער צוריק.

---

1) רוסישער נאָבלמאַן. 2) פירער פון די נאָבללייט.

— „ווען ס'האָט דער טויט, דער בייזער שפּאַרבער,
פֿאַרצוקט מיין יונגן אָפֿיציר,
געוואָלט האָב איך פֿון ווייטיק שטאַרבן,
געוואָלט אַוועק אין מאָנאַסטיר.
נאָר דאָ איז פּלוצים אָנגעקומען
דאָס נייַנצן-זיבעצנטע יאָר —
און ס'האָט אַ פֿלייץ-געטאָן מהומה
מיט פּלינדער, גוואַלדריסן און מאָרד." —

* * *

זי שווייגט אַ ווייל. אין גרינע אויגן
זכרונות מיניען זיך מיט פּיין:
— „שוין באַלד זעקס יאָר זינט דאַן פֿאַרפֿלויגן,
און, דוכט זיך, ס'איז געשען ערשט היינט.
געדינט ביים טאַטן האָט אַ פֿורמאַן,
אַ יונג — אַ גזלן, טימאָפֿיי.
ווען אויסגעבראָכן האָט דער שטורעם,
איז ער אַוועק אין רויט-אַרמיי.

— „כ'געדענק אַ נאַכט אינמיטן ווינטער.
עס קייקלט זיך צו אונדז ווילקיר.
דעם קראַנקן טאַטן כ'שטיי און מינטער —
און הער: מע ברעכט ביי אונדז די טיר.
אין פּעלץ, אין שאָפּענעס, פֿאַרשניאָשקעט,
עס רייסט אַריין זיך טימאָפֿיי:
— 'טי, באַרין, דאַי טוואָיו מניע דאָטשקו,
כאָטשו אוטיעשיטסיאַ יאַ יעי.' — 1)

— „דער טאַטע הויבט זיך אויף פֿון בענקל.
עס טרייסלען זיך ביי אים די הענט:
— 'פֿאַרנעם פֿונדאַנען זיך, דו — בענקאַרט!
'איך זאָל דיין דוך דאָ מער נישט זען!' —
דער זשלאָב צעלאַכט זיך: — 'באַרין, טאָטשקאַ!
'דאָוואָלנאָ מיעשקאַט, פּאַראַזיט!
'טוואָיאַ אוסאַדבאַ, דאָס אי דאָטשקאַ —
'נאַם ווסיאָ, נאָם ווסיאָ פּרינאַדליעזשיט!' — 2)
דעם טאַטנ'ס אויגן, ווי שטורקאַצן.
ער גיט אַ וואָרף זיך אויפֿן זשלאָב.
דער פֿורמאַן כאַפּט אים ביי די לאַצן,
און מיט „פּריקלאַד" 3) אַ זעץ אין קאָפּ.

---

1) — 'דו פּריץ, גיב מיר דיין טאָכטער, איך וויל פֿון איר הנאָה־האָבן.' —
2) — 'האָדיע פּריץ! גענוג צו היניען, פּאַראַזיט! דיין „גוט", דיין הויז און דיין טאָכטער — אַלץ, אַלץ געהערט צו אונדז!' —
3) הענטל פֿון ביקס.

דער טאַטע פאַלט אויף דיל אַנידער,
מיט בלוט באַוואַשן דאָס געזיכט.
דער פּחד פּענטעט מיר די גלידער,
אַ סקרוך אַריבער רוקן קריכט.
איך טו אַ שפּרונג, ווי אַ פּאַנטערע,
אויף ט י מ אָ פ י י ׳ ע ן, אויפן שד.
ער הויבט מיך אויף מיט לאַפּעס שווערע
און גיט אַ וואָרף מיך אויפן בעט.
ער רייסט אַראָפּ פון מיר די קליידער
מיט בייזער און ברוטאַלער קראַפט —
אין פּיין, און ווייטיק און אין שווידער
האָט ער גערויבט מיין מיידלשאַפט.
— „ער איז פון מיר אַראָפּגעקראָכן —
און זיך צעכראָפּעט אויפן בעט.
כ׳האָב יענע נאַכט דעם ברוט דערשטאָכן
אין שלאָף מיט אייגענעם באַגנעט.
געלעגן ז׳טויט אויף גרינעם טעפּיך
מיין טאַטע אין אַ טייך פון בלוט.
און איך? מיט ווייס-פאַרשנייטע סטעפּעס
האָב איך פאַרלאָזן אונדזער „גוט״.
ז׳ריי טעג און נעכט בין איך געפאָרן
מיט פור, מיט שליטן און מיט באַן —
און ס׳האָט געאייטערט אין זכרון
די נאַכט פון גרויל און מאָרד און וואַן.
דערנאָך? אוקראַאינער שטעטל ראַשקאָוו,
פאַרפרוירן דניעסטער איז, ווי גלאָז.
אין שוואַרצן קלייד פון אַ מאַנאַשקע
האָב איך מיין פאָטערלאַנד פאַרלאָזט.״ —

* * *

זי גיט אַ טאַפּ דעם שוואַרצן צלם
אויף פּערלדיקן שוואַנען-האַלדז:
— „און ווייסטו וואָס כ׳וועל דיר דערציילן?
איך גלויב, געווען איז עס פאַטאַל.
ווען ס׳האָט מיין יונגלייב זיך געצאַפּלט,
(פאַרוואָר, איך שעם זיך נישט דערמיט!)
האָב איך אין פורמאַנ׳ס שווערע לאַפּעס
געהאַט הנאָה, גלויב, צי ניט...
און איצט, ווען ס׳צינדט אין מיר באַגערן
דער מאַן אין זיסער פּיין און ווײ
און שפּייט אַריין אין מיר די זרע —
איך שפּיר דעם פורמאַן ט י מ אָ פ י י.

— „דאָס איז מײַן גורל דער פּאַטאַלער.
ווי טײַטשט דאָרט פּרויד: — ‚„האָב ליב די קראַפט
‚אין יעדן מאַן — פון זשלאָב ברוטאַלן,
‚וואָס האָט גערויבט מײַן מײדלשאַפט.‚״ —
זי הויבט זיך אויף: — „ס׳איז צײַט אין וואַנדער.
נו, זײַ נישט ברוגז — כ׳מײַן נישט דיך.
דו ביזט אַ גוטער! דו ביזט אַנדערש!
דײַן ליבע צאַרט איז, ווי דײַן „סטיך״.״ — 1)

זיי שפּאַנען איבערן מאַנמאַרטער.
באַגינען שמעקט מיט בעז און מעד.
מיט האַנט מיט פיבערדיקער, צאַרטער
די האָר אַ שויבער גיט זשאַנעט.
דער מזרח־הימל ליגט געקוילעט
און כאָרכלט, ווי אַ שור־הבר.
און ס׳טריפט דאָס בלוט פון בלײַכן מולד
אין בלויען רינשטאָק פון קאַיאָר.
זיי שפּאַנען פּאַזע שמאָלע הײַפן,
פאַרבײַ אַ קלויסטער און אַ בריק.
און פּלוצים — ווי אַ ווילדע שריפה,
די תאווה צינדט זיך אין איר בליק.
זי שטעלט זיך אָפּ אויף בריק אין וואַן:
— „אָ, ליב מיך, ליב מיך, יוליאַן!״ ——

זי גיט אַ רים פון זיך דאָס קליידל
און ציט אַרונטער די „שעמיז״ — 2)
און ס׳טוט אַ בלענד, ווי שאַרף פון שײדל,
די רויזיקײט פון שלאַנקע פיס.
די ליפּן פליסטערן, פאַר׳שיכור׳ט
פון תאווה׳ס ברויזנדיקן ווײַן:
— „אָט דאָ, אויף אויסטערלישן בריקל,
איך וויל אַצינדער דײַנע זײַן!״ —
און אײדער ער באַווײַזט צו קומען
צו זיך — ספּאַנטאַן און אומגעריכט,
מיט זיסער פּײַן, מיט פרייד מיט שטומער
זי ציט אַרונטער אים צו זיך.
אין ווילדן, פיבערדיקן קלאַמער,
מיט צײַין פאַרשטשעמעטע פון ווײ,
עקסטאַטיש, הײזערדיק זי שטאַמלט:
— „אָ, נעם מיך, נעם מיך, טימאַפּײ!״ —

---

1) ליד. 2) אונטערקליידל.

### 6. אַ ראַנדעוואו מיט מלכה־שבֿאַ

עס יאָגן טעג זיך, ווי די רייפן,
פון קינד געטריבן באַרג־אַראָפּ.
עס לאָקט זשאַנעט מיט תּאווה טריפה'ער
זיין יונגן, קרייזלדיקן קאָפּ.
ווי ס'וואָלט אַריין אין איר אַ דיבוק:
צערייצט, באַהערשעריש, פערוועזן,
זי קאָן נישט זעטיקן די ליבע,
זי קאָן נישט שטילן דעם באַגער.
זשאַנעט איז היינט צערייצטע חיה,
און מאָרגן — צאַרט, ווי אַ גאַזעל.
און ליוליק'ס האַרץ אין תּאווה טאַיעט,
און ס'דרייט אין קאָפּ אַ קאַרוסעל.
און טיף אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין
אַ רעיון ראַיעט זיך און נאָגט:
'ס'וועט דער סך־הכּול אַ פאַרלוסט זיין,
'ווען קומען וועט דער צאָלונג־טאָג...'
נאָר ס'קומט די נאַכט — און ס'מאַנען גלידער,
און ס'זויגט זיין האַרץ די שוואַרצע קראָ —
און איבער גאַסן יאָגט ער ווידער
אויף ראַנדעוואו מיט מלכה־שבֿאַ.

### 7. שנאָה

געוועזן דער אָונט איז אַ טריבער,
דער אָונט פאַר „קאַטאָרז זשויע".[1]
זיי האָבן היינט זיך פרי פאַרקליבן
אין קליינעם, זייטיקן קאַפע.
זשאַנעט — אין טרויער־קלייד פון גאָנע
מיט שוואַרצע קרעלן אויפן האַלדז.
איר פּנים לויכט, ווי אַ איקאָנע,
אין תּפילה'דיקן ליכט־צעשטראַל.
די האָר פאַרקאַמט מיט שרונט אינמיטן
אַריבער שטערן — קאַלט, ווי שטאָל.
די נאָזלעכער — אין הייסן ציטער,
דער שניט פון ליפּן — רויט און שמאָל.
און איבער בענקנדיקע אויגן,
פאַרווירט און תּאווה'דיק און רונד,
אַ רויכל, נעפּלדיק־פאַרצויגן,
פונקט ווי אַ הייטל אויף אַ וואונד.

---

1) דער פערצנטער יולי, דער טאָג פון פרייהייט אין פראַנקרייך.

ס׳איז שפּעט. זיי האָבן אויסגעטרונקען
צוויי פלעשער שוימיקן „שאַבלי״.1)
פון הייסע אויגן שפּריצן פונקען,
די קעפּ — אין וואָלקנס, ווי ניט־הי.
אויף טישל שטייען פּוסטע בעכערם
אַ נישט־דערענדיקטער „פּאַשטעט״.2)
ער קוקט: עס זענען היבש „פּידעכעס״3)
די סאָווע־אויגן ביי ז ש אַ נ ע ט.
ס׳געזיכט, אין אָפּשיין פון גראַפינען,
מיט בלייכקייט מיניעט זיך און גרויל.
פאַרביטערט, ווייטיקדיק און ציניש,
זי שפּייט די ווערטער פון איר מויל:

— „דו ווייסט, די פרוי ז׳אַ מיאוסע חיה,
איך האָב בטבע פיינט זי, פיינט:
זי איז אָפּט גליטשיק, ווי אַ שלייען,
נאָר אָפטער — שמוציק, ווי אַ שווייַן.
ז׳איז גרייט דיך שטענדיק צו פאַרצערן,
זי איז בטבע אימאָראַל:
דערשמעקט זי קוים אַ טראָפן זרע,
איז ווערט זי ווייך־סענטימענטאַל.
כאָטש נעם און לייג זי, ווי אַ פּלאַסטער,
צו יעדער מכה און געשוויר.
אָ, ווי איך האָס די גאַנצע קאַסטע
פון גאָט׳ס פון פינצטערסטן יציר!
דאַרפסט פיל נאָך לערנען, י ו ל י אַ ן.
אין ליבע מאַכסטו ערשטע שפּאַן.״ —

די אַפּלען גליען — יאַשפּים־גרינע:
— „אָט נעם מיין חבר׳טע ד׳אָ ר ס ע ט!
זי איז אַ „פּרימאַ־באַלערינע״ —
און ליבן ליבט זי אַ פּאָעט.
אויך זי פאַרקויפט איר לייב און ליבע
פאַר רום, פאַר געלט און פאַר „סוקסעס״.
ווען נישט דער אַלטער מיסטער ס י ב ע ל,
ווי קומט זי צו „פּרעמיער דאַנסעז״? ״ —
און ל י ו ל י ק ׳ ס האַרץ — אַ פלאַקער־פייער.
ער גיט אין אָרעם זי אַ גלעט:
— „אַך, לאָמיר היינט דאָ וועגן ר אַ י אַ ׳ ן
נישט ריידן, טייערע ז ש אַ נ ע ט.״ —

1) ווייסער וויין. 2) געבעקס. 3) פאַרשניאָשקעט.

מיט ווייכער דלאָן, ווי ביי אַ שילער,
זי גיט אַ שויבער זיינע האָר:
„אַך, ווי דו רויטלסט זיך, מאָי מילי,
ביזט אַלץ פאַרליבט אין איר, פאַרוואָר!״ —
זי גיט אַ צי מיט ברוינעם אַקסל:
— „וואָס האָסט אין איר דערזען אַזוינס?
נאָר ליבע, זאָגט מען, ז׳אַ געשמאַק־זאַך:
פאַר ווען — מעד, פאַר ווען — כריין!״ —
און ליוליק׳ס פּנים קרימט אַ שמייכל:
— „איך האָב געבעטן דיך, זשאַנעט,
דו ביזט אַ פרוי מיט גראָדן שכל —
וואָס דאַרפסטו ריידן אויף ד׳אָרסעט?״ —
זי גיט אַ וואָרף זיך, ווי אַ פישל,
וואָס וויל אַרויסשפּרינגען פון נעץ.
אין גרינע אויגן שלאַנגיש צישן
די אַפּלען — רשעות׳דיקע קעץ.
— „די ליבע מיט פאַרמאַכטע אויגן
שפּאַנט־אום, באַטריגעריש און בלינד.
אַ צוויג איז ראַיאַ צווישן צוויגן —
און דו ביזט ערלעך, ווי אַ קינד.
ביזט אַלץ פאַרגלויבט נאָך אין ד׳אָרסעט׳ן...
מיין גאָט, ווי דו ביזט פּרימיטיוו!
דו ביזט אַ מאָדים אויף סאָנעטן,
אין ליבע ביזטו צו־נאַאיוו!״ —

* * *

זי קוקט אויף אים מיט בליק פון זיגער:
— „אַנטשולדיק, זיסער יוליאַן,
ווען ס׳קומט צו ליסטיקער אינטריגע,
ביזטו אַן אמת׳ער פּראָפאַן.
צי ווייסטו נישט, אַז ראַיאַ נאַרט דיך,
אַז מיסטער סיבעל ניצט דיך אוים —
אין שפּיל, אין פינצטערער, אַזאַרטער
ביזטו פאַר זיי — געווינער־טויז?״ —
זי גיט אַ שמוצער מיט די ליפּן,
אַ לעק דעם גומען מיט דער צונג:
— „דו ווייסט, סאָקראַטעס׳עם קסאַנטיפּע
איז קעגן איר געווען אַ הונט.
זי האָט דעם סיבל׳ען, ווי מיט קלעשטשעס,
אַריינגענומען אין די הענט —
און ער? ער פילט נישט, ווי עס טרעשטשעט
זיין לייב־און־לעבן אין איר פּענט.

— „און רייך איז ער, ווי אייער קורח,
מע זאָגט — אַ וואָרער מיליאָנער —
און האָבן האָט ער נישט קיין יורש,
ר'האָט בלויז אַן אַלטע ווייב, ווי ער.
נאָר ס י ב ע ל האָט זיין ווייב פאַרגעסן
פאַר ר א י אַ ' ס „ניעזשנאַיאַ ליובאָוו". 1)
דאָ הייסט עס, י ו ל י אַ ן, מעטרעסע,
מע רופט עס ש ל י ו כ אַ 2) אין טאַמבאָוו.
נאָר ר א י אַ האָט צו־ציעפּקע פינגער,
איר אַפּעטיט איז פון אַ שוויין:
איז כאָטש זי קאָסט געגוג אים „קלינגערס",
זי וויל זיין יורש'טע נאָך זיין..." —

זי שמייכלט, איינגעהילט אין רויכן,
און גיט אין שטערן זיך אַ רייב:
— „נאָר ר א י אַ קאָן עס נישט דערגרייכן —
פאַראַן אַ לעבעדיקע ווייב!
דערצו איז דאָ אַ גוטע עצה:
פון ווייב אַרויסקריגן אַ גט.
נאָר ס'וויל דאָס ווייב זיינס מיטן אוצר
נישט שיידן זיך — אַזאַ מין „ווערד"... 3)
איר אַדוואָקאַט, אַ מיסטער ב ר י י ע ן
ז'אַליין געקומען קיין פּאַריז —
און דאָ דערוואוסט זיך וועגן ר א י אַ ' ן,
אַז ס י ב ע ל ליגט ביי אירע פיס.
דערזען דעם בראָך, קיין אַנדער ברירה
האָט ס י ב ע ל מער שוין נישט געהאַט:
האָט אָנגעשטעלט דער בעל־עבירה
אַ גרויסן היגן אַדוואָקאַט.

— „האָט צווישן זיי — אויף טויט און לעבן
זיך אָנגעהויבן אַ געוועט.
געוועזן איז ס י ב ע ל גרייט צו געבן
זיין ווייב אַן אוצר פאַר אַ גט.
האָט איר גע'עצה'ט מיסטער ב ר י י ע ן
נישט נעמען ווייניקער, ווי אַ ל ץ:
אויב ס י ב ע ל ליבט זיך דאָ מיט ר א י אַ ' ן,
קאָן קריגן ס'ווייב די גאַנצע שמאַלץ..." —

---

1) צאַרטע ליבע. 2) אויסגעלאַסענע פרוי. 3) גייציקער מענטש.

זי גיט אַ זופּ די שוואַרצע קאַווע
און רוקט צו ל י ו ל י ק ׳ ן זיך נאָנט:
— „און דאָ האָסטו זיך, בראַט, פּאַיאַווועט
אויף ר אַ י אַ ׳ ס גרויען האָריזאָנט.
ס׳האָט ס י ב ע ל דאָ באַקומען שאַנסן
דיך אויסצונוצן פאַר זיין צוועק.
האָט ער באַרעכנט: דיין ראָמאַנסל
מיט איר איז ממש אַ פאַרמעג.
געווען צו דיר ר׳איז ווייך, ווי פּוטער,
געלאָזט דיך שלאָפן מיט זיין „בעלל״,
ער האָט ביי דיר דאָך פאַר אַ פּרוטה
אַ ביבלישן באַלעט באַשטעלט.
ביז ר׳האָט אַ בילד אַרויסגעקראָגן
פון דיר מיט ר אַ י אַ ׳ ן — „טעט-אַ-טעט״.
און ס׳האָט געזיגט דער אַלטער אָגער
און אָפּגעכוימעלט דעם פּאָעט.
דאָס בילד גענוצט אין די געריכטן:
באַוויזן האָט עס שוואַרץ-אויף-ווייס,
אַז ר אַ י אַ ליבט זיך מיט איר דיכטער
און איז צו ס י ב ל ׳ ע ן קאַלט, ווי אייז.
און ס י ב ע ל האָט אַ גט געוואונען...
אַז ס׳האָט דערפון דאָס ווייב דערהערט,
האָט זי אַן אויסוועג גלייך געפונען:
דערשאָסן זיך מיט רעוואָלווער...״ —
איר פּנים — שטייניק, ווי אַ מאַסקע:
— אַ, ס׳איז דער ס י ב ע ל אַ סטראַטעג!
איצט דאַרף ער שוין נישט מער דיין לאַסקע,
איצט שטייסטו, ברודער, אים אין וועג...״ —

אין ל י ו ל י ק ׳ ס מוח, ווי אַ שנאָבל,
אַ ווייטער רעיון גיט אַ פּיק:
׳די נאַכט אין ר אַ י אַ ׳ ס גאַרדעראָבע...
׳דער בליץ... פון קאַמערא דער טליק...
׳איך קאָן, איך קאָן, איך קאָן נישט גלויבן:
׳צו-גרוים דער בראָך, צו-טיף דער ווי...׳ —
ער טוט מיט האַסט דעם טשוב אַ שויבער:
— „דו לאַיגסט, ז ש אַ נ ע ט, מיר וועגן זיי! ״ —
און ביי ז ש אַ נ ע ט ׳ ן נעמען זידן
די אַפּלען, ווי צעגליטער בליי:
— „איך לאַיג? און איר, פאַרפלוכטע יידן,
איר בלייבט זיך אומעטום געטריי.

— „כ׳געדענק, ווען ס׳איז געשטאַנען ב י י ל י ס
פאַר דעם „סודיעבני טריבונאַל״.1)
ווי ס׳האָט דאַן אויפגעהויבן קולות
דער גאַנצער יידישער „קאַהאַל״.2)
דערציילט האָט אונדז אין הויף אַ דינער:
׳עס האָבן יידן פיינט דעם צאַר —
׳איז רוסלאַנד אין אַ פּאַלעסטינע
׳פאַרוואַנדלען ווילן זיי דערפאַר.׳
כ׳האָב נישט געגלויבט אין בייקעס יענע,
ביז כ׳האָב זיך איבערצייגט אַליין:
וואָס ס׳האָט מיט אונדז צעטאָן דאָרט לעניין
און טראָצקי — ל י י ב ע ל ע ב ר אָ נ ש ט י י ן!
איך האָס, איך האָס, איך האָס די זשידעס,
זיי האָבן אונדזער לאַנד פאַרקויפט!
זיי זענען אַלע בייזע גנידעס,
איך וואָלט פאַרדרייט זיי אין אַ שרויף!״ —

ער הויבט זיך אויף: — „דו שימפּסט און לעסטערסט
דעם יידן ל י י ב ע ל ע ב ר אָ נ ש ט י י ן, —
צי ווייסטו נישט, צי גאָר פאַרגעסטו:
געווען אַ „רויטער״ כ׳בין אַליין!״ —
זי קאָן אַ ווייל עס נישט פאַרדייען.
און פּלוצים צינדט זיך אָן איר בליק:
— „אַך, דו ביזט איינס מיט ט י מ אָ פ י י׳ ע ן,
דו — מיאוסער „זשיד״ און באָלשעוויק!
דו האָסט פאַרפלעקט מיין לייב און יחוס,
דו ביזט אויף טראָצקי׳ס דאָ שליחות.״ —

ער קוקט מיט איבל און מיט צאָרן:
— „יעווגעניאַ, האַלט די צונג אין צוים!״ —
ער נעמט זי האַסטיק אָן ביים אָרעם:
— „קום, כ׳וועל דיך אָפּפירן אַהיים!״ —
זי גיט אַ שפּיי אים אָן אין פּנים —
און נעמט זיך ברעכן דאָס געפעס:
— „פון באָלשעוויסטישע שפּיאָנען
מע דאַרף דאָ אויסראָטן די נעסט!״ —
עס ווערט אַ טומל, אַ גערודער...
אין שלייפן קלאַפּט אַ באַראַבאַן.
ער צאָלט דעם קעלנער פאַר „פּאַסודע״ — 3)
און לויפט אַרויס פון רעסטאָראַן.

---

1) געריכט. 2) קהל. 3) צעבראָכענע געשיר.

## ו. די צווייטע פידל

### 1. נישט־דערוואַרטע פרייד

דעם וועג אַהיים איז ער געלאָפן,
ווי פון אַ לעמפערט לויפט אַ שעפּס.
אין מוח האַמערט: שלאָפן! שלאָפן!
ער יאָגט אַרויף זיך אויף די טרעפּ.
ווי אַ באַפרייטער פון דער תּפיסה,
ער גנבֿ'עט שטיל זיך אין דעליר —
און מיט זיין ציטערדיקן שליסל
ער עפנט־אויף די שמאָלע טיר.
אין צימער ז'שטיל, נאָר עמיץ אָטעמט.
ר'בלייבט שטיין פאַרווירט, אין הינערפלעט.
ער זעט: דורך לאָדנס ליכט און שאָטנס
זיין ראַיאַ'ן ליגן אויף קושעט.

אין געלן שלאָפראָק איינגעניורעט,
זי שלאָפט אין קליידער, אין די שיך —
און ס'מיניעט זיך אין ליכט פון אור־רו
די שלווה־שיין אויף איר געזיכט.
ער שטייט אַ וויל. דאָס האַרץ זיך טריפעט
אין שטוין אין פּחד, ווי אַ שאָף —
און מיט אַ קוש אויף ווייכע ליפּן
ער וועקט זי אויף פון טיפן שלאָף.
מיט אויגן הייסע, צער'פולע
זי פיעטשעט זיך, פאַרווירט און צאַרט:
—„אַ, ליבער ליולינקאַ, מיין ליוליק,
איך האָב אויף דיר זיך קוים דערוואַרט!"—

זי גיט אַ שויבער לאָקן בלאָנדע,
און ס'קלינגט איר קול, ווי פּושקינ'ס פּערז:
— „כ'בין אָנגעקומען היינט פון לאָנדאָן —
און בין געלאָפן גלייך אַהער!"—
ער גיט זיך צו איר באַק אַ טוליע —
און ווערטער פליסן אין דעליר:
— „פאַרגיב מיר, ראַיאַ, ס'האָט דיין ליוליק
זיך שטאַרק פאַרזינדיקט קעגן דיר!"—
און אַלע טענות און פאַראיבלען
און גאָר די פּיין און ווייי און גאַל
צעשמעלצן זיך אין פלאַם פון ליבע —
און ער צעוויינט זיך אויף איר האַלדז.

זי צאַפּלט זיך אין זיינע אָרעמס —
אַ קליינע, ציטערדיקע שוואַלב.
איר לוסט — אַ הירש מיט רויטן האָרן —
קאָן דורשט ניִשט שטילן ביי זיין קוואַל.
עס קאָן די אומליבע נישט נאַרן
די פרוי אין הייסן ליבע-וואָן,
ווען זי דערשפּירט אין שטומקייט שטאַרער
די צ׳ריקגעהאַלטנקייט פון מאַן.
זי ליגט, צעפּיבערט און פאַרטאַיעט.
און פּלוצים — ווי פון שלאַנגנביס,
פון זיינע אָרעמס, ווי אַ חיה,
זי גיט זיך אייפערדיק אַ ריס.

די בלויע אַפּלען פּלעמלען, פלעמלען,
די ווערטער שוימען אויף איר ליפּ:
— „אָ, זאָג מיר, זאָג דעם גאַנצן אמת —
דו האָסט מיך, ל י ו ל י ק, מער נישט ליב?” —
זיי שווייגן לאַנג אין זיסן פּיבער.
און פּלוצים הערט ער, ווי פאַרווירט:
— „פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געשריבן?
איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר.
געמיינט, דו האָסט פאַריז פאַרלאָזן
און ביזט אַוועק שוין קיין נויאָרק.
דערצייל, ווי האָט געלעבט דער גזיר?
כ׳האָב וועגן דיר אַזוי געזאָרגט!” —

ער שווייגט. דאָס מויל אויף זיבן שלעסער.
דאָס האַרץ — אַ שטומע גליבע אייז.
— „אַך, יאָ, מיין ליבער, שיער פאַרגעסן:
איך האָב פאַר דיר דאָ גוטע נייס.
ס׳האָט ס י ב ע ל נישט געשפּאָרט קיין קאָסטן
און אויסגעפונען דורך „האַיאַס”:
דיין פאָטער וואוינט אַ צינד אין באָסטאָן,
אויף דריי-און-צוואַנציק מילפאָרד גאַס.” —
ער ציטערט-אויף מיט אַלע גלידער.
אין מוח קאַרקעט, ווי אַ קראָ:
— ׳דערציילן איר פון מיין ירידה —
׳און וועגן בונד מיט „מלכה-שבא”?׳ —
און ל י ו ל י ק שלאָגט זיך מיט דער דעה:
׳פאַרשווייגן אַלץ וועגן ז ש אַ נ ע ט?
׳צי באַלד אַראָפּרייסן דעם שלייער —
׳אַ פרעג-טאָן וועגן ס י ב ע ל׳ס גט?׳ —

זי גיט אַ צי מיט צאַרטע הענט אים
צו זיך אין אייפערדיקער לוסט,
נאָר ס'איז זיין האַרץ אין קלעם געפּענטעט —
און ס'ווערט אין מוח פּוסט אים, פּוסט.
זי קוקט אויף אים מיט פּיין און שווידער:
דאָס פּנים — בלייך, די אויגן — רויט.
ווי טראָפּנס בלוט — פון דער עקדה,
פון האַרצן טריפן אירע רייד.

און ס'קלינגט, ווי שרפּ'ישע געזאַנגען,
איר קול אין אויפבראָך פון באַגין:
— „אָ, ל י ו ל י ק, ל י ו ל י ק, איך בין שוואַנגער,
איך וועל געבוירן דיר אַ קינד.
דאָס קינד איז דיינס. איך ווייס אַנטשידן...
געדענקסט די נאַכט פון פרייד און פּיין,
ווען האָסט געלייענט אין קלוב די לידער...
נאָר ס י ב ע ל מיינט, דאָס קינד איז זיינס..." —
אין אָפּלען — פייערדיקע בליצן
— „ער ווייסט, אַז איך בין איצט ביי דיר.
ער וויל מיך אָפּפירן קיין נ י צ ע —
און דאַרטן הייראַטן מיט מיר." —

עס גליט דער שניט אויף ליפּן קרומע:
— „זאָג, זאָל איך הייראַטן מיט אים?
דאָס בין איך איצט צו דיר געקומען:
דו ביזט אַ קלוגער — דו באַשטים!" —
ער זיצט פאַרגליווערט, ווי אַ גליבע.
אין האַרצן שייטערט פרייד און פּיין:
— 'ווי קאָן זי הייראַטן מיט ס י ב ל ' ע ן,
'ווען ס'קינד איז מיין, דאָס קינד איז מ י י ן?' —
אין אויגן בליצן רעדער פייער.
עס קלינגט זיין קול פאַרדומפּן, שטיל:
— „אָ, זאָג דעם וואָרן אמת, ר אַ י אַ,
האָט ס י ב ע ל דאָן באַשטעלט דאָס בילד?

— „פאַרוואָס באַהאַלטן האָסט דעם אמת?
וואָלסט פּיין פאַרשפּאָרט געוועזן און צייט:
ווען גיסט מיר, ר אַ י אַ, בלויז אַ רמז,
כ'וואָלט דיך שוין לאַנג געוועזן באַפרייט." —
און ר אַ י אַ גיט פון כעס אַ שיפּע:
— „נישט אַנדערש, נאָר ז ש אַ נ ע ט האָט דיר
דאָס גאַנצע שמועץ דערציילט, די קליפּה —
און דו? דו גלויבסט נישט מ י ר, נאָר א י ר...

— „ווער ס'האָט דערציילט מיר, איז נישט וויכטיק, —
ער גיט אַ שויבער מיט די האָר:
— „נאָר וויכטיק איז, צי די געשיכטע
איז שקר, צי די וואָרע וואָר?" —
— „ווען ס'וואָלט געלאָקט מיך זיין פּאַרמעגן, —
זי רעדט מיט טרערן אין איר שטים:
— „וואָלט איך צו דיר געקומען פרעגן,
צי זאָל איך הייראַטן מיט אים?" —
אין אויגן צינדט זיך חיה-רעה:
— „דערצייל דעם אמת, מיין פּאָעט,
עס זעט מיר אוים: געווען ביזט נאָענט
מיט דער פאַרשאָלטענער ז ש אַ נ ע ט." —
2. אַ פּ אַ ט ש
דעם קאָפּ באַגראָבן אין די דלאָניעס,
אין קול — פּאַרצווייפל און געבעט,
אין וויסטער, פינצטערער אַגאָניע
דערציילט איר ל י ו ל י ק פון ז ש אַ נ ע ט.
אין ר אַ י אַ 'ס אויגן — הייסע, שמאָלע,
צעגליט זיך שאַרפע שווערד פון האַס.
אויף רונדן קין, ווי ביי אַ קראָליק,
אַן אָדער ציטערט — בלוי און בלאַס:
— „כ'האָב ווייניק פרייד געהאַט אין לעבן,
בלויז פליכט און וואַנדער איבער שטעט.
איך וואָלט דיר אַלץ געקאָנט פאַרגעבן,
נאָר נישט דיין בונד מיט דער ז ש אַ נ ע ט." —
זי הויבט זיך אויף. איר הייסע דלאָניע
אַ פּאַטש פאַר'חתמ'עט אויף זיין באַק.
ער גיט אַ כאַפּ זיך אָן ביים פּנים —
און בלייבט פאַרגליווערט, ווי אַ פּניאַק.
זי שפּאַנט אַרויס. אין אויגן — שטורעם.
ס'געזיכט — ווי וואַקס: אי געל, אי דין.
דער הויכער שפּיץ פון אייפל-טורעם
וואַרפט העלע פּאַסן אין באַגין.
ער בלייבט אַליין. זיין האַרץ — אין צאַפּל:
— 'ביזט ווערט, ביזט ווערט די האַרבע שטראָף!' —
ער פאַלט אַוועק אויף דער קאַנאַפּע —
און זינקנדיק אין שווערן שלאָף,
ער ווייסט, ר'וועט ס'גאַנצע לעבן טראָגן
אין האַרץ — אַ גליאיקן סטילעט:
דעם פּאַטש פון ר אַ י אַ 'ן אין פאַרטאָג — און
דעם שפּיי אין פּנים פון ז ש אַ נ ע ט.

### 3. אַ זומער־נאָכמיטאָג

ער וואַנדערט איבער שטאָט אַ מידער
און פילט פאַראייניזאַמט און פאַרלאָזט:
אין מוח פוילן רייפע לידער,
אין הארצן — וויטיק און פאַרדראָס.
און פלוצים — פון אַ הויף אַ שמאָלן
באַווייזן יידן זיך מיט בערד:
אויף פנים'ער — דער גאַנצער גלות
ליגט אויסגעשפרייט, פאַראומערט, שווער.
זיי שפּאַנען מידע איבער גאַס —
און טראָגן ווייסע קנעפּ „האַיאַס".

און ס'טוען ראַיאַ'ס רייד אַ פּלאַטער:
'ר'האָט אויסגעפונען דורך „האַיאַס" —
'אין באָסטאָן וואוינט אַצינד דיין טאַטע,
'אויף דריי־און־צוואַנציק מילפאָרד גאַס.' —
אין נייער האָפענונג צעבליטער
אין מוח בליצט: — 'אַ וואָרער נס!' —
און פאַר די אויגן גיט אַ ציטער
אַ שילד „אַמעריקען עקספּרעס".
עס פליייצט, ווי לאַווע פון אַ קראַטער,
אין הארצן — זמר'דיקער זונג.
ער שיקט אַוועק אַ בריוו צום טאַטן:
— „שלום! ס'שרייבט ליוליק דיר, דיין זון.
איך הונגער איצט אויפן מאַנמאַרטער.
דריי יאָר, ווי כ'האָב פאַרלאָזט אַדעס.
איך בעט, שיק געלט מיר אויף שיפסקאַרטע
דורך דעם 'אַמעריקען עקספּרעס'." —

### 4. אַ בריוו פון ראַיאַ'ן

ווען ליוליק איז פון גאַס געקומען
צו זיך אין צימער מיטן „ליפּט",
האָט ער דערזען, עס שטעקט אין „נומער"
פון ברוינער טיר — אַ בלויער בריוו.
ער לייענט, פאַרגליווערט, ווי אַ גליבע,
אין שקיעה'ס צאַנקנדיקער שיין:

— „איך בעט דיך, ליוליק, מיר פאַרגיבן —
איך האָב געהאַנדלט, ווי אַ שווין!
איך וויל, זאלסט, ליבער, גוט באַנעמען
מיין בריוו — מיין פינצטערן על־חטא:
אלץ, וואָס דערציילט האָט דיר זשאַנעט.
ס'איז, ליידער, ליידער, ליידער, אמת

— „ס'האָט „אונדזער בילד" געהאָלפן ס י ב ל י ע ן
אַ גט אַרויסקריגן פון ווייב.
ווען איך דערמאָן זיך, נעמט מיך איבלען —
אַ, גלויב, ס'איז נישט קיין איבערטרייב!
און איצט, אַז ווייסט דעם אמת, ל י ו ל י ק,
און ס'איז געיחתמעט שוין דער גזר, —
נאָך נעכט, נאָך פינצטערע און דולע
לאָז מיך אַראָפּריידן פון הארץ:
איך האָב געפּאַלמעסט אונדזער ליבע
פון יענער נאַכט אויף לאַנזשעראָן —
און ס'דוכט זיך מיר, ס'איז פאַלש דע חיבור,
ווייל פאַלש איז אַלץ פון אָנהויב־אָן.

— „ס'איז אמת, ל י ו ל י ק, ס'האָט דיין ליבע
פאַרוועבט מיך אין אַ כישוף־קרייז,
האָב איך דערפאַר דיר יאָרן זיבן
געצאָלט אַ הויכן, הויכן פּרייז.
נאָר שטענדיק פון מיין ליבע בילכע
געווען זיפאַר דיר דיין שאַפונג־פרייד, —
האָסטו אין די קאַנאָנען־הילכן
געפונען, ל י ו ל י ק, דיין באַשייד.
דריי יאָר ביזטו פון מי״ אַנטרונען,
ווי אויף אַנאַנדערער פּלאַנעט.
און איך? איך האָב מיין „גליק" געפונען
אין ס י ב ע ל י ס ליבע און באַלעט.
איך וואָלט געווען מיט אים געהייראַט.
(דו ווייסט, ער ליגט ביי מיינע פיס!)
און ס'וואָלט געשיינט מיין העלער גורל:
„פּרעמיער דאַנסעז" פון „באַלעי ריסי".
און דאָ ביזטו געקומען, ל י ו ל י ק —
און ס'האָט דער עבר מיך פאַרפּלייצט:
מיט נעכט, מיט שיכורע און דולע,
מיט ערשטער ליבעס יוגנט־רייץ.

— „באַטראַכט עס גוט: איך בין ד י י ן מוזע,
כ'בין גוט פאַר דיר... כ'בין שלעכט פאַר ד י ר...
כ'בין ד י י ן אילוזיע און דעלוזיע..
בלויז דו און ד ו — ווי אין דעליר...
און וואו בין א י ך און מ י י נ ע ליידן?
עס פעלט אין חשבון מ י י ן געביין...
אַ לעבן דאַרף מען בויען פאַר ב י י ד ן —
און נישט פאַר דיר בלויז, ד י ר א ל י י ן...

— „צום טורעם־שפּיץ פון דיינע לידער
איך קאָן קיין טרעפ נישט זיין, פאַרוואָר...
איך וויל נישט שפּילן צווייטע פידל,
כאָטש דו אַליין ביזט דיריזשאָר.
ניין, ליוליק טייערער, געכאַוועט
האָב איך פון לאַנג אַנאַנדער טרוים:
אין ים פון רייכקייט און פון כבוד —
די כוואַליע זיין און נישט די שוים.
איך האָב דעם טעם שוין פון עשירות,
פון רום און פון קאָמפאָרט פאַרזוכט.
וואָס מיינט פאַר מיר איצט טעם פון שירה.
די ציטער־פרייד פון נייעם בוך?
וואָס קאָן אַ דאָן־קיכאָט מיר גיבן
אנשטאָט דער שיין פון „לימוזין״
אַ לויטל סענטימענט און ליבע,
אַ בעטלער־זאַק, באַפלעקט מיט טינט?

— „איך זאָג דיר דאָ דעם וואָרן אמת
מיט ווייַ, פאַרלוירנקייט און פּיין.
איך בין געשטאַנען פאַר דילעמע:
וואָס זאָל מיין לעצטער אויסוואַל זיין?
צי זאָל איך נאָכגעבן דער ליבע —
וועט סילבערן לויכטן, ווי אַ קרוין,
צי זאָל איך הייראַטן מיט סיבליען —
און ס׳האַרץ וועט זינקען, ווי אַ שטיין.
און ס׳האָט מיין האַרץ זיך אויסגעניכטערט
פון ליבע שיכוריער, ווי וויין.
האָב איך באַשלאָסן: נישט דעם דיכטעריס,
כיוועל בעסער ווייב פון „שיבערי״ זיין.

— איז האָב נישט, ליוליק, קיין פאַראַיבל —
עס האָט די ניכטערקייט געזיגט:
— ידערגרייכטע ליבע זינישט קיין ליבע,
ידערגרייכבאַר גליק איז נישט קיין גליק!! —
עס וועט די ליבע דיך פאַרשקלאָפן.
אויף פליגלען אָנטאָן דיר אַ שטיין:
צום ליכט פון אויסגעטרוימטן האָפן
אַ דיכטער שטענדיק גייט אַליין.
עס וועלן מערן זיך פאַרדראָסן:
ווען וועסט די לידער פון פּאַרנאַס
פאַרבייטן דאַרפן אויף פּרנסה,
וועט פון דער ליבע ווערן האַס.

— „די וואָר וועט אַנטאָן שנאה־ציימל
אויף אונדזער ליבע, אונדזער גליק,
אויף טרוים, וואָס חלומט זיך בלויז איינמאָל,
און קערט זיך קיינמאָל נישט צוריק.
דו וועסט זיך רייסן, ווי אין פיבער,
נאָר זיין וועט, ל י ו ל י ק , שפּעט, צו־שפּעט!
איז בעסער אויסוואָרצלען די ליבע —
און פריי וועט, פריי זיין דער פּאָעט.
עס וואָלט אַ דריי־פּיר יאָר פאַראיבער —
און אויסגעשעפּט וואָלט זיך דער טרוים,
און אָפּגעוועלקט וואָלט אונדזער ליבע,
ווי בלעטער האַרבסטיקע אויף בוים.

— „כיוועל מיט דער צייט דיר נמאס ווערן,
אַזוי פּאַסירט עס — סע לאַ וויִ')
און סיוועט די שיין פון פרילינג־שטערן
פאַרבייטן שיין פון קאָנפעטי.
איך פאָר מיט ס י ב ל י ע ן אָפּ קיין ניצע,
כיוועל דאָרטן היידאָטן מיט אים.
ע' וועט מיר היטן און באַשיצן
פון קרומען וועג, פון פאַלשן שווים.
איך לאָז אין באַנק דיר געלט דאָ איבער,
זאָלסט קאָנען פאָרן קיין נויאָרק.
אַדיע, מיין טרוים, מיין יוגנט־ליבע,
וואָס כיוויל: זי זאָל נישט ווערן וו אָ ר.

— „דו וועסט דערשלאָגן זיך צום טאַטן.
איך ווייס נישט, וואָס סידערוואַרט דיך דאָרט,
נאָר כיגלויב אין אויסטערלישן פּאַטום —
אַז סיאיז דיין וועג דיר גראָד און קלאָר.
אין האַרצן — חלום פון גאולה,
אויף ליפּן — זיסער טעם פון ליד,
איך ווייס, סיוועט אָנקומען מיין ל י ו ל י ק —
און גרייכן שפּיץ פון פּיראַמיד.
און וואָס מיט דיר זאָל נישט געשען דאָרט,
אין לאַנד אין נייעם, מיין פּאָעט, —
זאָל בלייבן דיר, ווי אַ לעגענדע,
דער נאָמען ר אַ י אָ ט ש ק אַ ד י אָ ר ס ע ט.
און וואָס דער גורל זאָל מיר גרייטן:
אַ דימענט־קרוין, צי גרויטע שטיין —
צום העכסטן שפּיץ פון לעבנס לייטער
אויף איך דערגרייכן וויל אַ ל י י ן.

— „עס האָט דאָס לעבן גרוי פאַרנעבלט
די ליבע אונדזערע, פאַרוואָר!
איז וויל איך בלייבן אין דיין לעבן:
דיין שיינער חלום, נישט די וואָר.
ווען וועסט אַן ראַיאָן זיך דערמאָנען
אויף לעבנס העכסטן שפּיץ פון באַרג,
זאָל דאָרטן לויכטן דיר מיין פּנים —
אַ יום־טוב ליכט אין דיכטעריס האַרץ.״ —

## 5. ליוליק׳ס ענטפער

אין גרויען רוים דער ווינט — דער פּאָסטעך
מיט רוט די וואָלקן־סטאַדעס טרייבט.
אין שטילן צימער ליוליק האָסטיק
אויף ראַיאָ׳ס בריוו אַן ענטפער שרייבט:

— „כיהאָב אויך געפּאַלמעסט אונדזער ליבע —
פון לאָנזשעראָ און ביז פּאַריז.
דו ביזט גערעכט: ס׳איז פאַלש דער חיבור —
און דער סך־הכול וויסט איז, וויסט.
איך האָב מיט ליכטיקער אמונה,
ווי אין אַ גאָט, געגלויבט אין דיר.
ביז כיהאָב דעם אמת אויסגעפונען —
און סיהאָט דער חלום באַנקראָטירט.
— „דו האָסט צום געץ פון רום, עשירות
אין שטומער קנעכטשאַפט זיך געבוקט—
און האָסט פאַרשטאָפּט מיין קוואַל פון שירה
מיט פּיין און שקרים און באַטרוג.
מיט אונדזער בילד געהאָלפן סיבליען
זיך גטין... איז דאָס דיין מאָראַל?
דו האָסט פאַרראַטן אונדזער ליבע,
פאַרקויפט צום שד אין כף־הקלע.
און ווען עס האָבן די באַווייזן
דעם שווינדל דיינעם אויפגעדעקט,
האָסט זיך צעקוויטשעט, ווי אַ מייזל,
וואָס מיהאָט פאַרקלעמט עס ביי דעם עק.
— „דו האָסט געוואָגט ביי מיר אין חדר
אַ פּאַטש פאַריחתמיען אויף מיין באַק —
און איצט אין בריוו דו ביזט זיך מודה,
אַז אַלץ איז אמת, אַלץ איז פאַקט.
כיגדענק: ווי שרפּישע געזאַנגען
מיט פרייד געקלונגען האָט דיין שטים,
אַז האָסט פון מיר, פון מיר פאַרשוואַנגערט,
איצט קלייבסט זיך הייראַטן מיט אים...

— „זשאַנעט, דעם גייסטיק־מיאוסן הויקער,
באַצייכנט האָסט, ווי אַלדאָס־בייז, —
ווי זאָל איך אָנרופן, צדיקת,
די מיאוסקייט, וואָס דו באַגייסט?
נו, גוט! נאָר זיין דיין שטראָף וועט ביטער,
די טעג און נעכט — ווי וויטריאָל,
ווייל האָסט מיין ליבע אויסגעביטן
אויף שטויבן־פליטערלעך פון גאָלד.
און וועגן מיר דו דאַרפסט נישט זאָרגן:
איך האָב אמונה, אַז עס שיינט,
ווי זיבן זונען, מיר דער מאָרגן,
כאָטש גרוי און פינצטער איז דער היינט.
כיהאָב זיך געיאָגט אַן ציל, אַן סיבה
אויף וועלטיס אויף הויקערדיקן שליאַך,
צוויי הונדערט לידער אָנגעשריבן
אויף פרעמדער, זינגעוודיקער שפּראַך.

— „איצט זע איך: אַלע מיינע לידער
אויף נכר־שפּראַך זענען באַנקראָט,
ווייל כידאַוון פון אַ פרעמדן סידור
און בוק זיך צו אַ פרעמדן גאָט.
און איצט געוואָרן קלאָר און פשוט
איז מיר, דעם אָפּגעפרעמדטן ייִד,
אַז בלויז אויף אייגענעם אויף לשון
אַ דיכטער שאַפן קאָן זיין ליד.
איך שפּיר אין זיך איצט נייע כוחות,
ווי סיהאָט אין אַטען — אַרכימעד:
נאָך יאָרן וואַנדערונג און שטרויכל
כיוויל זיין אַ יידישער פּאָעט.

— „איך האָב געזען דאָ אויף מאָנמאַרטער
די קרוין פון רוסישער „עליט“:
זיי זענען צווייגן אָפּגעדאַרטע —
און אַלע האָבן פיינט דעם ייִד.
ס'איז עפּעס, ראַיאַ, דאָ מכולה...
געווען מיין פעטער איז גערעכט:
מע קאָן נישט טרוימען פון גאולה,
ווען ס'איז דיין אייגן פאָלק פאַרקנעכט.
ס'קאָן זיין דער שטרייט וועט מיך פאַרניכטן,
ווייל שווער וועט זיין דער שפּראַכן־צאָם,
נאָר כיגלויב, אַז זיגן וועט דער דיכטער,
וואָס האָט דערשפּירט דעם רוף פון שטאַם.“ —

## ז. די האַנט פון גורל

### 1. אַ בריוו פון טאַטן

אויף דריטער וואָך איז אָנגעקומען
אַ בריוו — אַ ליכטיקער באַשער.
בלייבט ליוליק שטיין אַ ווייל צעטומלט —
און גיט אַ רייס־אויף דעם קאָנווערט:

— „מיין ליוליק, קודם נאַ־דיר שלום.
דאַנק גאָט, ביזט מער נישט אין אַדעס.
איך שיק דיר דאָ פינף הונדערט דאָלאַר
דורך דעם „אַמעריקען עקספּרעס״.
איך האָף, מיין זון, וועסט ענדלעך איינזען,
אַז ס׳האָט דיך לענין אָפּגענאַרט —
און אויסגעהיילט ביזטו פון וואַנזין,
פון באַלשעוויסטישן קאָשמאַר.
דאָ, אין קאָלאָמבוסיעס מדינה,
איז יעדער פריי — איז צאַ ולמד:
וועסט קאָנען ווערן אַ ראַבינער,
אַ דאָקטאָר, צי אַן אַדוואָקאַט.״ —

מיט פריידיק־לויכטנדיקע אויגן
אַוועק איז ליוליק אין לאָמבאַרד
און אויסגעלייזט דעם זיידנ׳ס זייגער —
און ס׳זינגט זיין האַרץ — אַ סטראַדעוואַר.
ער זעט: אַ טעלעפאָנען־ביידל —
און ס׳גיט אַ צי אים — אַ מאַגנעט.
עס קלינגט זיין קול בראַוואַריש, שניידיק:
— „כ׳ווילריידן צו מאַדאַם ד׳אָרסעט!״ —

— „מאַדאַם ד׳אָרסעט איז נאָך אין ניצע,
זי וועט דעם שבת זיין צוריק!״ —
ס׳נעמט פאַר די אויגן בליצן, בליצן:
— ׳עס איז פאַרברענט די לעצטע בריק,׳ —
דאָס בלוט אין האַרצן גליוועט, גליוועט...
ער זעצט אַוועק זיך אויף אַ באַנק
און שרייבט איר אָן אַ קורצן בריוול
און לייגט אַריין אַ טויזנט פראַנק:

— „דערלויב מיר זיך מיט דיר צעצאָלן —
כ׳האָב געלט באַקומען פון נויאָרק.
אַדיע, אַדיע, מיין יוגנט־חלום!
אַדיע, מיין באַנקראָטירטע וועלט!״ —

### 2. צווייפל

ס'האָט ל י ו ל י ק נישט געזען דעם טאַטן
באַלד עלעף יאָר, זינט ניינצן-צוועלף.
זיין האַרץ פלעגט שטענדיק טאָן אַ פלאַטער,
ווען ס'האָט זיין בילד אים אויפגעהעלט.
און איצט: מקוים ווערט זיין חלום —
ער האָט דעם טאַטן אָפּגעזוכט.
זיין האַרץ מיט זיסער פרייד איז מלא,
נאָר ס'גייט אים איבער לייב אַ סקרוך.
און ס'טוט אין מוח אַ געדאַנק אים
אַ ברי, ווי אָנגעגליטער שטאָל:
— 'וואָס וועט ער טאָן אין לאַנד פון „יאַנקי" ?
'ער איז געוועזן דאָך דאָרט אַמאָל.
'וואָס גרייט דער גורל אים דער בייזער
'אין פרעמדן, קויטיקן נויאָרק:
'אין טוכלע שעפּער נייען הויזן —
'איז דאָס זיין חלום אויף דער וואָר?
'אין לאַנד פון רייכטימער און פּראַצע
'וועט ער געפינען זיין באַשייד?
'צי וועלן נישט די וואָלקנקראַצערס
'דערשטיקן דיכטער'ס שאַפונג-פרייד?
'און וואָס וועט זיין מיט חלום ד י נ ה?
'וועט ער זי קיינמאָל מער נישט זען?' —
און ס'פילט זיך אָן זיין האַרץ מיט שנאָה —
און ס'פאַלן אָפּהענטיק די הענט.
עס קעמפן צווייפל און בטחון
אין ל י ו ל י ק'ס מוח אויף אַ קול:
— 'אויב יאָ שוין זיין אַ בעל-מלאָכה,
איז אפשר גאָר אין ארץ-ישראל?' —
נאָר ס'טוט אַ רעיון אין מהומה
אַ ברי, ווי פּריסעק, ל י ו ל י ק'ס האַרץ:
— 'ווי קאָן איך צ'ריק צו ד י נ ה'ן קומען?
'עס וואָלט געווען דאָך אַ קאָשמאַר.
'איך טאָר מיין חבר'ס גליק נישט שטערן...
'עס וואָלט געווען פון מיר געמיין...
'זי האָט מסתם אין פּראַצע שווערער
'שוין לאַנג פאַרגעסן מיין געביין.
'און איך? דריי יאָר האָב איך צעטרענצלט
'אויף טרוים, וואָס איז געוואָרן וואָר...' —
ער קויפט זיך איין אַ לעדער-רענצל —
און קלייבט זיך פאָרן קיין נויאָרק.

### 3. אַ בריוו פון פעטער איציק

ער האַלט אין האַנט דעם פעטער איציק׳ס
אַ לאַנגן בריוו אין דריבנעם כתב.
עס נעמט אים פאַר די אויגן בליצן —
ער לייענט מיט שטוינונג און פאַרגאַף:

— „דיין בריוו איז אונדז אָראָפּגעפאַלן,
ווי מלקוש — אויף פאַרטריקנט פעלד.
איך האָב אים דאָ געלייענט פאַר אַלעם:
אין קיך, אין ביידל, אין געצעלט.
מיר האָבן באַלד שוין אויפגעגעבן
די האָפנונג הערן נאָך פון דיר,
געטראַכט: ווער ווייסט, וואו ס׳האָט דאָס לעבן
פאַרוואָרפן דיך, דעם בעל־השיר?
אַוודאי זענען מיר צופרידן,
וואָס דו געטראָפן האָסט דיין טרוים —
נאָך יאָרן וואַנדער און מרידה
ס׳איז צייט צו שאַפן זיך אַ היים.
און דאָ ביי אונדז איז שוין משיח
געקומען אויף זיין ווייסן פערד:
ס׳ייערט, ווי אַ ראַשטשינע, „אורי ה״—
און ס׳וואַקסט שוין ווייץ אויף אונדזער ערד.
— „עס וואָלט געווען גאָר אײן־לשער
דאָ אונדזער אויפגעגאַנגען גליק...
מיר האָבן, ליוליק, אַ לוויה
געהאַט דאָ מיט אַ חודש צוריק.
אין מוח מישן זיך געדאַנקען,
און ס׳האַרץ איז פול מיט פּיין און גרויל —
ס׳איז יאַנקאַ, אונדזער בראַווער יאַנקאַ,
געפאַלן פון אַראַבער־קויל.
ער איז געווען פון גאַנצער געגנט
דער קאָמאַנדיר פון אונדזער שוץ.
ער האָט זיין פרייען טויט באַגעגנט
ביינאַכט אויף פעלדער פון קיבוץ.
— „ריהאָט נישט געהיט זיך פון סכנה...
געטשאַטעוועט נאָך אים שוין לאַנג
דאָ האָבן די אַראַבער־שונאים —
און אים פאַרשניטן, ווי אַ זאַנג.
און דינה האָט די ציין פאַרשטשעמעט
און קלאָגט נישט נאָך איר מאַן — די שווייגט...
בלויז שטומער צער אין אויגן פלעמלט —
און ס׳לייב איר׳ס טריקנט, ווי אַ פייג...״ —

## 4. ליוליק׳ס חלום

ער ליגט פאַרסטאַרטשעט, ווי אַ גליבע,
אין נייעם אַנצוג אויף קושעט —
און ס׳דוכט זיך ליוליק׳ן: ער פיבערט
שוין שעה׳ן־לאַנג אין הינערפלעט.
און פלוצים גיט אין מאַרך אַ ברי אים —
און קלאָר ביז וואַנזין ווערט דאָ אים,
אַז וואָס געשען איז אין „אוריה".
איז דאָך אַן אצבע־אלוקים.
אויף פענצטער־שויב דער רעגן טראָפּנט
און וויגט אים איין, ווי אַ בורון. 1)
ער זעט: זיין יאַנקאַ שטייט צוקאָפּנס —
אויף בלייכן שלייף גליט קוילן־וואונד:
— „כ׳האָב אַלץ געוואוסט, מיין חבר ליוליק,
דעם קרבן, וואָס האָסט מיר געבראַכט...
אין נעכט אין פינצטערע און דולע
כ׳האָב וועגןביידן אייך געטראַכט.
געוואָלט מסתם האָט די השגחה,
אַז איר זאָלט ביידע גליקלעך זיין...
איך גיב אויף אייער בונד מיין ברכה
אין לעצטער לעבנס־שעה פון פיין." —
אויף שויבן רויטלט זיך קאַיאָר:
— ׳איך פאַר פאַרנעמען יאַנקאַ׳ס אָרט.׳ —

## 5. „וורעדן" 2)

אויף צווייטן טאָג האָט ער באַגעגנט
מאַכאַרקינ׳ען פון דעם „רוסלאַן":
— „וואָס טוסטו, ליוליק, אין דער געגנט?
ווי לאַנג, אַז האָסט פאַרלאָזט דאָס לאַנד?
זעט־אוים, ביזט נישט געווען צופרידן.
אַוודאי, דאָרט איז אַלץ ערזאַץ.
ניין, אין אַ לאַנד פון גאָלע יידן
פאַר קינסטלער איז נישטאָ קיין פּלאַץ,
נעם מיך אַליין: געוואָלט דאָרט גרינדן
אַ שול פאַר כאָרן און מוזיק.
דערציילט מען מיר: מע דאַרף אַצינדער
נישט כאָר, נאָר מעלקן גאָר אַ ציג". —
האָט ליוליק פלוצים — דעם „בר־דעת",
געלאָזן שטיין אינמיטן גאַס.

---

1) ים־שטורעם. 2) שטערער.

## ח. שיידונג

### 1. ליוליק׳ס לעצטער טאָג אין פּאַריז

עס האָט באַרואיקט דער באַשלוס אים
צו פאָרן צ׳ריק קיין ארץ־ישראל:
אַ סוף צו פינצטערע פּאַרדרוסן,
פון פּלייצע איז אַראָפּ אַן עול.
ער האָט אַוועקגעשיקט דעם טאַטן
מיט אַן אַנטשולדיקונג אַ בריוו:

„איך קאָן נישט פאָרן אין די „שטאַטן",
איך פאָר צוריק קיין תל־אָביב.
סיוועט אפשר, טאַטע, דיך אַנטוישן
מיין אומדערוואַרטעטער באַשלוס,
נאָר סיפּילט מיין הארץ: אין רייכסטן גושן
איך וועל נישט שטעלן מער קיין פוס.
איך שיק דיר צ׳ריק דריי הונדערט דאָלאַר:
זיי וועלן מיר נישט ברענגען נוץ.
אַז איך וועל אָנקומען בשלום,
כיוועל זיי נישט דאַרפן אין קיבוץ.
אַז גאָט וועט העלפן, אין מנוחה
מיר וועלן אויפבויין ארץ־ישראל,
וועסט, טאַטע, קומען מיך באַזוכן —
און כיגלויב, וועסט זיין מיט מיר נאָך שטאָלץ." —

עס גרייט זיך ל י ו ל י ק צו דער רייזע.
ר׳פאָרט מאָרגן אָפּ שוין פון פּאַריז.
די אָוונט־שעה׳ן באַרוועס שפּרייזן,
ווי טענצערינס — מיט גרינגע פיס.
ער שפּאַנט, באַהעלט פון שקיעה־פייער,
אויף „פּלאַס־פּיגאַל" — און מיטאַמאָל:
וואַקסט־אויס פאַר אים אַ שאָטן — ר אַ י אַ,
און ס׳קלינגט מיט רחמים אָפּ איר קול:
— „כ׳בין צ׳ריקגעקומען היינט פאַרמאַטערט,
דיין בריוו געפונען אין האָטעל.
כ׳בין גליקלעך, וואָס דו פאָרסט צום טאַטן —
אַ פּילגער אין דער נייער וועלט.
דו וועסט פאַרגעסן דאָרט דיין עבר,
דריי טויזנט מיילן פון פּאַריז...
דערלויב מיט דיר דעם לעצטן אָוונט
פאַרברענגען אין „קאַפע־נאַרציס"." —

## 2. טובעראָזן

אין רעסטאָראַן — צעשטראַל פון בליקן.
עס בליצן ליוסטרעס פון קרישטאָל.
אוןביים קלאַוויר — דער רום, דער שיכור,
ראָמאַנסן זינגט, ווי לעצטן מאָל.
אין וואַזעס — ווי די האָר פון דלילה,
די טובעראָזן — סאַמעט־שוואַרץ.
אויף ר אַ י אַ ׳ ס פּנים — שאָטנס לילע,
אין בלויע אויגן — —הייסער זשאַר.
זי שווייגט — אַן איינגעמידטער פויגל,
וואָס האָט פאַרלוירן לעצטע שלאַכט.
דער אָוונט שטאַרבט אין אירע אויגן —
די נאַכט קומט־אָן, די ל ע צ ט ע נ אַ כ ט.
אויף בלייכע באַקן — בלויע פלעקן
זיך מיניען — אויסטערליש און שטום.
זי שפּיליעט צו זיין ווייסן רעקל
אַ טובעראָז — די שוואַרצע בלום.
אין אויגן — וואַנזיניקע שיינען.
זי לייגט אויף אַקסל אים דעם קאָפּ:
— „דיין לעצטע נאַכט דאָ־הי איז מיינע...
איך בעט דיך, ל י ו ל י ק , זאָג נישט אָפּ...״ —
זיי שטייען־אויף. עס גליען בליקן.
די שטומע הערצער — ווי אין טראַנס.
און ביים קלאַוויר — דער רום, דער שיכור,
באַגלייט מיט לעצטן זיי ראָמאַנס.

## 3. די בלום פון ליבע און פון טויט

זי קומט אַריין צו אים אין צימער
מיט כריזאַנטעם אין בלאָנדע האָר.
אויף גרויע שויבן גלימערט, גלימערט
אין קראַנקן פיבער דער קאַיאָר.
זי לייגט אַוועק זיך אויף דער סאָפע,
פאַרוויקלט זיך אין גרינעם טוך —
און ס׳ווייט מיט רחמים און מיט האָפנונג
אויף אויבער־ליפּ דער בלאָנדער פוך.
עס וויאַנעט געלע כריזאַנטעמע
אויף דיל אויף ברוינעם — וועלק און טריב:
— „אין דיינע אויגן כ׳לייען דעם אמת —
דו האָסט דיין ר אַ י אַ ׳ ן מער נישט ליב!״ —
ער שווייגט — און הערט, ווי דורך אַ דרימל:
— „ס׳איז ס י ב ע ל אַלט... ער איז מיר נמאָס...

— „ער האָט געקויפט מיר דאָס טעאַטער,
ס׳האָט אָפּגעקאָסט אים אַ פאַרמעג.
נאָר ר׳פּאַסט מיר גיכער פאַר אַ טאַטן —
און פינצטער זענען מיר די טעג.
איך קאָן נישט הייראַטן מיט סיבל׳ען,
ער איז מיר, ליוליק, נישט קיין פּאָר...
פאַרגיב, דאָס קינד פון אונדזער ליבע
האָב איך גע׳פּטר׳ט דורך אַבאָרט...“ —
און ס׳טוט אַ שניט, ווי שאַרף פון מעסער,
און ס׳גיט אַ ברי, ווי הייסער שפּאָן:
— „כ׳קאָן נישט פאַרגעסן נאַכט אָדעסער,
גראַנאָווסקי׳ס פעלדז אויף לאַנזשעראָן...
ס׳איז גוט געווען צו מיר דאָס מזל.
דיין ראַיאַ איז נישט רייך, ווי קרעז.
פאַראַן אַביסל גאָלד, אַלמאַזן,
ס׳קאָן אונדזער לעבן זיין אַ פעסט.
כ׳האָב יאָרן־לאַנג אויף אָט־דער רגע
געוואַרט, געהאָפט — און נישט אומזיסט:
ס׳איז דיינס, ס׳איז דיינס מיין גאַנץ פאַרמעגן —
פאַרבלייב מיט מיר דאָ אין פּאַריז.
אויב נישט, כ׳בין גרייט מיט דיר צו פאָרן
און טיילן גורל פון פּאָעט.
ס׳איז סיבעל׳ס ליבע מיר אַ דאָרן:
ער איז צו־אַלט און גרוי און פעט.
מיר וועלןביידע גליק געפינען
אויף נייעם קאָנטינענט, פאַרוואָר!
כ׳וועל קאָנען זיין אַ באַלערינע
אויך דאָרט, אין רוישיקן נויאָרק...“ —

* * *

מיט וואָן אין פלאַמענדיקע אויגן
ער גיט אַ דריק איר הייסע האַנט:
— „ניין, ליבע ראַיאַ, ס׳וועט נישט טויגן,
צו־שפּעט אַצינד דיין קלוגער פּלאַן!
איך האָב גערופן דיך צו קומען
מיט מיר צום טאַטן קיין נויאָרק,
האָסטו געענטפערט מיר אַנומלט,
כ׳געדענק דיין בריוו, ביז ווייטיק קלאָר:
— ׳ניין, ליוליק טייערער, געכאָוועט
׳האָב איך פון לאַנג אַנאַנדער טרוים:
׳אין ים פון רייכקייט און פון כבוד —
׳די כוואַליע ווערן, נישט די שוים.

'וואָס קאָן אַ דאָן־קיכאָט מיר גיבן
'אַנשטאָט דער שיין פון לימוזין:
'אַ לויטל סענטימענט און ליבע,
'אַ בעטלער־זאַק, באַפּלעקט מיט טינט?
'עס וועלן מערן זיך פאַרדראָסן,
'ווען וועסט די לידער פון פּאַרנאַס
'פאַרבייטן דאַרפן אויף פּרנסה —
'און ס'וועט פון ליבע ווערן האַס.' —

— „דו ביזט געדעכט: אין שפּרייז פון לענדער
פון חלום איז געוואָרן וואָר...
זינט דאַן האָט פיל זיך, פיל געענדערט:
איך פאָר נישט, ראַיאַ, קיין נויאָרק." —
זי גיט אַ שפּרונג־אויף פון דער סאָפע —
און ס'בליצן אויגן — ווי טירקיז —
זי גיט אַ פרעג מיט שטוין און האָפענונג:
— „דו בלייבסט מיט מיר דאָ אין פּאַריז?" —
ער נעמט אַרוים דעם בריוו פון פעטער
און לייגט אַריין אים אין איר האַנט.
זי לייענט, ווי ס'וואָלט דער בריוו איר רעטער
געווען אין לעצטער שעה פון וואַן.
ס'האַרץ פּלאַצט פון פרייד נישט שיער ביי ראַיאַ'ן.
נאָר ליוליק'ס ווערטער קלינגען קלאָר:
— „איך פאָר צוריק אין לאַנד אין נייעם
פאַרנעמען חבר יאַנקאָ'ס אָרט!" —

און ער דערציילט איר אַלץ פון דינה'ן,
פון חבר יאַנקאָ'ן און פון זיך.
עס נעמען זיך די פאַרבן מיניען
אויף ראַיאַ'ס שטוינענדיק געזיכט:
— „דו זאָגסט זיך אָפּ פון מיר און פאָטער —
און פאָרסט צוריק קיין ארץ־ישׂראל —
צו וועמען? צו אַט־דער סוכאָטע". —
און זי צעלאַכט זיך אויף אַ קול:
— "כ'געדענק זי גוט, די שטומע קראַליע —
אַ מיידל — דין, ווי אַ סקעלעט...
ס''וואָלט קיינמאָל מיר נישט איינגעפאַלן,
אַז זי וועט פאַנגען מיין פאָעט.
זי'ז ווי אַ פיש געווען, אַ קאַלטע,
און שטום און גליטשיק — ווי אַ שוואָם...
אָך, יאָ, ס'האָט, דוכט זיך, זי פאַרגוואַלטיקט
אַ יונגער קאָזאַק אין פּאָגראָם..." —

עס קלינגט היסטעריש איר געלעכטער:
— „פון אַלע מיידלעך האָסטו זי
זיך אויסגעקליבן, די פאַרשוועכטע —
און פאַלסט אַצינד צו אירע קני...
צוערשט — דער קאַזאַק... נאָכדעם — יאַנקאַ...
און דו וועסט שוין דער דריטער זיין...
ווייזט־אויס, אַז אומריינע געטראַנקען,
זיי שמעקן בעסער דיר פון וויין..." —
ער גיט אַ הויב די פויסט אין שווידער.
די אַפּלען גליען — הייס, ווי ספּירט:
— „נישט וואָג אַזוי פון איר צו ריידן —
זי'ז ריינער, הייליקער פון דיר." —

זיין פּנים פלאַקערט העליש־צונטער.
זי קוקט אויף אים פאַרווירט און דול.
ער לאָזט די בייזע פויסט אַרונטער —
און פאַלט אַנידער אויף אַ שטול.
זי קלאַמערט זיך אָן אים און טוליעט
איר בלאָנדן קאָפּ צו זיינע פּיס:
— „אָ, שלאָג מיך, פּייניק מיך, מיין ליוליק,
נאָר בלייב מיט מיר דאָ אין פּאַריז.
כ'וועל זיין דיין קנעכט — און מיט הכנעה
אין אַלץ כ'וועל פאָלגן דיך, פאַרוואָר.
נאָר פאָר נישט צ'ריק קיין ארץ־ישראל,
דו פאָר שוין בעסער קיין נויאָרק." —

ער הערט זיך צו צו ראַיאַ'ס איכה
מיט וויי, באַדויער און מיט פּיין.
ער גלעט די האָר די בלאָנדע, וויכע —
און ס'פליסן רייד, ווי טערפּקער וויין,
אין האַרצן לעשט זיך דער פּאַראַיבל,
נאָר ווערטער קלינגען שווער און האַרב:
— „עס איז געשטאָרבן אונדזער ליבע,
ווי ס'שטאַרבט אַ פלאַטערל אין האַרבסט.
ביזט פּופּצן יאָר געווען מיין מוזע,
מיין אייביק־שאַפערישער דראַנג:
געוואָרן מוזע איז מעדוזע,
פון טויב געוואָרן איז אַ שלאַנג.
איך האָב נישט דיך געליבט, נאָר חלום,
וואָס כ'האָב געשאַפן וועגן דיר —
און איצט אין האַרצן לעשט זיך זאַלע
פון טרוים — פון ליידיקן פּוכיר." —

זיי שווייגן שטיל. עס שטיקן ווערטער.
און פלוצים אין איר הייסן בליק
ער לייענט דורך וויעס, דורך פארטרערטע
איר גורל׳ס פינצטערן ווערדיקט.
זי גיט אַ וואָרף זיך אויף דער סאָפע
און שטיל צעהעשעט זיך אין פיין,
ווי ס׳וואָלט דער גורל לעצטע האָפנונג
פון הארצן אויסגעזויגט — ווי וויין.
באַגראָבן ס׳פּנים טיף אין קישן,
זי כליפעט לאַנג אין ווילדן וואָן —
און ס׳וויינען מיט איר מיט די טישן,
די שטומע בילדער אויף דער וואַנט:
— „גלויב, נישט געוואָלט כ׳האָב זיך פארקויפן
צום אַלטן „שיבער״ פאַר אַ ווייב...
בלויז דו אין פינצטערן פארצווייפל
אין ס י ב ע ל׳ ס אָרעמס איצט מיך טרייבסט...״ —
אין אויגן שייטערט דער פאַראיבל,
אַ בייזער שמוצער אויף דער ליפּ:
— „כ׳וועל הייראַטן מיט מיסטער ס י ב ע ל,
כאָטש דיך, דעם איינציקן, כ׳האָב ליב.
איך וועל די גאַנצע קאָמאַריליע
פאַרבעטן אין קאַפע „נאַרצים״ —
און ס׳וועט מיין חופּה-מאַרש מיר שפּילן
דער רום, דער שיכור׳ער פּיאַניסט.
מיט טריט פון גיריקער פּאַנטערע
זי שפּאַנט אַריבער איבער שוועל.
ער בלייבט אַליין — און הייסע טרערן,
ווי שטיינער, וואַרגן אים אין קעל.

* * *

ביי־טאָג האָט ער פּאַריז פאַרלאָזן.
אין לאַץ פון רעקל — זיין באַשייד —
געוויאַנעט האָט די טובעראָזע,
די בלום פון ליבע און פון טויט.
און ס׳האָט פאַרוועלקט אין טעג אין טריבע,
אין וויי און וואַנדער פון פּאַעט:
פון זייער באַנקראָטירטער ליבע
די בלום — אַ שוואַרצער אַמולעט.
עס האָט זיך ל י ו ל י ק יענעם זומער
אַרויסגעראַטעוועט אין צייט:
פון ר אַ י אַ׳ ס פאַרפּומירטער טומאה
צו ד י נ ה׳ ס פּראָסטער הייליקייט.

## א. אונטערוועגנס

### 1. אין באַן קיין מאַרסעי

סעפּטעמבער-נאַכט איז קיל אין באַן-צוג:
עקספּרעס פּאַריז-ליאָן-מאַרסעי.
ביי פענצטער-ראַם אין ברוינעם אַנצוג
זיצט ליוליק איינזאַם אין קופּע.
ער טראַכט: — 'וואָס גרייט מיר איצט דער גורל?
'ווי קאָן איך קומען אין קיבוץ?
'ווי וועלן האַנדלען די חברים?
'מיט וואָס וועל איך זיי ברענגען נוץ?' —
און פּלוצים גיט דאָס האַרץ אַ ציטער:
— 'וועט דינה שענקען מיר גענאַד?
'צי זי וועט אויפנעמען מיט ביטול
'דעם באַנקראָטירטן דאָן-קיכאָט?
'אָ, ניין, איך קום נישט צ'ריק קיין זיגער...' —
ער גיט אַ צינד-אָן האַסטיק ס'ליכט —
און ס'גיט אַ בליאַסקע אים פון שפּיגל
דאָס דינע, לענגלעכע געזיכט.

עס קוקט אויף אים זיין בלייכע מראה
אין ראַם פון זעקס-און-צוואַנציק יאָר:
דער מאַנדל-שניט פון אויגן קאַרע,
די ברוינע, כוואַליעדיקע האָר.
ר'לעשט אויס דאָס ליכט — און אַ פאַרוויגטער
פון רעדער-קלאַפּ און שטערן-שאָט,
ער טראַכט: — 'נישט זיגער, נישט באַזיגטער,
'נישט באַנקראָטירטער דאָן-קיכאָט...
'אין פּיין געלייטערט און אין טומאָה,
'פון ראַיאַ'ס שיקלדיקער וואָר,
'איך וועל אין לאַנד צו דינה'ן קומען —
'און דאָרט פאַרנעמען יאַנקאָ'ס אָרט.' —

### 2. דער לעצטער נסיון

די שיף, די גריכישע „קאַראַפּאַ",
אַ בלויער שוואַן — אין שקיעה-פלאַם,
אַרויסגעגליטשט האָט זיך פון האַפן
אויף כוואַליעס פון דעם מיטל-ים.
די שיף האָט ווייניק פּאַסאַזשירן:
אַ פעטער גלח מיט אַ באָרד,
אַ קורצער סירישער באַנקירער,
אַ הויכער אירלענדער פון קאָרק.

מאָנאָכן דריי — ווי דאָרע שפּענער,
מיט ברוינע צלמים אויפן האַלדז,
צוויי שטומע גריכן, צוויי אַרמענער,
אַ שלאַנקע פּרוי אין אַ וואוואַל.
אויף שיך — פראַנצויזישע אַפּצאַסן,
געקליידט מאָדערן, נאָר ס׳איז קלאָר:
ס׳געהערט צו דער אַראַבער ראַסע
איר קאָפּ מיט פּעכיק-שוואַרצע האָר.
פון ערשטן טאָג באַמערקט האָט ליוליק:
זי זיצט אין ברייטלעכן „לאָנג-שעז״
אויף אויבער-דעק, געהילט אין טיולן,
און ס׳שמעקט פון איר פּאַרפום „דיושעז״.
אויף דריטן טאָג האָט זיך אַ שטורעם
צעבושעוועט אויף מיטל-ים:
מע שפּאַנט אַרום, ווי די שיכורים,
מע האַלט זיך אָן אין אייזן-צאַם.

ס׳איז ליוליק יענעם טאָג געזעסן
אַליין אויף דעם פאַרלאָזטן דעק,
אַפילו נישט אַראָפּ צום עסן,
געקוקט אויף שוימיק-ווייסן וועג.
ער קוקט אויף גרויזאַמער סטיכיע
מיט שרעק, געמישט מיט פרייד און שטוין —
און ס׳גיט אַ פלעמל פאַר זיין ראיה
אַ שטראַליק-בליציקער חזון:

— ׳שוין פערציק טעג שווימט נח׳ס תיבה
׳איבער צעבושעוועטער לער.
׳דער מבול — ווי צעשוימטע הייוון,
׳פאַרווישט האָט שפּור פון הימל-ערד.
׳און נח קוקט פון פענצטער-עיגול
׳און זעט: אין ווילדן נע-ונד
׳ווי עמעץ פּאַטשט מיט ווייסע פליגל,
׳טויכט-אויף און שווימט נאָך תיבה׳ס סליאַד.
— ׳ווער ביזטו? ״— פרעגט אין שטוינונג נח.
׳און ס׳ענטפערט ס׳קול אים פון אחד:
— „איך טרינק זיך... כ׳האָב נישט מער קיין כוח...
׳אָ, נח, ראַטעווע דיין גאָט! ״׳—
און ליוליק טראַכט: — ׳פון דעם מחבל
׳אויך איך, אויך איך זוך איצט אין וואָן
׳זיך ראַטעווען פון בייזן מבול
׳אין האַפן פון אַן אייגן לאַנד.׳—

און מיטאַמאָל — ער ווערט פאַרצאַפּלט:
דורך שטורעם־בראַך און ווינט־געוואָי,
אין רעגנמאַנטל און אין קאַפּאָר,
וואַקסט־אויס פאַר אים די שוואַרצע פרוי.
זי האַלט זיך אָן ביים לעדער־רימען,
אַ גרויסער פויגל — גרייט צום פלי:
— „באָנזשור, מאָסיע!“ — קלינגט־אָפּ איר שטימע:
— „ע ביען! לאַ מער ע טרע זשאָלי!“ — 1)

ס׳גיט ל י ו ל י ק זיך אַ הויב פון בענקל.
אַ רגע — און ער שטייט לעם איר.
מיט רויך פאַרצויגן, ווי מיט פענקע,
איר בליק איז בלאָנדזשנדיק־פאַרווירט.
ער נעמט זי איידל אָן ביים אָרעם
און זעצט אַוועק זי אין „לאָנג־שעז“.
אין בליק, וואָס טליעט, ווי אַ דאָרן —
געוואַג, אַרויסרוף און פאַרמעסט.
ער רוקט זיין בענקל צו צו אירן.
דער קאָפּ — אין כוואַליעדיקן טשאַד.
ער הערט איר שטימע קלינגט, ווי שירה:
— „מיין נאָמען איז ש אַ ר מ ע י פ ו אַ ד!“ —
ער שטייט לעם איר אַ ווייל געבויגן:
— ‘געבענטשט זיי, שטורעם — מזיג־טוב!’ —
ער קושט איר האַנט מיט אַ פאַרנויגונג:
— „מיין נאָמען איז י ו ל י אַ ן אָ ר ל אָ ו ו!“ —

זי גיט אַ בליאַסק מיט ציין מיט ווייסע.
אין אויגן פלעמלט זיך די לוסט.
איר קול איז, ווי אַ צויבער־מעשה:
— „ווי וואונדערבאַר, איר זענט אַ רוס!“ —
— „אָ, יאָ, מאַדאַם!“ — ער ענטפערט שקאָציש:
— „ אַ רוס, פּאָעט און קאַפּיטאַן!“ —
זי קוקט אויף אים פאַרווירט און טראָציק:
— „וואו זעט פּאָעט! טרע ביען! שאַרמאַן!“ — 2)
פאַרלעשט ער האַסטיק דעם ציגייער
און זוכט מיט אָנשטרענגונג דאָס וואָרט:
— „מאַדאַם, זשע וואו... זשע אָכאַזשאַיו...
וואו זעט שאַרמאַנט! זשע וואו ז׳אַדאָר!“ — 3)

---

1) „אַ יאָ, דער ים איז זייער שיין!“ — 2) „איר זענט אַ דיכטער — זייער פיין! 3) — „מאַדאַם, איך... פאַרגעטער אייך! איר זענט זייער שיין!“ —

פון הייסע ווערטער, האַלב-פאַרשטאַנען,
דערוויסט זיך ל י ו ל י ק וועגן איר:
זי שטאַמט פון אַלטע דרוזן-קלאַנען,
איר פאָטער איז געווען אַ פירשט.
זי איז אַ לערערין אין ביירוט,
אין אָרטיקן „עקאָל דעז'אַר", [1]
געווען צו אַ פראַנצויז פאַרהייראַט,
האָט זי פאַרלאָזט אים לעצטן האַרבסט.
זי מאָלט אַליין דורך גאַנצע טעג,
און ז'גרייט אים ווייזן איר פאַרמעג.

עס שמעקט מיט ריח פון ווערבענע
אין גראַמער, וואַרעמער קאַיוט.
די באַקן שוין בייביידן ברענען
פון אויסגעטרונקענעם ווערמוט.
די בילדער שטייען אויף דער סאָפע,
אויף רונדן טישל, אויף קאָמין:
אויף שוואַרצע פאָנען — ווייסע שרפים,
צעשייטערטע פון לוסט און זינד.

זי זיצט אין זיידענער קימאָנאָ,
די דינע נאָז-פליגל צעשפרייט —
אַ שוואַרצע, זינדיקע מאַדאָנע,
אַ סמ'יק-רייצנדיקע קוויט.
ווי רויטע אויגן ביי אַ פיקסל,
אין ל י ו ל י ק ' ס בלוט זיך צינדט די לוסט...
און מיטאַמאָל — אַ קרוציפיקסל
דערזעט ער הענגען אויף איר ברוסט.
און איידער נאָך ער קאָן באַזינען,
וואָס ס'איז געשען דאָ — ער דערשפּירט:
אין ווינקל שטייט ס'געשטאַלט פון ד י נ ה ' ן
און קוקט אויף אים — אַ טרייער הירט.
— „מאָן שער, די פרוי אים רופט דורך טרערן:
עס קע וואו זעט ען בראַוו מואָן? " — [2]
ווי י ו ס ף איז פון פ ו ט י פ ר ע ' ן,
אַנטלאָפן ל י ו ל י ק איז אין וואָן...
ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעק, אויף גרויען,
און פילט: ער האַלט עפּעס אין פויסט —
און ר א י א ' ם זכר — די קמיע,
ער וואַרפט אין ים, פאַרווירט און בייז.

---

1) אַ קונסט-שולע. 2) — „זענט איר אַ בראַווער מאַנאַך?" —

## ב. ליוליק׳ס אַהיימקער

### 1. אַ באַגעגעניש אין חיפה

ווען ר׳איז אַראָפּ פון שיף „קאַראַפּאַ״,
האָט ליוליק חיפה נישט דערקענט:
מיט דריי יאָר צ׳ריק פאַרלאָזט דעם האַפן —
און ס׳דוכט זיך אים, פאַרביי שוין צען.
עס שטייען שיפן ביי די ברעגן,
שליחים פון דער גאַרער וועלט.
די סחורות לאָדן אוים די טרעגער,
פאַראייניקטע אין אַן אַרטעל.
די גאַנצע שטאָט פולסירט מיט לעבן,
די הייזער וואַקסן אויף דער גאַס.
עס בליאַסקען פאַרביקע געוועבן,
עס טאַנצט דער טרעגער מיט זיין לאַסט.

געדונגען ליוליק האָט אַ צימער
אין אָרעמען, אין פאָרט-האָטעל.
דורך פענצטער זעט ער שטיקער הימל,
ווי צויטן, הענגען איבער פעלדז.
ער וואַשט זיך איין — און גייט אַרונטער
און לאָזט זיך שפּאַנען איבער שטאָט.
זיין יונגער טראָט איז פריידיק-מונטער,
עס פּאַטשן שיך אויף שטיין — ווי שראָט.
ער הויבט זיך אויף מיט הר-הכרמל
און שפּאַנט מיט יובלענדיקע טריט.
אויף הימלראַנד — ווי בלויער פאַרמעט,
די זון — אַן אות אַ גאָלדן — גליט.

ער שפּאַנט פאָראויס. אָט איז דער גאַניק
פון וויסן בנין „בית-חולים״:
אָט-דאָ איז דינה דאַן געשטאַנען,
ווען ז׳האָט געזעגנט זיך מיט אים.
דאָס האַרץ אין ברוסט זיך גיט אַ שליידער...
ער קוקט אַרום — און מיטאַמאָל
ער זעט: עס זענען דריי געביידעס
שוין צוגעוואַקסן צום שפּיטאָל.
אַלץ וואַקסט אַרום, אַלץ האַלט אין יערן.
בלויז ער — אַ ווינט אויף אַ וואָקזאַל —
דרייט-אום זיך דאָ... שוין צייט צו ווערן
אַ טייל פון בויענדיקן כלל.

אין שמאָלן געסל. צווישן מאַכן,
ז׳גשטאַנען ליוליק אויפן באַרג,
ווען ר׳האָט דערזען אַ יונגן בחור
מיט פעקלעך שפּאַנען פון באַזאַר.
האָט ליוליק אָנגעשטרענגט די ראיה,
באַטראַכט דעם רירעוודיקן יונג:
— ׳דאָס איז דאָך נחשון פון „אוריה!׳—
און ס׳טוט דאָס הארץ אין אים אַ זונג.
און נחשון קוקט אויף פרעמדן בחור:
— ׳איז ער אַ חבר פון קיבוץ?
׳איז וואָס-זשע גייט ער אינדערוואַכן
׳אין נייעם אָנצוג אויסגעפּוצט?׳—

ער שטייט אַ ווייל אין פּלעף אין דולן.
און מיטאַמאָל — אַ שטרעק די האַנט:
— „שלום! שלום, אדוני ליוליק!
כ׳האָב נישט געוואוסט, איר זענט אין לאַנד!״— —
ס׳האָט נחשון זיך קוים-קוים געעלטערט:
דאָס יונגע פּנים — בראַנדזיק-ברוין,
צוויי אויגן תמימות׳דיק-צעהעלטע,
און ווייסע, שטשירנדיקע ציין:
— „שוין לאַנג געקומען? להשתקע?
און ווייסט דערפון הדוד יצחק?
אַי, וועט ער זיך מיט אייך דערפרייען...
ס׳וועט זיין ביי אים אַ גרויסער חג.״—

זיי זיצן איבער שוואַרצער קאַווע —
און ליוליק נחשונ׳ען שוין דוצט:
— „ס׳איז גוט צו זען דיך, ליבער חבר.
דערצייל, וואָס הערט זיך אין קיבוץ?
און נחשון לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן:
— „ביי אונדז איז אַלץ דאָרט מצוין.
צעאַקערט שוין אַ ברייטער שטח —
דאַרפסט זען דעם בלי פון אונדזער זאַנג.
עס ציילט אַ הונדערט שוין נפשות
קיבוץ „אוריה״ היינטיקס יאָר.
פאַראַנען שוין פּאַר בהמות פּאַשע,
פאַראַן אַן אָקס — אַ שור-הבר.
מיר האָבן שוין דריי צענדלינג הייזער
און פופצן קינדער — ברוך השם!
און ברויט גענוג מיט וואָס זיי שפּייזן,
נאָר ס׳איז פאַראַן בלויז איין פּראָבלעם:

— „מ׳האָט אונדז געשיקט אַ צווייטן טראַקטאָר,
הערסט. ל י ו ל י ק, אַ מאַשין — אַ ריז.
דאַרפסט זען, ווי גראָזן שניידט און האַקט ער —
איז פעלט אונדז נאָך אַ טראַקטאָריסט.
זינט חבר י אַ נ ק אָ איז געפאַלן
פון שונא׳ס קול ביינאַכט אין פעלד,
מיר האָבן נאָך נישט קיין ממלא —
דאָס אָרט פאַרנעמען פון דעם העלד.

— „ער האָט אַ טראַקטאָר גוט געטריבן,
געווען דער הויפט פון אונדזער שוץ.
ס׳האָט ס׳גאַנצע לאַנד באַוויינט דעם גיבור,
נישט בלויז דער אייגענער קיבוץ.״ —
ער שלינגט די טרערן מיט דער סלינע:
— „מיר האָבן קיינעם אויף זיין אָרט...
זיין יונגע פרוי — הגברת ד י נ ה...״ —
און ער פאַרהאַקט זיך אויפן וואָרט:
— „איך מיין... איך האָב געוואָלט, מ ר ל י ו ל י ק...
אייך זאָגן... ניין, נישט דאָס... נישט דאָס...״ —
ער קוקט אויף אים מיט אויגן דולע —
און גיט אַ שנייץ די לאַנגע נאָז.

און ל י ו ל י ק זעט אין נ ח ש ו נ ׳ ס קווענקל,
אַז אַלץ איז דעם קיבוץ באַקאַנט...
ער גיט אַ רוק צו אים דאָס בענקל
און גיט אַ גלעט אים מיט דער האַנט:
— דו דאַרפסט מיר, נ ח ש ו ן, נישט דערציילן,
וואָס דער קיבוץ ווייסט וועגן אונדז...
זי איז אַ פינצטערע אַבילה —
און נישט פאַרהיילט איז נאָך איר וואונד...
דערצייל מיר בעסער, ליבער נ ח ש ו ן:
איז י אָ ס ל ט אָ ק ע ר דאָרט מיט דיר?
און — שיער פאַרגעסן — זאָג, וואָס מאַכט שוין
דער טרייער חבר ש מ ע ו ן נ י ר?״ —
גיט נ ח ש ו ן מיטן קאָפּ אַ שאָקל,
אַ זופּ די קאַווע — הייס, ווי קויל:
י ו ס ף ח ר ט — ס׳הייסט י אָ ס ל ט אָ ק ע ר
איז איצטער אונדזער מ נ ה ל.
און ח ב ר נ י ר — ער וואַקסט אַן אויפהער,
ער איז אַ מאַן פון שכל, מוט:
ער זיצט אין אַ „משרד״ אין חיפה —
דער הויפט פון היגער „הסתדרות“.״ —

און ל י ו ל י ק פרעגט: „וואָס מאַכט מיין פּעטער?" —
און נ ח ש ו ן ענטפערט: — „שוין באַיאָרט!
אַז ס׳גיט אַ בייט זיך קוים דאָס וועטער,
קרעכצט אונטער שוין דער אַלטער דור...
איך פאָר נאָך היינט אַפּ קיין „אוריה",
כ׳וועל ברענגען אים פון דיר אַ גרוס.
עס וועט די פריידיקע ידיעה
אים אויסהיילן דעם קראַנקן פוס.
און, ל י ו ל י ק, דו?" — ער שלינגט די סליגע,
וואָס קלייבסטו זיך צו טאָן דאָ גוטס?" —
און ל י ו ל י ק ענטפערט: — „כ׳האָב אַ עניין,
כ׳וועל סוף־וואָך זיין שוין אין קיבוץ." —

2. אַ ג ע ש פ ר ע ך מ י ט ש מ ע ו ן נ י ר

אַ ווייסע הויז מיט פענצטער בלויע
אין שטילן געסל שטייט באַרוט.
אויף הילצערנעם, געפאַרבטן טויער —
אַ גאָלדן שילדל: „ה ס ת ד ר ו ת".
און ל י ו ל י ק שפּאַנט אַרויף צוויי גאָרן:
צוויי טירן — רעכטס, צוויי טירן — לינקס.
ער שפּאַנט מיט שמאָלן קאָרידאָרל,
פאַרנעמט אויף לינקס זיך — לויט אינסטינקט.
אין מוח בליצט: — וואָס גרייט דער גורל
׳דעם דורכגעפאַלענעם רעבעל?׳ —
ר׳קלאַפּט־אָן. אַ מיידל, קורץ געשוירן,
שטעלט־אַפּ אים העפלעך אויף דער שוועל:
— „מה יש?" — זי קוקט אויף אים מיט חידוש:
אַ שטאַלטנער בחור — ווי אַ הירש.
ער ענטפערט העפלעך איר אויף יידיש:
— „כ׳וויל זען דעם חבר ש מ ע ו ן נ י ר!" —
עס ווייזט אים אָן אַ טיר דאָס מיידל,
און ל י ו ל י ק גיט אַ שווערן שלונג.
אין ציכטיג־אויסגעקאַלכטן חדר
אויף דריי־שטול זיצט אַ ספּריטנער יונג.
ער קוקט אויף גאַסט מיט בליקן שטומע
און גיט אַ הויב זיך אויף מיט האַסט:
— אַך, ל י ו ל י ק! ווען זענט איר געקומען?
אָט־דאָס באמת הייסט אַ גאַסט!" —
און ל י ו ל י ק קוקט אויף אים צעטומלט,
און ס׳גיט אַ שפּרונג ביי אים דאָס האַרץ:
— „וואָס־וואָס, קיין אויפנאַמע מיט בלומען
האָב איך פון אייך דאָ נישט דערוואַרט.

— „איך האָב געבראַכט דעם דיכטער־באַנטיק,
ער זאָל דאָ צוגעבן זיין שולד...״ —
און ש מ ע ו ן  הארציק דריקט די האַנט אים
און זעצט אַוועק אים אויף אַ שטול.
זיי זיצן — איינער קעגן אַנדערן.
פון ש מ ע ו נ ׳ ס  ווערטער ווייט פאַרטרוי:
— „וואו האָט איר,  ל י ו ל י ק ,  אומגעוואַנדערט,
דערציילט באַריכות און געניו.״ —
און  ל י ו ל י ק ׳ ס  רייד — ווי קוואַל פון ברונעם.
ר׳דערציילט אים אַלץ פון וואַנדערוואַנד:
— „דורך יאָרן בענקשאַפט כ׳האָב געפונען
מיין וועג צוריק צום אייגן לאַנד.״ —

* * *

און  ל י ו ל י ק  קוקט אויף שטאָלצן פּראָפיל —
און טראַכט מיט וואונדער און מיט פרייד:
— ׳עס האָט מיך  ש מ ע ו ן  נ י ר  אַנטוואָפנט
מיט זיינע חב׳רישע רייד.׳ —
מע שווייגט אַ וויל. די שטילקייט זשומעט.
און מיטאַמאָל צערעדט זיך  נ י ר :
— „איר זענט אונדז פונקט אין צייט געקומען.
מיר דאַרפן איצט אַזאַ, ווי איר.
איר זענט געווען אַ רויט־אַרמייער,
צי, דוכט זיך, גאָר אַן אָפיצער.
מיר האָבן אַקערער און זייער,
נאָר ווייניק לייט פון מיליטער.
— „ס׳האָט  י אַ נ ק אַ  אונדז דערציילט: אַ מאַדים
איר זענט אויף לויער און אויף שפּיר,
אַז פון אַ פּוליעמיאָט־בריגאַדע
זענט איר געווען אַ קאָמאַנדיר.
עס לויערן אויף אונדז געפאַרן,
איז גרייטן מיר געהיים די שוץ.
מיט אייער גלענצנדער דערפאַרונג
איר קאָנט אונדז,  ל י ו ל י ק ,  ברענגען נוץ.״ —
עס טוט אַ ציטער  ל י ו ל י ק ׳ ס  שטימע.
ער גיט די טשאַפּרע אַ פאַרשאַר:
— „איך דאַנק אייך פאַרן צוטרוי,  ש מ ע ו ן ,
נאָר כ׳בין נישט ראָוי נאָך דערפאַר.
איך בין געקומען להשתקע —
און ווערן וויל איך אַ חלוץ,
כ׳וויל אָנהויבן, ווי איר — אַ זייער,
פון סאַמע בראשית, פון קיבוץ.

— „איך האָב געהערט, אַז אין  א ו ר י ה“
מע דאַרף אַ נייעם טראַקטאָריסט.
איז וויל איך האָבן דאָרט די זכיה
צו זיין אַ פּשוט'ער סטאַטיסט.“ —
גיט  נ י ר  אַ לאַך: „אַרמיי פון גאולה
קאָן צוואווארטן מיט איר געפּעכט.
איך מוז אייך זאָגן, ליבער  ל י ו ל י ק ,
איך זע דאַ איין:  איר זענט גערעכט!“ —
3. א ו י ף ן  ו ו ע ג  ק י י ן  „א ו ר י ה“
פון  ש מ ע ו נ 'ע ן  אַוועק איז  ל י ו ל י ק ,
דאָס האַרץ — ווי אַ צעגליטער שפּאָן.
און אָפּגעמאַכט: אין טראַקטאָר־שולע
ער נעמט אַ קורס פון מאָנטיק־אָן.
אויף שבת — קיין  „א ו ר י ה“  וועט ער
אַ פּאָר־טאָן מיטן דיליזשאַנס —
און דאָרט זיך זען מיט קראַנקן פעטער,
מיט אַלע פריינט נאָך פון „רוסלאַן“.
אין דיליזשאַנס — —די רעדער קלאַפּן
אויף שמאָלן, שטיינערדיקן כביש.
דאָס האַרץ אין שטומער אַנגסט זיך צאַפּלט,
ווי ס'וואַרפט זיך אין דער נעץ אַ פיש.
— 'ווי וועט מיך אויפנעמען דער פעטער
'נאָך לאַנגע, פיינלעכע דריי יאָר?
'צי וועלן דאָרט פון מיר נישט שפּעטן
'די ריטער פון „געבענטשטן דור“?
'צי וועט נישט שטוינען חבר  י אָ ס ל ,
'מיט שמייכל — שניידיק, ווי אַ כליסט,
'פון דעם, וואָס  ל י ו ל י ק  האָט באַשלאָסן
'צו ווערן גאָר אַ טראַקטאָריסט?
— 'ווי וועל איך איינשפּאַנען די מוזע
'צו שרייבן אויף אַ נייער שפּראַך?
'ווי וועלן קלינגען מיינע חרוזים
'אויף אַלטן לשון פון תנ"ך?
'ווי וועט באַגעגענען מיך  ד י נ ה:
'מיט ליבשאַפט, שנאה, צי מיט שפּאָט?
'וועט צו איר האַרץ אַ וועג געפינען
'דער באַנקראָטירטער דאָן־קיכאָט?' —
ער כאַפּט זיך אויף. אין שיין פון שקיעה
עס בליאַסקען אין צעהעלטן רוים
די גרינע דעכער פון  „א ו ר י ה“
מיט אָנזאָג פון אַ שטילער היים.

## ג. די נייע „אוריה״

### 1. אין דער היים

ווען ס׳האָט פאַרנאַכט־צו אין „אוריה״
דער דיליזשאַנס זיך אָפּגעשטעלט,
אַנטפּלעקט האָט זיך פאַר ליוליק׳ס ראיה
אַ נייע, אויסטערלישע וועלט.
אין ווייכן הוט, אין אַנצוג ברוינעם
ער שטייגט אַרויס פון דיליזשאַנס
און קוקט אַרום אין גאַף און שטוינונג,
ווי אַ פאַרלוירענער אין טראַנס:
וואו פריער האָבן די געצעלטן
די פּיס געגנעצט אין גרויען זומפּ,
איצט הויבן זיך אין שיין צעהעלטער
דריי צענדלינג הייזעלעך אַרום.

דער שטויב אויף גאַס, נאָך נישט ברוקירטער,
צעפינקלט זיך — אַ זייל פון גאָלד.
און טאָפּליעס היימישע, קאָלירטע
אין שקיעה בליאַסקען, ווי קרישטאָל.
ווי אויסגעצירט אין כתונת־פּסים,
„אוריה״ שיינט אין זון־פאַרגאַנג.
פון נאָענטן פעלד, פון בערג־טעראַסן
דערנענטערט זיך אַ שטיל געזאַנג.
ס׳באַווייזן זיך צוויי טוצן מענער
מיט קאָסעס, פּיאָשן אין די הענט.
ער קוקט אויף וואונדערלעכער סצענע —
ער האָט „אוריה״ נישט דערקענט.

ער שטייט פאַרווירט דאָ, ווי אַ פרעמדער.
ס׳באַטראַכט דער עולם ביים „משרד״
אין אָפּענע, קאָלירטע העמדער
דעם גאַסט מיט חידוש און מיט חשד.
פון חדר־האוכל לויפט־אָן נחשון
און פירט אויף צוים אַ ראַבע קו.
מיט סאַמעט־טריט פאַלט־צו די נאַכט שוין.
עס שמעקט מיט שבת׳דיקער רו.
דער ספּריטנער נחשון פירט דעם אורח
אַריין אין ליכטיקן „משרד״.
אין ווייסן צימער — קורץ־געשוירן,
באַגעגנט זיי יוסף חרמ.

ס׳האָט יאָסל טאָקער זיך פאַרעלטערט,
זינט ליוליק האָט געלאָזט אים דאָ.
ר׳באַטראַכט דעם גאַסט מיט בליק צעהעלטן:
—„שלום! שלום! ברוך הבאָ!״ —
ער נעמט אַרום זיין אַלטן חבר
און דריקט אים האַרציק צו צו זיך:
— „דו זעסט דאָך אויס, ווי אַ קראַסאַוויעץ!
דו שיינסט דאָך ווי ראש-חודש ליכט!
נו, גוט צו זען דיך אין „אוריה״.
דו ביזט אַן אָנגעלייגטער גאַסט.
ווען מ׳האָט געבראַכט מיר די ידיעה,
האָב איך געמיינט, עס איז אַ שפּאַס.

— „נו, ליוליק, זאָג, דערקענסט דאָ וועמען:
פאַראַן חברים פון „רוסלאַן״,
געדענקסט זיי אפשר ביי די נעמען?
אויך נייע זענען דאָ פאַראַן!״ —
און ליוליק רופט זיי אָן ביים נאָמען:
די קעכין רות, מיט אויגן בעז,
גבריאל — דער בחור פון זשיטאָמיר,
און ליאָווקאַ פייער פון אָדעס.
און דער איז רובינשטיין פון כאַרקאָוו,
און דער איז בראַווער חיים-בער.
און ווער איז דער? אַנייער — אַרקע,
אַ מומחה „איינצוברעכן״ פערד.
און דער איז אַלבערט שוואַס, דער יעקע,
און פּייסי — אים דערקענט מען קוים.״ —
עס גליען אויגן, הענט זיך שטרעקן —
ס׳דערפילט זיך ליוליק אין דער היים.

עס פרייען זיך מיט אים חברים:
— „שלום! שלום! ברוך הבאָ!״ —
און ס׳כאַפּט זיך מיטאַמאָל דער אורח:
׳בלויז איינע — דינה — איז נישטאָ!׳
אין אויגן, פרעגנדיקע, ברוינע
זיך מיניעט פיבערדיקער גלי.
נאָר פרעגן וואַגט ער נישט ביי קיינעם...
מסתם פאַרנומען ביי איר מי...
און פלוצים גיט אַ רעיון בליציק
אַ שנייד אין מאַרך אים מיט חשד:
— ׳פאַרוואָס האָט מיך דער פעטער איציק
דאָ נישט באַגעגנט ביים „משרד״?׳ —

ס׳דערשפּירט זיין וויטיקדיקע מינע
דער חבר נחשון, ווי אַ פּריינט:
— „דער פעטער דאַוונט מיט אַ מנין —
עס איז דאָך ערב-שבת היינט.״ —
און איידער נחשון האָט פאַרענדיקט,
דער עולם זעט, ווי אויפן שוועל:
אין שוואַרצן ראָק און אין צעלענדער
דער פעטער איציק שטייט און קוועלט.
ער שמוצערט מיט די בלאַסע ליפּן.
מיט סומנעם בליק, ווי דורך וואואַל.
באַטראַכט דעם גאַסט — און גיט אַ כליפּע,
און פאַלט אַרויף אים אויפן האַלדז.

* * *

די זיקנה האָט אויף ליוליק׳ס פעטער
אַ שפּרונג געטאָן —— אַ ווייסער בער.
דער דינער גוף — ווי וועלקע בלעטער,
געוואָרן נענטער צו דער ערד.
די גרויע האָר — ווי פּוך, ווי סיוועך,
אויף הויכן שטערן — קאַרב אויף קאַרב.
דאָס אָפּגעצערטע פּנים גליוועט —
אַ גרויע סאַזשעלקע אין האַרבסט.
די אויגן — צאַנקנדיקע בענטשליכט,
צעשיטערט-דין די ווייסע באָרד,
ווי ס׳וואָלט אים ליוליק נישט געזען שוין
נישט דריי, נאָר גאַנצע דרייצן יאָר.
— „ווילקאָמען, ליוליק, קיין „אוריה״!
דו זעסט, קאַנאָרע, אוים געזונט.
דו קומסט פון וויטינקער נסיעה —
און ס׳פּנים שיינט דיר, ווי די זון.
און איך? דו זעסט, מע ווערט נישט ייִנגער,
מע שפּאַנט, מיין ליבער, באַרג-אַראָפּ:
סע שווער צו דזשוויגען מיט די פינגער,
און ס׳דינט שוין אָפּטמאָל נישט דער קאָפּ.
דאָס לעבן — אויף צעלעכצטע רעלצן ——
עס האָט קיין צייט נישט, ס׳יאָגט זיך גיך:
די זיקנה פאָרט דאָ מיט אַ שנעל-צוג,
און איך? קוים מיט אַ פראַכט-צוג קריך.״ —
דער עולם לאַכט פון איציק׳ס ווערטלעך.
עס שפּירט זיך: מ׳האָט דעם פעטער ליב.
נעמט יאָסל ליוליק׳ן אָן צערטלעך:
— „דאָס עסן קומט פאַר דעם פּרינציפּ.״ —

דאָס עס־צימער איז העל באַלויכטן
פון לעמפּ, צום באַלקן צוגעלייט.
אויף פּנים׳ער, מיט שיין באַהויכטע,
זיך מיניעט שבת׳דיקע פרייד.
די מענער — ריין שוין איינגעוואַשן,
די פרויען — ציכטיק אָנגעטאָן.
אויף טישן שעמערירן פלאַשן.
און י אָ ס ל ט אַ ק ע ר — אויבנאָן.
אויף רעכטס — — אַ שטראַליקער, דער פעטער,
און ל י ו ל י ק , אויפגעהייטערט — לינקס.
אויף הויכע, גלאַטע טאַבורעטן
דער עולם עסט און שפּאַסט און זינגט.
און ל י ו ל י ק קוקט אויף די חברים —
און ס׳וואַקסט דאָס האַרץ אים, ווי אַ שוואַום.
ער ווייסט: עס האָט באַשערט דער גורל
אָט־דאָ פאַרפלאַנצן זיך אַ היים.

2. די ערשטע נאַכט אין „אוריה"

ס׳ווערט שיטערלעך אין חדר־אוכל.
דער פעטער גייט פון טיש אַפּיר:
— „דער גאַסט איז מיד, איז זייט אים מוחל.
חברים, כ׳נעם אים איצט צו מיר.
מע שפּאַנט צום פעטער א י צ י ק ׳ ס שטיבל,
אויף בערגל, אין דער צווייטער ריי.
אויף הימלען, ווינטיקע און טריבע,
באַווייזט זיך וואו אַ שטערן, צוויי.
דעם פעטער׳ס שטיבל ז׳קליין און זויבער:
צוויי אַלקערם מיט געקאַלכטע ווענט.
עס בלענדן פאַרהענגלעך אויף שויבן,
אַ ווייסע ציך אויף קישן בלענדט.
דער פעטער פירט אין צווייטן חדר
אַריין דעם גאַסט: — „דאָ איז געררוים.
דאָ קאָנסטו זיין, ביז וועסט אַנטשיידן
אוואו פאַרפלאַנצן זיך אַ היים."
דער פעטער זעצט זיך אויפן בעטל:
— „נישטאָ די כוחות, ל י ו ל י ק. מער." —
ער רוקט אים צו אַ טאַבורעטל:
— „נו, זעץ זיך צו צו מיר אַהער!" —
אויף שטערן — אָנגעשטרענגטע זשילעס
ביים פעטער מיניען זיך אויף רויט —
און ווערן בלוי און ווערן לילע —
און ס׳פליסן האַסטיק זיינע רייד:

— „דו האָסט מיר, ליוליק, נישט געשריבן
וואָס ס'האָט צו אונדז דיך צ'ריקגעבראַכט.
נאָר וואָס עס זאָל נישט זיין די סיבה,
דו האָסט געטאָן אַ גוטע זאַך!" —
אין ליוליק'ס אויגן גליט דער טרויער:
— כ'בין מיד פון וואָגל איבער וועלט,
בין איך געקומען להשתקע —
און דאָ פאַרוואָרצלען מיין געצעלט." —
דער פעטער גיט אַ שלונג די סלינע
און קוקט אויף ליוליק'ן פאַרווירט:
— „דו ווילסט דאָך וויסן וועגן דינה'ן,
נאָר שעמסט זיך פרעגן וועגן איר". —
נאָר ליוליק שווייגט אין זיך פאַרטאַיעט.
אין אויג — אַ פייערדיקע ראָד.
און ס'גיט אַ בליץ אין מאַרך אַ רעיון:
— 'וואָס איז געשען מיט איר, מיין גאָט!' —
ער הערט דעם פעטער'ס רייד: — „באַקומען
האָט זי איר אורלויב אויף דריי טעג —
און היינט בייטאָג צו'ר אַלטער מומען
איז זי קיין תל־אָביב אַוועק.
ס'איז שפּעט. נישט איצט די צייט צו ריידן.
דו שלאָף זיך אויס." — און מיט אַ לאַך
ער שפּאַנט אַוועק צו זיך אין חדר:
— "דער טאָג איז קליגער פון דער נאַכט." —

* * *

ווען ליוליק איז אַליין פאַרבליבן,
האָט ער פון פיין זיך שיער געעקט:
— 'וואָס איז געווען די וואָרע סיבה,
'וואָס דינה פּלוצים איז אַוועק?' —
עס שווימען־אויף אים אין זכרון:
אויף הר־הכרמל לעצטער טאָג,
די שעה'ן ביטערע, ווי מרור,
און דינה'ס וויטיקדיקער זאָג:
'פאַרסט, ליוליק, זוכן פאַלשע גליקן —
'און לאָזט מיך דאָ אין הינערפלעט...
'איך זע פאָראויס שוין דיין צוריקקער,
'נאָר זיין וועט, ליוליק, שפּעט, צו־שפּעט...'
האָט ער געקאָנט דען אַנדערש האַנדלען,
ווי שמעטערן די לעצטע בריק:
אַליין אַוועק אין וויטן וואַנדער,
כדי נישט שטערן יאַנקאָ'ס גליק?

און איצט, אַז ער איז צ׳ריקגעקומען,
איז אפשר טאַקע שפּעט, צו־שפּעט...
אין פּיין, חרטה און אין אומער
וואַרפט ל י ו ל י ק זיך אויף שמאָלן בעט:
— ׳ס׳איז אפשר מער נישטאָ קיין האָפענונג
׳צוריקגעווינען ד י נ ה ׳ס האַרץ?׳ —
פאַרטאָג ערשט איז ער איינגעשלאָפן,
פאַרזונקען טיף אין אַ קאָשמאַר.
* * *
די זון מיט גאָלד־שטראַלן, ווי צינגער,
האָט ל י ו ל י ק ׳ס אויגן אויסגעקושט,
האָט ער דערפילט זיך פרישער, יינגער,
אַ שטראַלנדיקער אונטער טוש.
ער רייבט דאָס לייב מיט פרישן וויש־טוך
און קוועלט פון זיסער לעבנס־פרייד.
דער פעטער רופט אים גיין צו פרישטיק
מיט האַלבע, תפילה׳דיקע רייד:
— „כ׳האָב אָפּגעדאַוונט שוין פונפאַרנט —
און ס׳קלעמט מיר שוין דאָס אַלטע האַרץ...
כ׳בין ווייט אין „שחרית״ שוין פאַרפאַרן,
ועט גאָט נישט שטראָפן מיך דערפאַר.״ —
די זון מיט שטראַליקע חלפים
גליט היים אויף פענצטער־פאַראַפּעט:
— „נו, זאָג, ווי איז זיך עס געשלאָפן
דעם וואַנדערער אויף ווייכן בעט?״ —
מע שפּאַנט צום עס־צימער צוזאַמען.
דער פעטער לויבט די גוטע קעסט.
די קעכין — ווי אַ גוטע מאַמע,
דערלאַנגט זיי איילבירטן און קעז,
ציקאָריע שוואַרצע, חלות ברוינע
און אויסגעזאָטענעם נאַהיט.
דער עולם קייט אויף אַלע ציינער
מיט וועלפישן, מיט אַפּעטיט.
דער פעטער הויבט זיך אויף אַ שטילער
און לאָזט זיך שפּאַנען צו דער טיר:
— „כ׳וועל, ל י ו ל י ק, ענדיקן די תפילות —
און דו? דו כאַפּ דאָ אַ שפּאַציר.
באַטראַכט מיט דיכטערישע אויגן
וואָס ס׳האָט געשאַפן אונדזער מי.
דו קוק זיך צו, ווי קעלבלעך זויגן
און ווי צופרידן זענען קי.״ —

### 3. אַ רעגן אין קיבוץ

יורה־רעגן, יורה־רעגן
טריפט אויף פעלד און גאַס און וועג,
גרייט פאַר קליינע קינדער־וועגן
ברויט אויף זאַנגען פולע זעק.
מאָרגן וועט מען מאָלן ווייצן
אין די מילן פון קיבוץ,
וועט, ווי זויין, די שפע פלייצן
אין די הענט פון דעם חלוץ.
וועלן קינדער עסן חלות,
וואַקסן זוניק, ווי דער זאַנג:
מיידלעך — שיינע, שטאַלטנע כלות,
יינגלעך — קרעפטיק, יונג און שלאַנק.

**פון די פעלדער גייט אַ פּאַרע,**
פון די הייכן שלאָגט אַ היץ.
איבער טאָלן יאָגט אַ כמאַרע,
איבער שפּיצבערג רייט אַ בליץ.
פרומע זאַנגען פאַלן כורעים,
שלאָגן מלקות זיך אין שטויב,
בייטן דוכענען צום בורא,
שיקן אים פאַר אַלץ אַ לויב.
דוכט זיך: בליץ האָט הויך און נידער
ערשט אַרויסגעשטעקט די צונג,
נאָר דער הימל בלויט שוין ווידער
און דורך וואָלקנס שיינט די זון.
זון און רעגן — ווי משונה
טריפן טראָפּנס פאַרביק גלאָז.
וואו איז בליץ און וואו איז דונער,
וואו איז פלייצנדיקער גאָס?
זון און רעגן אין געוועט.
טריפט די שפע׳דיקע זעט.

### 4. אַ שפּאַציר

ויצא יואל — און ס׳איז ליוליק
אַרוים אויף אַ שפּאַציר אין פעלד:
באַקוקן פון קיבוץ די גבולן,
ווי יש געוואָרן איז פון תל.
ביים שטאַל געקומען אים אַנטקעגן
דער חבר איז יוסף חרט:
— „קום, כ׳וועל דיר אונדזער גאַנץ פאַרמעגן
באַווייזן, ליוליק, מיט פּאַראַד.

— „מיר פירן דאָ אַ גוטע ווירטשאַפט,
וואָס בלייבן וועט פון דור צו דור —
און ס׳איז פאַראַן אַ טרייסט, אַז מירטשעם,
ס׳וועט אַ מלוכה זיין, פאַרוואָר!
קיבוץ איז אָנהויב פון מלוכה,
בזעיר אַנפּין — באַלד אַ שטאַט.
מיר זענען דאָ צו אַלעם מוכן:
צו קלענסטער, ווי צו גרעסטער טאַט.
מיר האָבן דאָ געבוירן קינדער,
דעם ערשטן ליכטיקן פאַרזיי:
מיר גיבן וואָרצלען זיי אַצינדער,
אַז וואַקסן פליגלען זאָל ביי זיי.״ —

זיי שפּאַנען ווייטער. ס׳ליגן פּיאָשן
אין שבת׳דיקער רו ביים צוים.
די פעלדער שטייען אָפּגעקאָשיעט,
די סטויגן הויבן זיך צום רוים.
ביים זייט פון פעלד זיך ציען טראַקטן:
אַ לאַנגער — לינקס, אַ קורצער — רעכטס.
אויף לאָנקע שטייט אַ נייער טראַקטאָר,
אַרומגעזוימט מיט בלומען־פלעכט.
און ס׳גיט אַ ציטער ס׳קול ביי יאָסל׳ען:
— „שוין פינף חדשים נאָכאַנאַנד
דער נייער טראַקטאָר שטייט פאַר׳יתום׳ט
און בענקט נאָך יאַנקאָ׳ס פלינקער האַנט.״ —

עס שלאָגט אַ שוויים אויף ליוליק׳ס פּנים.
ער קוקט דעם טראַקטאָר אָן מיט שטוין.
— „דערצייל מיר, יאָסל, ווי די שונאים
פאַרשניטן האָבן זיין געביין!״ —
און יאָסל פירט אים צו אַ קבר
וואָס בערגלט זיך אַליין אין פעלד:
— „דאָ וועט פאַר יאַנקאָ׳ן אַ מצבה
אינגיכן ווערן אויפגעשטעלט!״ —
און ליוליק גיט אַ פאַל דאַנעבן,
ביי יאַנקאָ׳ס פרישן בערגל ערד:
— „איך וועל באַצאָלן פאַר דיין לעבן,
פאַרשניטענעם פון שונא׳ס שווערד.״ —
מיט ציין אויף ליפּן בייז פאַרשטשעמעט,
ער גיט אַ שטעל זיך אויף די פיס:
— „איך שווער, איך וועל זיין אָרט פאַרנעמען,
כ׳וויל ווערן דאָ אַ טראַקטאָריסט.״ —

און יאַסל נעמט ביים האַנט אים צערטלעך
און טרייסלט־אָפּ פון ראָק דעם שטויב.
און ס׳קלינגען פייערלעך די ווערטער:
— „ר׳איז טויט, ווייל ער האָט בלינד געגלויבט.
ער האָט געגלויבט, אַז נישט מיט שנאה
מע קאָן דעראָבערן דאָס לאַנד,
האָט אים געטויט אַ בעדואינער
מיט ווילד־פאַרעטערישער האַנט.
אַ יאָר צוריק האָט זיך באַוויזן
ביי אונדז אַ שעיך, אַ בעדואין:
דאָס פּנים אויסגעהאַקט פון קיזל,
די אויגן — גרינע, ווי אַ שפּין.
געווען איז יאַנקאָ קלוג, ווי שלמה,
נאָר שלויער איז געווען אַכמעד:
מיט זיסע רייד, מיט פאַלשע טרוימען
האָט ער פאַרפירט אים, ווי אַ שד:
— ׳עס קאָן דער ייד און בעדואינער
׳בשלום לעבן דאָ אין לאַנד...׳ —
און ס׳האָט געלאָזט זיך יאַנקאָ דינען —
פאַרשפּילט דאָס לעבן, ווי אַ פאַנט.

— „געוואָרנט האָט מען אים פון חיפה:
— ׳זיי פאַרזיכטיק מיט מדבר־הינט!׳ —
נאָר יאַנקאָ האָט מיט ווילדן אייפער
אין אַלץ געגלויבט דעם בעדואין.
געטענה׳ט: — ׳שליסן דאַרף מען פרידן
׳מיט מדבר־הינט, וואָס זענען שלוי —
׳מער נוצן וועלן האָבן יידן
׳פון שלום שטענדיקן מיט זיי.׳
פאַרגעסן יאַנקאָ אויף איין רגע
האָט ס׳אַלטע, אייביקע געזעץ:
— ׳נישט טרוי אין פעלד, אויף מדבר־שטעגן
׳דעם פיינט, וואָס שפּרייט פאַר דיר אַ נעץ!׳ —
און יאַנקאָ׳ן האָט אין אָנהויב פרילינג
דער שלויער מדבר־הונט אַכמעד
פאַרבעטן רויכן אַ „נאַרגילע״ —
און אים דערשטאָכן אין טשערעט.
זינט דאַן — אין זומפּישע געזאַנקען
ז׳אַכמעד פאַרשוואונדן, דער בערקוט.
אַזוי האָט אונדזער חבר יאַנקאָ
דאָס לאַנד געהייליקט מיט זיין בלוט!״ —

זיי שפּאַנען איבער אַסיען־סעדער.
און ליוליק טראַכט מיט פּיין און פרייד :
— ׳איך מוז געפינען דעם אַכמעד׳ן,
׳באַצאָלן אים פאַר יאַנקאָ׳ס טויט.׳ —
* * *
בייטאָג, נאָך שבת׳דיקן דרימל
דער פעטער האָט זיך אויסגעהוסט.
ער שפּאַנט מיט דריבנע טריט אין צימער
און האַלט די האַנט אויף דאַרער ברוסט.
פון אַלטן, טיף־צעקנייטשטן פּרצוף
די אויגן קוקן מיד און שטום :
— „דו נעמסט זיך אפשר גאָר צום האַרצן,
וואָס כ׳בין געוואָרן פלוצים פרום ?
ווען מענטש איז יונג, ער רייסט־איין וועלטן
און ס׳ציט דאָס האַרץ אים צו פאַרבאָט.
נאָר גיט אַ שפּרונג אויף אים די עלטער,
ער נעמט זיך נענטערן צו גאָט.
נו, כאַפּט מען אָפטמאָל אַ „מה־טובו״
און מיט „עלינו״ מע פאַרבייסט :
מע מוז דאָך מ׳אַלטן גאָט יהוה
אויך צושאַרן אַביסל שפּייז.
און דו ? וואָס זענען דיינע פּלענער ?
ווילסט זיין אַ סופר אין קיבוץ ?
ווען ווע‍סט דעם חשבון מאַכן, זע נאָר :
עס זאָל אַרויסקומען בלויז גוטס.״ —
און ליוליק ענטפערט : — „אויסגעריסן
האָט איר פון ווּיסטעניש דאָס לאַנד,
אויך איך בין גרייט אויף בערגער ליסע
צום בויען צולייגן אַ האַנט.
איז מאָרגן פאַר איך אָפּ קיין חיפה
זיך לערנען טרייבן אַ מאָטאָר.
עס קאָן נאָך צוואוואַרטן דער סופר —
איך וויל פאַרנעמען יאַנקאָ׳ס אָרט.״ —
—„פאַרנעמען יאַנקאָ׳ס אָרט... ביי דינה׳ן ?...״—
פאַרהאַקט ביים פעטער זיך דאָס קול :
׳דאָס מוז מען, ברודער, זיך פאַרדינען...
דאָס קריגט מען, ליוליק, נישט בזול...
און צ׳ריקגערעדט... פאַראַן אַ סברה...
קאָן זיין, דו האָסט נאָך אַליץ אַ שאַנס...״ —
אויף מאָרגן ז׳ליוליק אָפּגעפאָרן
אין שטאָט מיט ערשטן דיליזשאַנס.

## ד. דער דיכטער־טראַקטאָריסט

### 1. אין דער טראַקטאָר־שולע

אין חיפה ליוליק איז צו ניר׳ן
געקומען מאָנטיק, פול מיט פרייד.
ס׳האָט ניר געהאַט שוין די פּאַפּירן
אַלץ, ווי געהעריק, צוגעגרייט:
חדשים דריי אין טראַקטאָר־שולע —
און אַלץ געשען וועט, ווי געשמירט.
— „הכול בסדר, חבר ליוליק!״ —
— „הכול בסדר, חבר ניר!״ —
די וואָכן לויפן, ווי גאַזעלן
אויף הרי־גלעד — אין גאַלאָפּ.
די בלעטער האַרבסטיקע און געלע
פוןביימער פאַלן שוין אַראָפּ.

ס׳באַפאַלט אָפט ליוליק׳ן אַ בענקשאַפט
נאָך שווערן לערן־טאָג אין שול —
און ס׳נעמט אַרום אים אַזאַ קרענקשאַפט,
און ס׳האַרץ זיינס ווערט מיט טרויער פול.
באַזונדערס ליידט ער די שבתים,
ווען ס׳איז די טראַקטאָר־שולע צו —
און ס׳איז אויף באַרג־שטאָט אויסגעגאָסן,
ווי טוי — די שבת׳דיקע רו.
ער האָט באַשלאָסן נישט צו פאָרן
אויף די שבתים אין קיבוץ.
ער וויל נישט שטערן דינה׳ן, קלאָר איז:
ר׳וויל פריער ווערן אַ חלוץ.
ער וועט פאַרענדיקן די שולע.
(און ס׳ווערט דער אומעט אַזוי זיס!)
ערשט דאַן וועט קיין „אוריה״ ליוליק
זיך צ׳ריקקערן — אַ טראַקטאָריסט.
ס׳פאַרדריסט אים שטאַרק: הלמאי איז דינה
פון אים אַוועק קיין תל־אָביב.
נאָר טיף אין האַרצן, ווי אַ כנור,
מוזיק פון ליבשאַפט פליסט און טריפט:
׳ס׳האָט דינה זיך מסתם דערשראָקן,
׳וואָס ליוליק איז געקומען צ׳ריק:
׳צו שענקען ליבע איר, ווי צדקה,
׳און חבר־קרבן — אָנשטאָט גליק...׳ —

## 2. אַ באַגעגעניש מיט דינה׳ן

ער דרייט אַרום זיך אויפֿן כרמל
אין פֿריער שבת׳דיקער שעה.
עס באַקט די זון — אַ הייסע זשאַר־מיל —
אין וואָלקנס ווייס און ראָז און בלאָ.
ער שטייט אין וואונדער און אין גאַפֿן
און קוקט אויף אויסגעשפּרייטער שטאָט —
און ס׳דוכט זיך אים: ווי ס׳וואָלט דער האַפֿן
געוואָרט אויף אָנקום פֿון אַ פֿלאָט.
און ס׳צינדט זיך אָן אין מאַרך אַ שייטער,
און ס׳גיט אַ פֿלאַטער, ווי אַ פֿאָן —
אַ שטעל פֿון פּושקינ׳ס „קופּער־רייטער":
— „זדיעס בודיעט גאָראָד זאַלאָזשאָן!" — 1)
ער טראַכט: — ׳דאָ וועט אַמאָל נאָך ווייען,
׳אַריבער טומלדיקן פּאָרט,
׳די שטאָלצע פֿאָן, די ווייס־און־בלויע —
׳אַ העלער חלום אויף דער וואָר.׳ —
אָן אויפֿגעבראַוזטער פֿון חזיון,
פֿאַרגעסן ליוליק האָט זיין ווי:
צעשמעלצט האָט זיך פֿון אייז דער טרויער,
ווי פֿון דער זון — אַ הרודע שניי.
און ליוליק קלעטערט העכער, העכער:
אָט איז דער אַלטער „בית־חולים" —
ס׳האָט דאָ, אונטער די גרינע דעכער
געזעגנט דינה זיך מיט אים.
אָט־דאָ מיט קרייזלדיקן קאָפּ
איז זי געלאָפֿן באַרג־אַראָפּ...
די זון — אַ גאָלדענער מכשף —
וואַרפֿט שטראַלן אויף בית־עולם הויף:
ווי שעפּסן מידע — פֿון דער פּאַשע,
מצבות קריכן באַרג־אַרויף.
און מיטאַמאָל — פֿון גאַנעק גרינעם
ביים צוגעבויטן „בית־חולים":
ס׳איז טרוים, צי וואָר? ער זעט, ווי דינה
מיט טריט, מיט ראַשע שפּאַנט צו אים.
זי גיט אַ שטרעק די צאַרטע הענט אים,
און ווי אַ כינור, קלינגט איר שטים:
— „געקומען נאָך מעדיקאַמענטן
בין איך אַהער אין „בית־חולים"." —

---

1) „דאָ וועט פֿאַרלייגט ווערן אַ שטאָט!"

ער שטייט, פון אירע רייד צעטומלט,
און פילט — ס'איז אָטעמען אים שווער:
דאָס בלוט אין שלייפן זשומעט, זשומעט,
אויף וויעם עקשנ'ט זיך אַ טרער.
ער קוקט אין אירע אויגן קלאָרע
אין שטומען, שיקלדיקן שטוין:
איר איידל פּנים — רייפער קאָרן,
פון זון און מדבר-ווינט פאַרברוינט.
זי שטייט פאַר אים — אַ זיסע פּרי
אין רייפן, יוגנטלעכן בלענד,
וואָס גרייט איז אָפּגעריסן ווערן
פון ליכטיק-בענטשנדיקע הענט.
ער קומט צו זיך. די פאַרב נעמט מיניען
אויף בלייך און שטוינענדיק געזיכט:
— „אַנטשולדיק, אַך, אַנטשולדיק, דינה,
איך האָב... אויף דיר... זיך נישט געריכט...
פאַרוואָס האָסטו געוואָלט מיך שטראָפן?..
וואָס האָט געקאָנט דען טאָן מאַכמעד,
ווען ס'איז דער באַרג פון אים אַנטלאָפן,
ווי פון דעם ווייַרויך לויפט אַ שד?...
נאָר זאָל געבענטש מיר זיין דיין קומען
אין שעה פון ליבשאַפט און פון צער.
מיט האָרץ, געלייטערטן פון טומאָה,
אַ לעבן-לאַנג אויף דיר איך וואַרט." —

* * *

זיי הויבן אויף זיך העכער, העכער
מיט פלינקע, יוגנטלעכע טריט.
אין טאָל — די שטאָט מיט רויטע דעכער
בלענדט, ווי זי וואָלט פאַר זיי געקניט.
זיי זעצן זיך אויף פניאַק אַנידער,
אין שאָטן פון אַ צעדער-בוים.
עס זינגט אַ ניגון אין די גלידער:
איז דאָס די וואָר, צי ס'איז אַ טרוים?
— „איך בעט אַנטשולדיקונג, מיין ליוליק,
פאַר מיידליש-נאַרישן „פּאַריוו",
וואָס כ'בין אַנטלאָפן, ווי אַ דולע,
אין יענעם טאָג קיין תל-אָביב.
ווען נחשון האָט געבראַכט די בשורה,
אַז דו ביזט דאָ אין לאַנד צוריק,
האָט זיך דאָס האָרץ מיינס ווילד צעשטורעמט,
געפּלעפט פון פּלוצימדיקן גליק.

— „איך שעם זיך נישט דיר צו דערציילן,
כ'בין נישט קיין פחדנ'טע, דו ווייסט!
נאָר כ'האָב דערפילט, אַז נייע גרוילן
מיר גרייט דעם גורל'ס האַרטע פויסט.
אין מאַרך געצונדן זיך אַ רעיון:
'ווער ווייסט. צוואָס ער קומט אַהער?
'צי אפשר האָט געבראַכט ער ר אַ י אַ'ן?'
געוועזן דער רעיון ביטער־שווער...
ווען ס'האָט מיר אָנגעזאָגט דער פעטער,
אַז פּרייטיק קומסטו אויפדערנאַכט, —
כ'האָב נישט געזען פאַר זיך קיין רעטונג —
און שנעל אַנטלאָפן פון דער שלאַכט.
כ'האָב זיך געשראָקן: די נאָמאַדן,
ווי בעדואינער, וואַנדלען אום...
דו וועסט אַ פּאַשע־טאָן די סטאַדע —
און זוכן זיך אַ נייעם תחום.

— „כ'ווייס נישט די סיבה פון דיין צ'ריקקער,
נאָר ו ו אָ ס די סיבה זאָל נישט זיין:
האָסטו מיין האַרץ אויפסנייַ פאַר'שיכור'ט,
ווי אַלטער קאַלאַראַשער וויין.
און ס'האָט צעשטורעמט, ווי מיט פויסטן,
מיט פיין, מיט ווייטיק און פאַרדרוס:
די פרייד, אַז ביזט געקומען טרייסטן
מיין האַרץ פון שרעקלעכן פאַרלוסט.
איך מוז זיך מודה זיין דאָ, ל י ו ל י ק,
אַז כ''האָב דיין צ'ריקקער דאָך דערוואַרט.
אין נעכט אין פינצטערע און דולע,
אַ נביא איז ס'פאַרליבטע האַרץ:
— „ווען י אַ נ ק אָ איז אין פיין געלעגן,
אַ גוסס'ער אין מיינע הענט,
מיין בליק האָט זיינעם שטיל באַגעגנט:
מיין גאָט, וואָס איך האָב דאָרט דערזען!
און איידער י אַ נ ק אָ איז געשטאָרבן,
האָט ער אַרויסגעשטאַמלט שוואַך:
— 'כ'ווייס, ד י נ ה, דיין און ל י ו ל י ק'ס קרבן,
'וואָס איר האָט ביידע מיר געבראַכט.
'אַז ס'וועט דער טויט מיך דאָ דערשטיקן,
'גיב, ליבע ד י נ ה, מיר דאָס וואָרט,
'אַז וועסט נאָך ל י ו ל י ק'ן באַלד שיקן:
'ער זאָל פאַרנעמען דאָ מיין אָרט!" —

און ס׳טוט אַ בלענד דאָ מיטאַמאָל אים:
פאַריזער נאַכט געווען איז טריב,
ווען יאַנקאָ׳ן ר׳האָט געזען אין חלום,
אין לעצטן גסיסה׳דיקן כריפ.
און ליוליק קוקט, אין טראַנס געפּענטעט:
זי שמייכלט — ווי אַ פרי-באַגין
גייט-אויף אויף ישוב, אויף פאַרברענטן...
און ס׳קלינגט זיין קול, ווי הייסער קין.
ר׳דערציילט מיט ווייטיקדיקער מינע
איר וועגן ראַיאַ׳ן און זשאַנעט:
— „כ׳געדענק, מיין טייערע, מיין דינה,
האָסט מיך געוואָרנט קעגן שד.
בין איך אַוועק פון וועגן קרומע
און זיך געראַטעוועט אין צייט:
פון ראַיאַ׳ס פאַרפומירטער טומאה
צו דיר — צו פראָסטער הייליקייט.
איך האָב געטרוימט אַ פאַלשן חלום
צו זיין אַ רוסישער פּאָעט,
נאָר צו יהוה׳ן האָט אַ פּאַלאַ
פאַרלוירן דיכטערשן געוועט.
— „איך לערן זיך אין טראַקטאָר-שולע.
און כ׳וויל נישט קלינגען דאָ באַנאַל:
דאָס ליד קאָן וואַרטן ביז ס׳וועט גאולה
אין גרויסן שופר טאָן אַ שאַל.
ס׳איז צייט צו ווערן, דינה, פּראַקטיש:
ביז כ׳וועל זיך אויסלערנען די שפּראַך,
כ׳וועל שרייבן לידער מיטן טראַקטאָר
אויף בייט אין לאַנד פון דעם תנ״ך.
איך בין צוריקגעקומען, דינה,
אַ באַנקראָטירטער דאָן-קיכאָט,
איז זאָג: מיט וואָס קאָן איך פאַרדינען
דיין ליבשאַפט, חבר׳שאַפט און גנאָד?” —

זי קוקט מיט בליק, מיט צער-פולן,
אַ טרער פון פרייד אויף וויעם הענגט:
— „אָ, ליוליק, ליולינקאַ, מיין ליוליק,
איך האָב נאָך דיר אַזוי געבענקט!”
און זי פאַרוואַרפט די שלאַנקע אָרעמס
אַרום זיין אָפּגעברענטן האַלדז.
ס׳פאַרשווינדן אַלע וויסטע וואָרן —
און ער פאַרגעסט אָן אַליץ, אָן אַליץ...

## ה. וואָרצלען און פליגלען

### 1. ימות־הגשמים1)

א חודש, ווי ימות־הגשמים
אין עמק האָבן זיך געשטעלט.
פון בערג אין טאָלן פלייצן שטראָמען.
צעווייקט איז אַלץ — פון שטוב ביז פעלד.
די וועגן — ווי פאַרפלייצטע טוואַניעס.2)
ס׳איז שווער צו מאַכן וואו אַ טראָט.
ווער רעדט: דערקלייבן זיך קיין ד ג נ י ה,
שוין אָפּגערעדט — קיין ע י ן - ח ר ו ד.
פון פרי ביז שפּעט זיך ווייקט „א ו ר י ה"
אין רעגן, רעגן — אָן אַ סוף.
מע וואַרט, די זון דורך וואָלקן־ווייעס
אַ שיין־טאָן זאָל — אַ מזל־טוב.
דער עולם דרייט זיך אום אַ כמורער,
פון לײדיק־גיין פאַרמאַטערט־מיד.
ווען וועט פאַרביי דער רעגן־שטורעם?
ס׳פילט יעדער: ר׳איז אַ פּאַראַזיט.

די איינציקע, וואָס איז פאַרנומען,
איז ד י נ ה דאָ דעם גאַנצן טאָג.
זי פּאַדעט אום מיט טריט מיט שטומע,
און ס׳בליט איר גוף — אַ מאַנדלשטאָק.
איר שטיבל איז איצט אַ „באָלניצע", 3)
ס׳קומט יעדער זוכן ביי איר שוץ.
זי איז די גאַנצע „פעלדשעריצע" — 4)
און יעדן היילט זי אין קיבוץ.
ווער ס׳האָט אַ פּשוטע פאַרקילונג
און ווער — אַן אויסגעלענקטן פוס.
זי שפּאַנט אַרום — אַ מידע, שטילע,
נאָר העלפן אַלעמען זי מוז.
דער נאָענטער דאָקטאָר איז אין חיפה,
ווער פאָרן קאָן אַצינד צו אים?
איז זי דער איינציקער דאָ רופא,
ביז מ׳עט דאָ בוי׳ן אַ „בית־חולים".

---

1) די טעג פון רעגנס. 2) בלאָטעס.
3) שפּיטאָל. 4) געהילף פון דאָקטאָר.

און דינה האָט אַנאַנדער סיבה
צו זיין אי גליקלעך, אי פאַרזאָרגט:
ווי זיבן קרוינען, שיינט איר ליבע —
אַ בלויער חלום אויף דער וואָר.
ס׳דאַרף ליוליק קומען קיין „אוריה״,
ר׳האָט שוין פאַרענדיקט טראַקטאָר־שול:
עס וועט זיך זייער גליק צעבליען —
און ס׳ווערט איר הארץ מיט חדווה פול.
אין יענער נאַכט האָט פונקט זיך פייגע׳ן,
דעם ווייב פון ברוך, דעם שומר,
פאַרגלוסט אין קימפעט זיך צו לייגן —
און ס׳איז געווען דאָס האָבן שווער.
האָט מיט דער קימפּעטאָרין דינה
געוואַכט די קאַלטע נעכט אין שבט,
און אויפן דריטן ערשט באַגינען
צוויי יינגלעך פייגע האָט געהאַט.
פאַרטאָג — די זון איז, ווי אַ כלה,
אַרויסגעשוואומען — צאַרט און בונט.
און ס׳האָבן אין קיבוץ זיך אַלע
געפרייט מיט צווילינג און מיט זון.
ווי שלענגלעך געלבלעכע און גרינע,
די ריטשקעס לויפן באַרג־אַראָפּ.
און מער פון אַלעם פרייט זיך דינה,
כאָטש ס׳טוט פון מידקייט ווי דער קאָפּ.

## 2. אַ שמחה אין קיבוץ

און מ׳האָט באַשלאָסן: אין „אוריה״
אַ שמחה פראַווען דאָ מיט ברען:
— „צוואָוואָס דאָ מאַכן לאַנגע שהיות?״ —
דער פעטער פליעסקעט מיט די הענט:
— „ס׳האָט גאָט געבענטשט אונדז מיט אַ צווילינג
און מיט אַ חופה נאָך דערצו —
איז דאַרפן קלעזמערלעך דאָ שפּילן,
אַ ברכה מאַכן „פּרו־ורבו״.
דער ברית וועט זיין לויט אַלע דינים
אימירטשעם שבת אינדערפרי,
פאַרנאַכט — פאַר ליוליק׳ן און דינה׳ן
אַ חופה — און ס׳וועט זיין „ויחי״!״ —
„אוריה״ גרייט זיך. ס׳גרייט זיך יאָסל
די שמחה פראַווען מיט פאַראַד.
און שמעון ניר׳ן, מ׳האָט באַשלאָסן,
אַז ער זאָל „פירן שטאַט״.

און אָט איז שבת. ס׳לויכטן היימען.
די זון — אין פורים׳דיקן גלי.
די פייגל צוויטשערן איןביימער
אַן איינשטודירטע פּאַפּורי.
ס׳איז ל י ו ל י ק פרייטיק נאָך געקומען,
מיט אים — דער חבר ש מ ע ו ן נ י ר.
די חתן־כלה, גליקלעך־שטומע,
שפּאַצירן־אום, ווי אין דעליר.
ס׳האָט זיינס שוין אָפּגעטאָן דער מוהל.
ס׳געוויין פון עופה׳לעך פאַרשטילט.
מיט ד י נ ה ׳ ן פּאָרען זיך די פרויען,
און נ ח ש ו ן רייניקט דעם חליל.
ער וויל צו׳ר חופה עפּעס שפּילן,
וואָס ער אַליין האָט דאָ פאַרפאַסט.
דער פעטער ז׳פאַרטיק מיט די תפילות —
און גייט אַ ריקוד פון עקסטאַז.

* * *

די שקיעה גליט, ווי רויטער קופּער.
עס זענען אַלע געסט שוין דאָ.
מע פירט היינט ס׳פּאָרל צו דער חופּה —
זאָל זיין אין מזל׳דיקער שעה!
באַלויכטן איז „חדר־האוכל״,
עס שטייט אויף טישן מכל־טוב.
אויף חתן־כלה׳ס שטערנס בלייכע
די חדווה פלאַטערט, ווי אַ כרוב.
מ׳האָט שוין פאַרזוכט פון די פּאַטראַוועס,
וואָס ר ו ת האָט צוגעגרייט מבחיר.
זי דרייט זיך אום דאָ, ווי אַ פּאַווע:
אין פרילינג — מירטשעשעס, ביי איר...
ביים אויבנאָן — אין לאָמפּן־גלימער
זיצט חתן־כלה — ווייס, ווי קרייד.
אויף לינקער זייט זיצט חבר ש מ ע ו ן,
דער פעטער — אויף דער רעכטער זייט.
י ו ס ף ח ר ט — פאָרנעם און קאָנטעט —
דעם אָוונט עפנט מיט אַ פּלאַם:
— „ס׳איז היינט ביי אונדז אַ טאָפּלט־יום־טוב:
אַ ברית און חתונה צוזאַם.
כ׳האָב איינגעלאַדן חבר נ י ר ׳ ן
מיט אונדז צו טיילן גרויסע פרייד,
וועט ער דעם יום־טוב אונדז באַצירן
מיט זיינע פּייערלעכע רייד.״ —

עס גיט אַ הויב זיך חבר ש מ ע ו ן
אין פולער הויך: אַ צעדער — שלאַנק.
ער נעמט אַרום מיט בליק דעם צימער:
— „חברים, ס'בויט דאָ אונדזער לאַנד
אַ דור פון פּחד און מהומה,
פון נויט, פּאָגראָמען און ראַזבאַי.
נישט ער אַליין — די גאַנצע אומה
געשראָקן האָט זיך פאַרן גוי.
נאָר מיר — געשלאָגענע, מיר — שוואַכע,
מיר ווילן אויסמעקן מיט פלוך
די מיאוסע ווערטער: „אימה", „פּחד"
פון אונדזער אומה'ס ווערטערבוך.

— „מיר האָבן העלדן שוין געשאַפן
אָן העלדישקייט, אָן פאַלשן שטאָלץ,
וואָס פירן בראַוו אין שטילן האַפן
די וואַנדער-שיף פון אונדזער פאָלק.
פאַראַן אין פאָלק מכל המינים.
עס בויט זיך ערשט דער נייער מענטש.
ס'וועט ליבשאַפט זיין, ס'וועט זיין אויך שנאה,
און ציין-געקריץ און פלוך און בענטש.
נאָר ס'וועט דער שמעלץ-טאָפּ פון געשיכטע
געבוירן דאָ, אַזאַ יציר —
פון אים גע'חלומ'ט האָבן דיכטער
אין ליכטיקסטן, אין זייער שיר:
דער מענטש, וואָס וועט דעם יאָך פון אַרבעט
באַטראַכטן, ווי אַ זיס געשאַנק —
און בלייבן וועט אים צייט צו אַרבן
דעם שניט פון קונסט און פון געדאַנק.

— „איר ווייסט, נישט אַלץ נאָך גייט דאָ כשורה,
מע גראָבט נאָך מיט דער נאָז די ערד.
נאָר אונדזער דור, דעם ד ו ר פון ג ב ו ר ה,
דאָס העכסטע גליק איז דאָ באַשערט:
נאָך אַלע אומגליקן און פּחדים
איז אונדז באַשערט אין נייער היים
צו שלאָגן ו ו אָ ר צ ל ע ן אין דעם באָדן,
אַז קריגן פ ל י ג ל ע ן זאָל דער טרוים.
אַנטרונענע פון אומגערעכטשאַפט,
פון פּיין, פּאָגראָמען און פון מאָרד,
מיר זענען ל ע צ ט ע ר ד ו ר פון ק נ ע כ ט ש אַ פ ט,
און פון ג א ו ל ה — ע ר ש ט ע ר ד ו ר.

— „חברים, ס'וואַקסט דאָ אונדזער משק,
עס מערט זיך אונדזער האָב און גוטס.
כ'שווער־איין דעם חבר י ו א ל נ ש ר
אַלס נייעם מיטגליד פון קיבוץ.
איך האָב אַמאָל געהאַט תרעומות
צו ל י ו ל י ק אַ ד ל ע ר — דעם פּאָעט,
נאָר אין קיבוץ ר'איז צ'ריקגעקומען
פון וואַנדער איבער לענד און שטעט.
ווייל איינגעזען האָט ער אין וואַנדער,
אַז אויפשטעלן אַ נייע היים,
אַז בויען ס'אייגענע דאָ לאַנד איז —
דער שענצטער, דיכטערישער טרוים." —
עס גיט אַ שלונג די סלינע ש מ ע ו ן —
און ס'גיבן בליקן זיך אַ צינד:
— „עס איז נישט שייך דאָ צו רימען
דעם חבר י ו א ל'ן אַצינד.
נישט אַלץ, נישט אַלץ איז דאָ ראָמאַנטיש.
ס'וועט זיין אַסך נאָך פּיין און לייד,
נאָר נ ש ר צולייגן אַ האַנט איז
דאָ גרייט צו אונדזער שווייס און פרייד.
און כ'מוז באַזונדערס אונטערשטרייכן
די פרייד פאַר מיר, דעם סאָציאַליסט,
וואָס נ ש ר קומט אַריין אַלס גלייכער
אין קאָלעקטיוו — אַלס טראַקטאָריסט.
איך וויל, איר זאָלט, חברים, וויסן:
ער וועט פאַרנעמען י אַ נ ק אָ'ס אָרט.
איז לאָמיר אַלע אים באַגריסן
און ווינטשן מזל־טוב דער פאַר!" —

* * *

דער עולם שטורעמט: — „בראַוואָ! בראַוואָ!
ווילקאָמען, י ו א ל, אין קיבוץ!" —
און פּלוצים גיט אַ רוף אַ חבר:
— „וואָס שווייגט דער פעטער, ווי אַ שטוץ?" —
דער פעטער הויבט זיך אויף פּאַמעלעך,
אין שוואַרצן אויסגעפּוצט סורדוט.
ער זעט דאָ אויס: אַן אַלטער מלך,
וואָס האָט אין שלאַכט פאַרשפּילט זיין „גדוד".
אויף באַקן טרערן רינען, רינען:
— „אַך, ל י ו ל י ק טייערער, מיין זון,
וואָס זאָל איך ווינטשן דיר מיט ד י נ ה'ן?
אַ גליקלעך לעבן און געזונט!" —

ער קומט צו זיך. דאָס פּנים שטראַלט אים,
אויף שטערן גלייכט זיך אויס דער קאַרב:
— „נישט נעמט פאַר אומגוט רייד פון אַלטן,
וואָס רעדט מיט ליבשאַפט און מיט צער.
כ'האָב צוגעוואוינט זיך שוין צו פּיאַשן —
צום עתיד זענען זיי דער וועג.
נאָר אייער לשון, אוי, דאָס לשון
מיך הרג'עט, ל י ו ל י ק, דאָ אַוועק.
עס פרייט זיך כלה מיט איר חתן,
נאָר גיי און פרייַ זיך מיט כ אַ ט אַ ן„.
ס'האָט מיר אַ טעם, ווי פון ל ו י ת ן
געוואָרן דאָ איז „ל י ו ו י אַ ט אַ ן".
עס פרייט זיך חתן מיט זיין כ ל ה,
נאָר גיי און פרייַ זיך מיט „ק אַ ל אַ".
איך קאָן נישט כאַפּן קיין התפעלות,
ווען ס'ווערט פון ב ת ו ל ה — „ב ע ט ו ל אַ".
איך האָב רחמנות אויף אַ י ת ו ם,
גיי האָב רחמנות אויף „י אַ ט אַ ם"...
דאָס אַלץ געוואָלט האָט זאָגן, י אַ ס ל,
דער אַלטער פעטער... און שאַלאָם!" —

דער עולם לאַכט פון פעטער'ס שפּאַסן.
און ש מ ע ו ן שמייכלט אין דער וואָנס.
און ל י ו ל י ק זיצט און ציט דעם פּאַסעק,
דאָס פּנים אויסגעהאַקט פון בראָנדז.
עס קומט צו זיך דער ערשטער י אַ ס ל.
ער גיט אַ הויב זיך פונ'ם אָרט:
— „און איצט, חברים, האָט דער חתן,
דער חבר נ ש ר דאָ דאָס וואָרט!" —
שפּרינגט ל י ו ל י ק אויף. ווי גיי־געבוירן,
דערשפּירט ער דאָ זיך מיטאַמאָל:
— „עס קומט מיר נישט קיין דאַנק, חברים!" —
זיין קול צעקלינגט זיך הייס און שטאָלץ:
— „ס'איז פון די אויגן מיר דער שלייער
אַראָפּגעפאַלן, ווי אַ גרויל.
בין איך געקומען להשתקע,
פון אייך צו ווערן דאָ אַ טייל.
מע פלאַנצט דאָ גערטנער און פּרדסים,
קיבוצים בויט מען דאָ און שטעט,
מע שטעלט דאָ אויף אַ נייעם בית־אל —
וויל אויך דאָ העלפן דער פּאָעט.

— „און נישט מיט לידער בלויז און שירה,
מיט חלום בלויז פון פּאַראַדיז —
ס'איז גרייט דאָ איינשפּאַנען זיין לירע
אין וואָר — דער דיכטער־טראַקטאָריסט.
געזעצט איז נ י ר : די בּגדי־משי
האָט ל י ו ל י ק א ד ל ע ר אויסגעטאָן.
פון איצט־אָן היים איך י ו א ל נ ש ר —
אַ פּראָסטער זעלנער אויפן פראָנט." —
דער עולם זיצט אין גראַמען צימער,
צעפלאַמט, צערודערט און צע'חוש'ט.
דער ערשטער האָט זיך חבר ש מ ע ו ן
מיט חבר י ו א ל ' ן צעקושט.
און נ ח ש ו ן שטראַלט. מיט שטילער פרייד ער
נעמט אייפּריק בלאָזן אין חליל —
און ס'קלינגט אין אַנגעגליטן חדר
זיין פריידיק־טרויעריקע שפּיל.
און מ'איז אַוועק אַ נייע „האָרא"
מיט האַסטיק־יוגנטלעכן ברען.
עס טאַנצן פרויען, ס'העפּען זכרים.
דער פעטער פּעטער פּליעסקעט מיט די הענט.
די אויגן ברענען, ווי די קינען.
דער עולם פלעכט זיך אין אַ קראַנץ.
מע שלעפּט שוין ל י ו ל י ק ' ן מיט ד י נ ה ' ן
אַריין אין חתן־כלה טאַנץ.

3. ש ו מ ר מ ה מ ל י ל ?...

אַוועק אַ יאָר. עס בליט א ו ר י ה".
און י ו א ל האָט אַ גוטע ווייב.
אין קילע, בלויע אינדערפרייען
אין פעלד ער י אַ נ ק אָ ' ס טראַקטאָר טרייבט.
ס'איז אַלץ אים מזל'דיק: די תבואה
האָט זיך פאַרמערט שוין אין קיבוץ.
דער ווייץ שוין בליט אויף באַרג־שיפּוע,
עס וואַקסט דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס.
אויף בערגל שטייט שוין אַ „באַלניצע".
אַ דאָקטאָר דרייט זיך דאָרט אַרום.
ס'איז ד י נ ה מער קיין „פעלדשעריצע",
זי האָט צעבליט זיך, ווי אַ בלום.
ס'איז גוט געוועזן צו איר דער גורל,
און עולה־יפה איז דער בונד:
זי האָט שוין י ו א ל ' ן געבוירן
אַ ליכטיקן, אַ וואוילן זון.

אַ נאָמען נאָך דעם קדוש  יאַנקאַ,
זיי רופן זייער זון  יעקב.
ס׳איז  גשר׳ס  לעבן טיף־פאַראַנקערט
איז נעמט ער אַלץ אָן בכי־טוב.
צוויי מאָל געזאָגט האָט אים שוין  שמעון:
— „דו אַרבעטסט גלענצנד אין קיבוץ.
נאָר ס׳איז דיין נאָמען אויף רשימה:
אונדז העלפן אין געהיימער שוץ.״ —
און  יואל  האָט דעם אַמט גענומען,
דערפילט, ר׳איז ראָוי שוין דערצו.
בלויז  דינה  האָט געקוקט מיט קומער:
אין האַרצן — שרעק, אין אויגן — רו.
און איבער פופציק בראַווע אירע
געוואָרן  ז׳יואל  קאָמאַנדיר:
אַרום קיבוצים האַלט מען שמירה,
פון לויער מייסטערס און פון שפיר.
מע זוכט, מע נישטערט אין די „וואדים״:
צי לויערט נישט פון דאָרט דער פיינט?
מע היט די גערטנער און די סטאַדעס
אין דער לבנה׳ס זאַפראַן־שיין.

אַמאָל ביים שיין פון שאַרפן מולד
מע זיצט אין פרדס שפּעט ביינאַכט.
מע האָט זיך אָנגעהערט מיט גרוילן,
איז דאַרף מען שטענדיק האַלטן וואַך:
דאָ ווערט פון אַ קיבוץ פאַרלוירן
אַ יונגע טעלעצע אין בלי,
דאָ האָט מען פלוצים צוויי חמורים
אַוועקגע׳לקח׳נט אינדערפרי.
דאָ מ׳האָט אַ פרידה אָפּגעבונדן
אינמיטן העלן טאָג ביים שטאַל,
צי ערגעץ־וואו אונטערגעצונדן
אַ שומר־ביידל ביי דעם קוואַל.

דאָ האָט מען אָפּגע׳סמ׳ט אַ ברונעם,
געלאָזט דעם „רויטן האָן״ אין פעלד,
דעם וועג מיט זאַמדיקע, מיט דיונען
צום צווייטן ישוב דאָ פאַרשטעלט.
פון אַלע ווינקלען שונא לויערט,
פון באַרג, פון מדבר און פון הייל:
— „זיי וואַך, אַ שומר פון ישראל,
אָ, שומר, שומר מה מליל?...

און אומעטום מיט זיי איז יואל,
דער יונגער, בראַווער קאָמאַנדיר.
ער מונטערט זיי און טרייבט דעם טרויער
דורך נעכט פון חושך און געפריר:
— „קיין צוקער-לעקעכלעך מיט בראָנפן
האָט קיינער אונדז נישט צוגעזאָגט —
איז, חברה-יאַטן, נישט געפּאָנפּעט:
די גאולה היט ביז שיין פון טאָג!
ס'איז שווער דער שטרייט מיט מלכות-אדום,
נאָר מיר'ן פּאַקן דעם אַכמעד'ן!" —

## 4. יואל נשר געפינט אַכמעד'ן

ס'האָט איינמאָל שפּעט ביינאַכט אין „וואַדי"
געלויערט יואל מיט אַ יאַט:
אַוועקגעפירט אַ שעפּסן-סטאַדע
בייטאָג דער פיינט האָט, דער פּיראַט.
און מיטאַמאָל — ביי גרינע ראַנדן
פון טיפן טאָל מע הערט אַ קרעכץ...
זיי נעמען קריכן איבער זאַמדן —
און שפּירן: ס'שמעקט מיט עפּעס שלעכטס:
— 'צי איז עס אפשר אַ „זאַסאַדע", 1)
' אַ שפּיצל פון דעם שונא'ס האַנט?' —
און פּלוצים — אויפן מאַך פון „וואַדי"
זיי זעען: ס'קייקלט זיך אַ מאַן.
ער טראָגט אויף זיך אַראַבער-קליידער
און קוקט אויף זיי מיט בעטל-בליק:
— "כּאַביבים, ראַטעוועט מיך, איידער
דער טויט דער וויסטער מיך דערשטיקט!
זייט גוט, זייט גוט צו מיר, „מאָסקאָבים", 2)
נישט לאָזט מיך שטאַרבן דאָ אין שטויב!" —
גיט יואל אים אַ נעם פון גראָבן
און אויף די פּלייצעס אים אַ הויב.
דער צווייטער יאַט האַלט ביי די הענט אים —
און דורך דער האַרבסטיק-קילער נאַכט
דעם שווער-פאַרוואונדעטן „עפּענדי" 3)
זיי האָבן אין קיבוץ געבראַכט.
זיי האָבן אויפגעוועקט דעם דאָקטאָר
אין ציכטיק-ווייסן „בית-חולים".
עס ליגט דער חולה אַ פאַרצאָגטער
און פּרעפּלט מיט אַ שוואַכער שטים.

---

1) לויער-פּונקט. 2) רוסישע יידן. 3) אַראַבישער פּריץ.

ס'פאַרבינדט דער דאָקטאָר אים די וואונדן
און ווינקט צו יואל'ן: — „נישט גוט!
עס איז דער בויך אים שטאַרק צעשונדן,
ער האָט פאַרלוירן צופיל בלוט!" —
דער חולה קומט צו זיך אַ ווײַלע.
ער גיט אַ גלאָץ מיט אויגן — שטום.
מיט בליקן — פיבערדיקע קוילן —
ער נעמט דעם צימער שטיל אַרום:

— „וואו בין איך, טייערער כאַביבי?
צעווישן יידן? זאָג, נישט וואָר?" —
ער ציטערט־אויף אין הייסן פיבער
און גיט אַ שאָר די שוואַרצע האָר.
פרעגט יואל אים: — "ווי איז דיין נאָמען?" —
און יענער ענטפערט אין געפלעט:
— „נישט נעמט אין מיר איצט קיין נקמה —
מיין נאָמען איז אַלי־אַכמעד.
איך בין אַ שעיך, אַ בעדואינער,
פון שבט אבו־אל, ביים טייך..." —
ער מאַכט אַ ווייטיקדיקע מינע:
— „אַ פריינט פון איינעם דאָ ביי אייך...
געהייסן האָט דער בחור יאַנקאַ...
איך האָב אים זייער ליב געהאַט...
געהערט, ס'איז טויט דער יאַט, דער שלאַנקער...
כ'ווייס: ווער באַגאַנגען איז די טאַט..." —
— 'אַכמעד!' — אין יואל'ס מאַרך נעמט בליצן:
'דאָס איז ער דאָך, דער מדבר־הונט,
'וואָס האָט געטויט, דער ווסטער היצל,
'זיין פריינט — ישראל'ס שענצטן זון!' —
עס צינדט זיך אָן מיט האַס זיין פנים:
דעם הונט דערשיסן איז ער גרייט.
נאָר ס'רייסט דאָס האַרץ אים פון רחמנות —
און ר'שטעקט רעוואָלווער צ'ריק אין שייד...

פאַרטאָג געבראַכט האָט מען דעם „קאַדי".
געשטאַנען איז ער פרום און בלייך.
דערציילט האָט יואל, ווי אין „וואַדי"
געפונען מ'האָט פאַרוואונדטן שעיך.
עס האָט אַכמעד נאָך אַלץ געזיפצט.
דער „קאַדי" בויגט זיך אָן צו אים
און הערט: מיט שטאַרבנדיקע ליפּן
דער גוסס שעפּטשעט: — „ס'האָט סעלים,

— „מיין שוועסטער־קינד... דער בעדואינער...
אין „וואדי"... מיך ביינאַכט פאַרנאַרט —
און מיך געשטאָכן... פאַר ז א ר י נ א ׳ ן...
פאַר ווילדער מויד... מיט דער גיטאַר...
און נישט נאָר מיך... פאַר טרייער ליבע...
ס ע ל י ם... דער פינצטערער שאַקאַל..
ער האָט געטויט אויך .. מיין כאַביבי,
מיין פריינט... מיין י א נ ק א ׳ ן... ביי דעם קוואַל...
און האָט אויף מיר... אַרויפגעוואָרפן
די שולד... איך שווער דאָ ביי אַללאַה!" —
דאָס פּנים ווערט אים געל, ווי טאָרפן,
אויף ליפּן שטאַרבט דער לעצטער „האַ!" —
— —"פאַראַן אַ האַנט, וואָס פירט מיט צדק..." —
זאָגט י ו א ל שטיל און אומגעריכט.
ער קוקט מיט רחמים אויף א כ מ ע ד ׳ ן —
און דעקט אים איבער דאָס געזיכט.

**4. דער טויט פון פעטער איציק**

אויפגעשטאַנען יענעם שבת
איז דער פעטער אינדערפרי,
לאַנג געזוכט די אַלטע שקראַבעס,
אומגעקראָכן אויף די קני.
מיטאַמאָל — אין קאָפּ אַ שווינדל,
אָנגעכאַפּט זיך אין קאָמאָד:
עפּעס ווי עס וואָלט געשפּינדלט
גאַנצער גוף אים אין אַ ראָד.
זיך דערשלעפּט מיט אַלע כוחות,
זיך צוריקגעלייגט אין בעט.
ביז פאַרנאַכט מיט ליפּן בלייכע
שטיל געשעפּטשעט אַ געבעט:
— „גאָט, דו ווייסט, שוין לאַנג איך וואַרט דאָ —
געכט — אין ווייַ, אין אומעט — טעג,
זאָלסט מיט פאָטער־האַנט מיט צאַרטער
ווייזן מיר צו דיר אַ וועג.
אויב מיין שעה האָט שוין געשלאָגן, —
קרימט ער ווייטיקדיק די ליפּ:
— „ווער בין איך דיר דעות זאָגן?
דיר איז ניחאַ, איז מיר ליב.
גרייט איז א י צ י ק צו׳ר עקידה,
נאָר דאָס מעסער האַלט נאָך, האַלט.
כ׳הער: אין לעצטער חבלי־לידה
ווײַנט די טעליצע אין שטאַל.

— „צינד נאָך נישט דעם ערשטן שטערן,
האַלט נאָך אָן די שבת־רו.
כ׳קאָן אַמאָל נאָך נפטר ווערן,
איידער ס׳קעלבט זיך מיר די קו.״ —
הויבט ער אויף זיך פון געלעגער,
נעמט זיך וואַקלען — הויב און פאַל.
און מיט גראָזיק־שמאָלן שטעגל
ראַטשקעט זיך אַריין אין שטאַל.
און אין שטאַל איז ציכטיק־זויבער.
ס׳שמעקט מיט פרישן פּאָליטור,
מיט געדעמפּטן גרוך פון זשלויבן
און מיט ריח פון געבורט.
זעצט דער פעטער זיך אַנידער
אויפן שמאָלן טאַבורעט.
אוי, ווי ס׳נאָיען אים די גלידער,
נאָר ער שטאַרקט זיך — און ער זעט:
ס׳ליגט די טעליצע „צפורה״
אויף אַ בינטל היי פאַרשמאַכט.
און אַ קאַלב, אַ ניי־געבוירנס
האַלט זיך אויף די פיסלעך שוואַך.
נעמט ער ס׳ניי־געבוירן קעלבל
אויף די ציטערדיקע הענט,
גלעט די פעל די צאַרטע, געלבע.
פלוצים ווערט אין האַלדז אים ענג.

ס׳נעמען איברים פרירן, פרירן...
עפעס גיט אין האַרץ אַ זעג:
— „א י צ י ק ב ן ־ א ב ר ה ם ש אַ פּ י ר אָ,
ציים צו גרייטן זיך אין וועג!״ —
פאַר די אויגן נעמט אים בליצן:
— „אייל זיך צו, עס ווערט צו־שפּעט —
ס׳דאַרף נאָך קויפן אַלטער א י צ י ק
אין גן־עדן אַ בילעט...
וואָס־זשע איז דער הויפּט „איסטאָטשניק״?״ —
טוט אַ קרעכץ און טוט אַ פאַל...
טויט ליגט א י צ י ק דער „מאָלאָטשניק״
אויף אַ בינטל־היי אין שטאַל.

ווען אַריין אין שטאַל איז ד ב ו ר ה
שפּעט אין אָוונט מיט אַ ליכט,
זעט זי: ס׳קעלבל ס׳ניי־געבוירנס
לעקט דעם נפטר׳ס קאַלט געזיכט.

# ה. די לעצטע צוויטן

## 1. אַ סורפּריז

אַ יאָר פאַרביי — ווי זומער־שפּראַיען.
און פלוצים יואל קריגט אַ בריוו:
— „געדענקסטו נאָך אָדעסער ראַיאַ?
איך בין אַצינד אין תל־אביב.
איך בין געקומען אויף גאַסטראָליען.
איך וועל דאָ האָבן אַ קאָנצערט.
סורפּריז: אויך אונדזער זונדל טאַליאַ
האָב איך געבראַכט מיט זיך אַהער.
כּישלעפ־אום מיט אים זיך איבער לענדער.
ער איז אַ שיינער, וואוילער יונג.
ווייסט אפשר מיך נישט וועלן זען דאָ,
נאָר ווייסט דאָך וועלן זען דיין זון.
איך וואָלט געקומען קיין „אוריה",
נאָר כ׳ווייס נישט, צי כ׳וועל זיין אַ גאַסט.
איך שטיי דאָ אין „מלון מוריה",
אויף נומער דריי הלוי־גאַס." —

מיט פּיין און ווייטיק און פאַרדראָסן
האָט יואל דורכגעלייענט דעם בריוו:
— ׳איך פאָר נישט, — האָט ער פּעסט באַשלאָסן, —
׳מיט איר זיך זען אין תל־אָביב.
׳וואָס קומט דאָ פאָר: אַ וויסטער חלום,
׳צי גאָר אין מדבר אַ מיראַזש?
׳געבראַכט כ׳האָב אונדזער זונדל טאַליאַ...
׳וואָס איז עס וואַנזין, צי שאַנטאַזש?׳ —

ס׳דערמאָנט זיך יואל מיט פאַראיבל
די לעצטע נאַכט און ראַיאַ׳ס וואָרט:
׳פאַרגיב, דאָס קינד פון אונדזער ליבע
׳האָב איך גע׳פּטר׳ט דורך אַבאָרט.׳
איצט שרייבט זי מיר, ער טראַכט מיט שנאָה:
׳איך האָב אַ זון... וואו איז דער זין?
ער גיט אַ שטרעק דעם בריוו צו דינה׳ן:
— „דו זעסט, איצט האָב איך שוין צוויי זין!!" —
זי שטעלט זיך אָפּ אינמיטן חדר —
און לייענט רואיק ראַיאַ׳ס בריוו:
— „ווייסט, יואל, מאָרגן, בלי־נדר,
זי פאָרן זען אין תל־אָביב!" —

## 2. טויטע ליבע

זינט יואל לעצטנס איז געווען דאָ,
מיט איבער פינעף יאָר צוריק,
ווי ס'האָט זיך תל־אָביב געענדערט:
ער קאָן נישט זעטיקן דעם בליק.
וואו פריער, הינטער דער גימנאַזיע,
האָט זאַמד געהויפנט ביזן ים,
איצט בליען גרינלעכע אָאַזן
און ווייסע הייזער מיט אַ צאַם.
די גאַסן ציען זיך צו סקווערן.
פאַר'כישופ'ט שפּאַנען אום די פּים.
אין יואל'ס אויגן שטייען טרערן.
ער זעט, ווי ס'וואַקסט פאַר אים אַ ריז.
ער קאָן פון שטוין צו זיך נישט קומען:
ס'איז העלער פון דעם שענצטן טרוים.
ער שפּירט: עס בויט דערוואַכטע אומה
פאַר אַלע דורות זיך אַ היים.
ער לאָזט זיך שפּאַנען שנעלער, פעסטער.
אָט איז דריי־שטאָקיקער האָטעל.
געווען די שעה איז פון „סיעסטאַ",
ווען ער דערגרייכט האָט שוין די שוועל,
אין זויבערן „האָטעל" באַגעגנט
האָט אים אַ דאַמע — יונג, נאָר פעט.
ער קוקט אויף איר אַ קורצע רגע:
— „רוצה לראות מאַדאַם ד'אָרסעט!" —
און אויפן שוועל — מיט האָר, ווי האָניק,
אין בלויען קלייד, ווי היאַצינט,
באַווייזט זיך ראַיאַ — אַ מאַדאָנע,
אין שלאַנקע אָרעמס האַלט אַ קינד:
— „אַ דאַנק דיר, ליוליק, פאַר דיין קומען,
איך וואַרט אויף דיר דאָ צוויי מעת־לעת." —
ער שפּירט אין ווערטער אירע: אומעט,
געוואַג, הכנעה און פאַרמעסט.
מיט שלאַנקן אָרעם, פיין געכאָליעט,
זי פירט אים שטיל צו זיך אַריין:
— „זאָג, ווי געפעלט דיר אונדזער טאָליאַ?
איך שווער ביי גאָט, אַז ער איז דיין!
דערציילט האָב איך דיר לעצטן אָוונט,
אַז כ'האָב געמאַכט זיך אַן אַבאָרט,
געטריבן האָב איך דאַן קאָטאָוועס,
פאַרבאָרגן דאַן פאַר דיר די וואָר." —

און י ו א ל קוקט אויף דער מאַדאָנע
מיט קינד — און טראַכט מיט פרייד און גרויל:
— ‚מיין אויסגעהאַקט מאַנגאַליש פנים,
די הויכע סקולעס און דאָס מויל.‘
ער גיט דעם קינד אַ קוש אין שטערן:
— נו, זיי געגריסט, מיין זון — מיין בכור!
דו דאַרפסט זיך, ר אַ י אַ, מיר נישט שווערן —
איך גלויב, איך גלויב דיר אויפן וואָרט.״ —
ער זעצט אַוועק זיך אויף קושעטקע
און שטעקט די האַנט אין טאַש אַריין,
פילט-אָן די ליולקע פון „קיסעטקע“:
— „כ׳בין גרייט דיך אויסהערן, מיין פריינט!״ —

פון פיין אין ר אַ י אַ ׳ס בלויע אויגן
מע זעט: נישט דאָס האָט זי דערוואַרט...
זי שטייט — אַן אומעטיקער פויגל
אינמיטן צימער — שטום און שטאַר.
די דינע נאָזלעכער, ווי פליגל,
צעשפרייטן זיך אין הייסן וואַן.
זי לייגט אַוועק דאָס קינד אין וויגל
און גיט צו י ו א ל ׳ן אַ שפאַן:
— „אַ דאַנק דיר, וואָס האָסט אונדזער ט אַ ל י אַ ׳ן
דאָ אָנגענומען פאַר דיין זון.
איך זע, ווי קונציק שפּילסט די ראָליע —
ביזט האַרט און טראַציק, ווי טשוהון.״ —

די בלויע אויגן בליצן, בליצן
מיט כעס, מיט גרויל און מיט פאַרוויר:
— „כ׳בין נישט געקומען מאָנען שטיצע
פאַר אים, אַוודאי נישט פאַר מיר.
געהייראַט האָב איך דאַן מיט ס י ב ל ׳ע ן
און נאָך אַ יאָר אים אָפּגעג׳גט.
ס׳איז אַ מאַיאָנטעק מיר פאַרבליבן,
איצט טאַנץ איך ווידער אין באַלעט.״ —
און האַסטיק גיט זי זיך אַ טוליע
צו אים — —און אַ פאַרבים די ליפּ:
— „איך בין געקומען זען, צי ל י ו ל י ק
האָט טאַקע מיך שוין מער נישט ליב?
איך ווייס, געהייראַט האָסט מיט ד י נ ה ׳ ן,
אַ זון געבוירן האָט זי דיר.
אָ, גלויב, איך טראָג אויף איר קיין שנאָה:
זי איז בלויז גליקלעכער פון מיר...״ —

און ס׳נעמט אים אָן אַזאַ רחמנות
צו אָט־דער ליידנדיקער פרוי.
גלעט יואל אירע האָר ווי האָניק,
און רעדט מיט ווייטיק און פאַרטרוי:
— „ווער שולדיק איז אין דיינע ליידן?
כ׳גלויב, קיינער נישט, חוץ דיר אַליין.
אַליין צעשמעטערט די געביידע
פון אונדזער ליבע — שטיין נאָך שטיין...
צוואָס אַצינד דאָס אַלטע וועקן,
ווען טויט איז אונדזער ליבע־בונד?
איך ווייס נישט קלאָר, פאַר וועלכע צוועקן
דו האָסט געבראַכט מיר אונדזער זון.
נאָר כ׳נעם אים אָן. ער איז ווילקאָמען
מיט מיר צו בלייבן, אויב דו ווילסט.
כ׳וועל דאַרפן בייטן בלויז זיין נאָמען,
ווייל טאַליאַ קלינגט דאָ, ווי אַ גרילץ.
אויך איך מיין נאָמען האָב געענדערט:
ס׳איז ליוליק אַדלער מער נישטאָ —
נאָך וואָגל איבער פרעמדע לענדער
פאַרפלאַנצט זיך יואל נשר דאָ.״—
שפרינגט ראַיאַ אויף. אין אויגן אירע
די שנאה פלאַקערט, ווי אַ פאָן:
— „ביזט גרייט דעם זון שוין אַדאָפּטירן —
און וואָס וועסטו מיט מיר דאָ טאָן?
צי אפשר איז ביי אייך אַ מנהג, —
זי גיט אַ לאַך מיט אַ געקריי —
און ס׳קלינגט איר קול פאַרווירט און ציניש:
— „אַ מאַן זאָל האָבן ווייבער צוויי?
ביי מיר האָסטו גע׳פועל׳ט, נאָר דינה?
האָסטו ביי איר זיך אָנגעפרעגט?
ס׳קאָן זיין, זי וועט מיר נישט פאַרגינען
צו טיילן דיך — איר גאַנץ פאַרמעג!״—
* * *
און יואל קוקט אויף קינד אין וויגל:
— „אומזיסט דיין כעס׳ן זיך, אומזיסט!
כ׳וויל, ראַיאַ, זיך מיט דיר נישט קריגן:
צו־שפעט פאַרריכטן אונדזער ריס.
איך ווייס, איך בין נישט כולו־זכאי,
דו ביזט נישט כולו־חייב, כ׳ווייס.
נאָר אויסגעלאָשן איז דער פאַקל,
ס׳איז מער נישטאָ פאַר אונדז קיין טרייסט.

— „געוואַלט אַזוי האָט די השגחה,
ס׳זאָל קומען צווישן אונדז דער שניט.
ס׳קאָן ווערן טייל פון מיין משפחה:
דאָס יינגל — יאָ, די מאַמע — ניט.״ —
די אויגן צינדן זיך, ווי שנויצן,
זי ציטערט־אויף מיט גאַנצן לייב:
— „דעם אמת זאָג, ס׳האָט דיר די עצה
געגעבן דינה׳טשקאַ — דיין ווייב?״ —
גיט יואל זי אַ נעם ביים אָרעם:
— „ביזט, ראַיאַ, נישט גערעכט צו איר.
כ׳האָב נישט געוואָלט אַהערצו פאָרן,
ס׳האָט דינה מיך געשיקט צו דיר.
מיר זענען גרייט צו שענקן ליבע
און שוץ פאַר אייגן פלייש־און־בלוט...
און, ראַיאַ, דו? דו טראַכט זיך איבער —
וואָס וועסט באַשליסן, וועט זיין גוט.״ —
באַוויזן כוח צו געפינען
האָט זי צו זאָגן מיט אַ טרער:
— „איך לאַד דיך, ליוליק, איין מיט דינה׳ן
דעם שבויסענאַכטס צו מיין קאָנצערט!״ —

**3. יואל נשר געווינט אַ זון**

ווען ראַיאַ איז אַליין פאַרבליבן
נאָך יואל׳ס פיינלעכן באַזוך,
האָט האָס געמישט זיך מיט פאַראיבל,
פאַרדרוס גע׳כפל׳ט זיך אויף פלוך.
ס׳איז קלאָר געוואָרן איר ביז וואַנזין,
אַז אַלץ איז אוים, אַז אַלץ איז אוים,
און צייט איז איר שוין ענדלעך איינזען:
— ׳נישטאָ קיין טרייסט, נישטאָ קיין טרייסט!
׳שוין ווידער וויל ער מיך באַ׳גלז׳ען
׳און צונעמען ביי מיר דאָס קינד...׳ —
אָ, ניין! זי וועט דעם וויסטן מזל
אַנטקעגנשטעלן זיך אַצינד:
זי וועט מיט קינד אַוועק פונדאַנען,
פאַרזינקען, ווי אין ים — אַ שטיין,
און קיינער וועט נישט וויסן, אַנען,
וואו ס׳איז פאַרשוואונדן איר געביין.
און ס׳נעמט אין שלייפן נאָגלען, נאָגלען:
— ׳נו, גוט, איך וועל אַוועק אַצינד —
׳ווי וועל איך איבער לענדער וואָגלען,
׳אַ באַלערינע — מיט אַ קינד?

— 'איז אפשר בעסער ס'קינד דאָ לאָזן?
'דער פלאַן איז גאָרנישט אַזוי שלעכט...
'זאָל ער דאָ וואַקסן צווישן גראָזן.
'קאָן זיין, ס'איז ליוליק גאָר גערעכט.
'דערצו וועט צווישן מיר און ליוליק
'פאַרבלייבן שטענדיקער קאָנטאַקט...' —
זי גיט דאָס קינד צו זיך אַ טוליע:
'ס'איז נישט דער סוף נאָך, בלויז אַנטראַקט.' —

אויף שבת זענען זיי געקומען
קיין תל־אָביב צו דעם קאָנצערט.
דער עולם ראַיאַ'ן האָט מיט בלומען,
מיט רוישיקן אַפּלאָוז באַערט.
און ראַיאַ איז די ערשטע דינה'ן
אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז:
— „איך טראָג אויף דיר נישט מער קיין שנאה —
אַזוי געוואָלט האָט דער שיקזאַל.
עס האָט מסתם דערציילט דיר ליוליק, —
טוט פּלוצים ראַיאַ'ס קול אַ זונג:
— „איך האָב באַשלאָסן אָן תחבולות —
צו לאָזן דאָ מיט אייך מיין זון.

— „עס בויט ביי אייך זיך דאָ אַ לעבן,
אַ ריינס — אָן פּליטערלעך, אָן פּוץ.
זאָל אויך זיין גורל זיך פאַרוועבן
מיט אייך אין אַרבעט פון קיבוץ.
ווער ווייס, אַמאָל אויך איך וועל קומען
נאָך וואַנדער איבער לענד און שטעט
דאָס האַרץ דאָ ריינִיקן פון טומאָה,
אַ שולע עפּנען פון באַלעט." —

ס'איז ראַיאַ שוין אַוועקגעפאָרן
און גשר'ן געלאָזט איר קינד.
ס'וואַקסט אין קיבוץ דער ווייץ און קאָרן,
ווי ביימלעך, וואַקסן ביידע זין.
פאַרנומען יואל איז מיט טראַקטאָר,
מיט וואַכער שמירה פון קיבוץ.
ער לויערט אום איבער די טראַקטן
און גיט דעם גאַנצן עמק שוץ.
און ביי דער נאַכט — אין שטילן שטיבל,
פון זיסער פראַצע איינגעמידט,
האָט יואל גשר אָנגעשריבן
אויף אייגן לשון ס'ערשטע ליד:

## 4. די בויער פון לעבן

אַ לויב דעם דור פון מי און וואונדער,
וואָס די השגחה האָט געבענטשט:
ער זאָל אין אייזערנעם יאָרהונדערט
פאַרהיטן ווערדע פון דעם מענטש!
פון אַלע תפוצות, אַלע גבולן,
פון בייזער, שיקלדיקער וואָר,
דורך זינד און תשובה — צו גאולה
געקומען איז „געבענטשטער דור".
מיט קעפּ דערהויבן צו די היגלען,
מיט פיס פאַרוואָרצלט אין דער ערד,
ער האָקט מיט טרוים פון אָדלער־פליגלען
פון שטיין טעראַסן אין די בערג.

ער וואוינט אין ביידלעך און באַראַקן,
און זאַנגען שניידט ער מיט אַ ליד:
יווי שווער געווען איז דער צעהאַקער,
יאָר זיס, ווי האָניק, איז דער שניט!
פון קנעכטשאַפט לעצטער דור אין גלות,
פון אויסלייזונג דער ערשטער דור:
די וואָר פאַרוואַנדלט ער אין חלום,
פאַרוואַנדלט חלום ער אין וואָר.
אַ לויב די בויער פון דעם לעבן,
צו דעם „געבענטשטן דוריי אַ לויב:
דורך טייכן בלוט און שווייס און שוועבל
האָט ער פאַריעקשנט זיך: — „איך גלויב!" —

און אויסגעקריצט די עלפטע דיברה:
— „האָב ליב דיין לאַנד, ווי זיך אַליין!" —
און העכער נאָך: — „דיין לאַנד האָב ליבער,
ווי ליבסט דאָס אייגענע געביין!" —
זאָל זיין געבענטשט יצירה־כוח,
דער גייסט דער יידישער, וואָס בויט:
מיט ליד און טראַקטאָר און מיט מוח
אַן אייגן לאַנד — דורך פּיין און פרייד.
אַ לויב דער אומהיס נצח־קשר!
און זאָל געבענטשט זיין סיהוויזגעזינט
פון דעם משורר יואל נשר,
זיין ווייב און זיינע יידע זין!

יולי 2, 1956 — מאַרט 20, 1958.